# ירושלים

## אין שאָטן פֿון שווערד



אַ. ראובני

A. REUVENI

# *YERUSHALAYIM IN SHOTN FUN SHVERD*
# JERUSALEM IN THE SHADOW OF THE SWORD




תשכ"ג — ניו־יאָרק — 1963

*Published by*
DER KVAL, I. LONDON, *Publisher,* NEW YORK, N.Y., U.S.A.

MANUFACTURED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
BY MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK

עס איז אַ לויבנסווערטער געדאַנק אַרויסצוגעבן אין ייִדיש איינעם פֿון די וויכטיקסטע ראָמאַנען פֿונם באַוווּסטן העברעיִשן שרײַבער אַהרן ראובני.

עס איז שוין די העכסטע צײַט, אַז דער ייִדיש־לייענער זאָל האָבן אַ צוטריט צו די ווערק פֿון א. ראובני, און קודם כּל צו זײַנע בעלעטריסטישע ווערק.

אין זײַנע פֿינף גרויסע ראָמאַנען און צענדליקער דערציי־לונגען ווערן געגעבן שטיקער ייִדיש לעבן פֿון צײַטן, וואָס זײַנען שוין הײַנט אַ היסטאָרישע פֿאַרגאַנגענהייט. דער אויטאָר באַשרײַבט געשעענישן און איבערלעבונגען, זײַנע אייגענע און אַנדערע, צו וועלכע ער איז געווען אַ שותּף

און אַ נאָענטער עדות: אין רוסלאַנד און סיביר, אין אָנהייב פֿון דעם איצטיקן יאָרהונדערט; אין אַמעריקע מיט אַ פֿופֿציק יאָר צוריק; און בעיקר און מער פֿון אַלץ אין ארץ ישׂראל, וווּ ער וואוינט און אַרבעט שוין העכער פֿופֿציק יאָר, אין יענער ארץ ישׂראל, וועלכע האָט זיך געמאַטערט און געפּלאָגט אונטער דעם יאָך פֿון די פֿריער־דיקע, אָטאָמאַנישע און בריטישע, רעזשימען, געגן וועלכע עם האָבן העלדיש געקעמפֿט און זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כּוחות — צוויי דורות נאָכאַנאַנדער — צו געבוירן די מדינה — מדינת ישׂראל.

דער ראָמאַן „ירושלים אין שאָטן פֿון שווערד" מאָלט אוים אין ברייטע און טיף אַרייַנדרינגענדיקע בילדער די שווערסטע יאָרן פֿון דער גרויסער טראַגעדיע, וואָס ירושלים האָט איבערגעלעבט אין דער צייַט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין שטראָם פֿונם ראָמאַן מישן זיך אוים אין מאָדנע צוזאַמענזעצונגען, ווי אין שטראָם פֿונם דעמאָלדיקן לעבן, שטאָט און מדבר, קליינע יידישע קולטור־אינזלען אין דער ענדלאָזער ווילדערניש, וואָס רינגלט זיי אַרום, געאָגראַפֿיש און גייַסטיק.

י. יקיר

# II

דאָבערמאַנס הויז האָט מיט זיך אָנגעהויבן אַ שורה פֿון אַ וואָסערע צוואַנציק הײַזער. פֿון איין זײַט, בײַם וועג, איז די שורה געלאָפֿן גלײַך, ווי אָפּגעמאָסטן מיט אַ שנירל. פֿון דער אַנדערער זײַט האָט זי זיך געדרייט און געבראָכן, ווײַל אַ טייל פֿון די הײַזער זענען אַרויסגעקראָכן פֿאָרויס מיט זייערע הויפֿלעך און קעמערלעך. די אַנדערע ווידער האָבן זיך אַרײַנגעקוועטשט אינעווייניק און האָבן אויסגעזען, ווי נישעס אין אַראַבישע שטיבער.

די שורה הײַזער האָט זיך אויסגעלאָזן מיט אַ ציכטיק אײַנגעאָרנדיק שטיבל, וואָס האָט פֿון פֿאָרנט געהאַט אַ קליין הייפֿל מיט אַ גערטנדל און איז געווען אַרומגעצאַמט מיט העל־בלוי געפֿאַרבטע הילצערנע שטאַכעטן. ווײַטער האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ ברייטער נישט באַבויטער פּלאַץ, ווו קינדער האָבן זיך געשפּילט און ווו אַראַבישע פּאַסטוכער־ייִנגלעך האָבן געפּיטערט ייִדישע שאָף און ציגן. אַ שטיק פּוסטע פֿעלד איז דאָס געווען, וואָס האָט אָפּגעטיילט די שכונה פֿון די אַנדערע אין דער סבֿיבֿה.

אַנטקעגן דאָבערמאַנס הויז איז געווען אינגאַנצן ליידיק. פֿון דרײַ זײַטן איז זי געווען אַרומגערינגלט מיט פֿעלדער און ליידיקע פּלעצער, פֿאַרזייט מיט ווילדע פֿעלדזן־שטיינער, און זי האָט אויסגעזען, ווי אַ האַלב־אינדזל אין אַ מענטשלעכן ישובֿ. פֿון דער פֿערטער זײַט איז געלאָפֿן אַ ברייטער, נישט ברוקירטער וועג, וואָס האָט פֿאַרייניקט די שכונה, ווי אַלע איבעריקע שכונות, מיטן גרויסן יפֿוער וועג. פֿון וועג אַראָפּ איז געלעגן אַ טיפֿער און ברייטער טאָל, אָפּגעטיילט מיט שטיינערנע פּאַרקאַנעס אין עטלעכע חלקים. די חלקים האָבן געהערט צו שטאָטישע בעלי־בתּים, ייִדן און נישט־ייִדן. די בעלי־בתּים האָבן זיי פֿאַרדונגען צו איינצלנע פֿעלאַכן פֿון די נאָענטע דערפֿער, וועלכע פֿלעגן קומען אַהער אַקערן, זייען און שנײַדן די תּבֿואה.

אויפֿן באַרג, וואָס אויף יענער זײַט טאָל, זענען ווידער געשטאַנען צעוואָרפֿן ייִדישע הייזער. יעדער געסל, יעדע פּאָר געסלעך האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ באַזונדערע שכונה, מיט אַ באַזונדערן נאָמען. די שכונה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דאָבערמאַנס הויז, האָט געהייסן „נחלת יהודה", נאָכן נאָמען פֿונעם אַלטן דאָבערמאַן, דעם זיידן פֿון איצטיקן בעל־הבית, וואָס

האָט מיט פֿערציק יאָר צוריק אָפּגעקויפֿט דעם גאַנצן לידיקן פּלאַץ און אָוועקגעשטעלט דעם גרויסן בנין. פֿון אים האָבן שוין די איבעריקע בעלי־בתים אויסגעקויפֿט זייערע חלקים.

דאָבערמאַנס הויז איז געשטאַנען אין מיטן פֿון אָט דער רחבֿות, ווי אַ סימבאָל פֿון דער אײַנגעוואָרצלטער, זיך אַליין באַגרענעצנדער ייִדישער דחקות. דאָס הויז איז געווען הויך — צוויי מיט אַ האַלבן גאָרנס, ברייט, פּירקאַנטיק, און אַזוי אַרומגעבויט פֿון אַלע פֿיר עקן, אַז פֿון ערשטן קוק איז שווער געווען צו טרעפֿן, ווו מען גייט אַרײַן אינעווייניק. פֿון דרויסן האָט דאָס הויז אויסגעזען אַלט און אָפּגעקראָכן. די וואַנט וואָס צו מערבֿ־צו איז געווען אַרומגעשלאָגן, ווי פֿאַרלאַטעט, מיט שטיקלעך בלעך פֿון פֿאַרשיידענער גרויס און פֿון פֿאַר־שיידענע קאָלירן — אַ שוץ קעגן די קאַלטע ווינטן און רעגנס, וואָס שמײַסן פֿון יענער זײַט.

אַרום די פֿענצטער און טירן פֿון די דירות, וואָס אויפֿן אייבערשטן גאָרן, זענען געהאָנגען הילצערנע באַלקאָנעס, געמאַכט פֿון שטאַכעטן און אונטער־געשפּאַרט מיט שוואַרצע פֿאַרזשאַווערטע אײַזערנע רעלסן. די אונטערשטע דירות זענען געווען ווי אַרײַנגעזונקען אין דער ערד. זייערע פֿענצטער זענען געווען אַרומגעקראַטעוועט מיט אײַזערנע ריטער און האָבן אַרויסגעשטעקט אויף איין הייך מיטן באָדן פֿון דער גאַס. די פֿאַרבײַגייער האָבן געזען בײַ זיך צופֿוסן, אין דער מיט פֿון וועג, פֿינצטערע לעכער, איבערגעצאַמטע מיט אײַזערנע קראַטעס, און נישט אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָס זענען נישט קיין קעלערס, ווו מען האַלט האָלץ און אַלערליי אָפּגענוצטע אַלטוואַרג, נאָר מענטשלעכע וווינונגען, אין וועלכע עס זיצן אַ סך משפּחות און ווו מענטשן ווערן געבוירן, וואַקסן אויס, האָבן קינדער און שטאַרבן.

אין הויף איז מען אַרײַנגעגאַנגען מיט אַ שמאָלן גאַנג, ווו עס האָט געשלאָגן אין נאָז אַ שאַרפֿער און זויערלעכער ריח פֿון עיפּוש, וואָס איז זיך דאָ אײַנגעשטאַנען פֿון יאָרן און דורות. רעכטס פֿון אײַנגאַנג זענען געהאַנגען דרײַ טירלעך פֿון אָפּטריטן, האַלב אָדער אויף דרײַ פֿערטל פֿאַרמאַכטע, מיט קויטיק־געלע שטרעמעלעך אָנגערונען אונטער זיי. די וואַנט אַנטקעגן איז געווען שטויביק און פֿאַרוועבט מיט שפּינוועבס, און אָפֿט אויך באַנעצט דורך די פֿאַרבײַגייער, וואָס האָבן זיך געפֿוילט אָדער געעקלט אַרײַנצוקומען אין די קעמערלעך, וואָס אין דער אַנדערער וואַנט. מען האָט געדאַרפֿט גיין מיט פֿאַרזיכטיקייט דורכן שמאָלן גאַנג, וואָס האָט געפֿירט אין הויף אַרײַן. אין הויף אַליין האָט מען ערשט געדאַרפֿט גוט קוקן ווו מען שטעלט אַ פֿוס, ווײַל דער ברוק מיט די שטיינער איז שוין לאַנג געווען אָפּגעריבן און מען האָט גרינג געקענט זיך אויסגליטשן און פֿאַלן.

פֿון מיטן הויף איז מען מיט הילצערנע סקריפּענדע טרעפּ אַרויף צו די קאָרידאָרן פֿונעם אייבערשטן גאָרן. דאָ איז ווײַטער געווען אַ טעראַסע און

אויף איר עטלעכע קעמערלעך פֿאַר די איבערשטע שכנים, און ס'האָט ווידער געשלאָגן אין נאָז דער זעלביקער שאַרף־זויערדיקער ריח, וואָס אונטן, ביים אַריינגאַנג אין טויער.

עס איז געווען שבת, אַ זייגער דריי נאָך האַלבן טאָג. די ערשטע שווערע ווינטער־רעגנס זענען אָקאָרשט אַריבער, די קאַלטע ווינטן האָבן זיך אַ ביסל איינגעשטילט, עס האָט ווידער אַרויסגעשיינט די וואַרעמע זון. אין דרויסן איז נאָך געווען נאַס און בלאָטיק. דער שטיק וועג, וואָס לעבן הויז, איז געווען אינגאַנצן פֿאַרפֿלייצט מיט אַ שיטערער קויט. די שטיינער און שטיינדלעך האָבן אַרויסגעשטעקט פֿון דער בלאָטע, ווי קליינע אינדזעלעך פֿון פֿעסטן לאַנד, און די גייער זענען ווו מעגלעך געשפּרונגען פֿון איין שטיינדל אויפֿן צווייטן. אין הויף אָבער האָט מען גאַרנישט געמערקט די פֿאַרגאַנגענע נאַסע צייט. די שטיינער פֿון הויף האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעטריקנט. נאָר ווו נישט ווו אין אַ ווינקל האָט זיך נאָך געשפּיגלט אונטער די שטראַלן פֿון דער זון אַ קליין גריבל וואַסער.

די טירן פֿון די שטיבער זענען געווען אָפֿן צום געדעקטן קאָרידאָר, וועלכער איז געלאָפֿן אַרום דעם גאַנצן הויף פֿון אינעווייניק. די דירות זענען געווען קליינע, צוויי־דריי צימערלעך אַ דירה. זיי זענען געלעגן אַ טיר לעבן אַ טיר, אָן הפסקות, און זענען געווען געדיכט באַזעצט פֿון קרעמער, בעל־מלאכות, לאַטוטניקעס, שמשים און מלמדים — קליינע מענטשעלעך מיט גרויסע משפּחות. קינדער אין גראָבע, אָפּגעריסענע און פֿאַרלאַטעטע מאַנטעלעך, מיט פּאַטשיילקעלעך אַרום האַלדז זענען אַרומגעקראָכן אין אַלע ווינקעלעך פֿונעם ברייטן קאָרידאָר. מיידלעך פֿון פֿערצן־פֿופֿצן יאָר זענען געשטאַנען צו צוויי, צו דריי, גלאַנצנדיק מיט די אייגלעך, פֿריש באַוואַשענע פֿון די זונען־שטראַלן, מיט די נייע ראָזעווע, גרינע און העל־בלויע סטענגעלעך אין די דינע צעפּלעך. די עלטערן און די עלטערע בכלל זענען געזעסן ביי די אָפֿענע טירן און געשמועסט מיט די שכנים, מיט געקומענע געסט און קרובֿים, אָדער אַריין אין שטוב טרינקען דעם שבת־נאָך־מיטאָגדיקן טשאַלנט־טיי.

אין ווינקל פֿון קאָרידאָר, צו דער לינקער זייט פֿון די אַרויסגאַנגס־טרעפּ, איז געזעסן ביי דער טיר פֿון איר ווױנונג די אַלמנה מענע וועטשטיין, אַ ייִדענע פֿון אַ יאָר עטלעכע און פֿערציק, אַ הויכע, אַ ברייטע, מיט אַ ברייטן פּיר־קאַנטיקן קאָפּ, מיט ברייט קוקנדיקע, אָבער ווייניק באַלעבטע אויגן. איר פּנים איז געווען טרוקן און איינגעפֿאַלן אין קנייטשן, עפּעס אַ שטעמפּל פֿון לאַנגן ליידן אָדער פֿון שטאַרקער אויסגעמאַטערטקייט איז געלעגן אויף אים און האָט זי געמאַכט אויסזען עלטער ווי זי איז געווען. אין דער צווייטער ייִדענע, וואָס איז געקומען זי געווויר ווערן, האָט מען גלייך דערקענט, אַז ס'איז אירע אַן אייגענע, כאָטש פֿון ערשטן קוק איז שווער געווען צו זאָגן, אַז דאָס זענען צוויי לייבלעכע שוועסטער. עלקע די קצבֿטע איז געווען עלטער

פֿאַר מענען מיט אַ יאָר זיבן אָדער אַכט, אָבער זי האָט אויסגעזען פֿרישער און געזונטער ווי איר שוועסטער די אַלמנה. אין וווקס איז זי געווען נידעריקער, איר פּנים איז געווען גראָב און פֿליישיק רויט און אין די ברייטע, ווי בײַ דער שוועסטער אויסגעגלאָצטע בהמהשע אויגן האָבן געשוימט בייזע פֿײַערלעך. נאָך די אויגן, נאָך דער ברייט־פֿליגלדיקער נאָז און פּירקאַנטיקן קאָפּ האָט מען דערקענט איןביידן דעם אייגענעם משפּחה־פּורעם.

זיי האָבן גערעדט וועגן זייערע מענער און קינדער. מענע האָט מיט איר רויִקן איינטאָניקן קול, וואָס איז געווען געלאָדן מיט אַן אײַנגעהאַלטענער באַליידיקטקייט, נאָך אַ מאָל דערציילט פֿון די צרות און אומגליקן, וואָס האָבן זי געטראָפֿן אין די לעצטע חדשים. עלקע האָט דאָס נאָך אַ מאָל אויסגעהערט, גלײַך ווי דאָס וואָלט געווען אַ נײַעס פֿאַר איר.

— קום שוין אַרײַן אין שטוב, מענע, — האָט זיך עלקע אָפּגערופֿן. — איך האָב זיך שוין גענוג אָנגעוואַרעמט בײַ דער טײַערער זון און דורכגענעצט די פֿיס אין דער בלאָטע, וואָס אַרום אײַך. אַ דאַנק גאָט, וואָס נישט דערטרונקען געוואָרן גייענדיק אַהער — הלוואי אויף אַלע אונדזערע שונאימס קעפּ, אַז קיין וואַרעמערע זון און קיין קלענערע בלאָטע זאָלן זיי קיינמאָל נישט זוכה זײַן צו זען — וויל איך זיך איצטער אָפּקילן אַ ביסעלע אין שטוב.

— זיץ נאָך אַ ווײַלינקע, — האָט זיך אָפּגערופֿן מענע.

איר איז נישט געווען קאַלט. זי איז זיך אײַנגעזעסן אויפֿן אָרט און ס׳האָט זיך איר נישט געוואָלט רירן דעם קראַנקן פֿוס. זי איז געווען געוווינט צו עלקעס גראָבן קול, צו איר בייזער און אויסלאַכנדיקער צונג, וואָס האָט קיין מאָל פֿון קיין רו נישט געוווּסט. פֿון ווען זי האָט זי געדענקט איז זי אַלע מאָל געווען אַ שלעכטע, האָט אַלע מאָל אַלעמען באַרעדט, האָט כּסדר געטראַכט נאָר פֿון זיך, געפֿרעסן צעזעצטערהייט, אַ קינד נישט געגעבן פֿון איר ביסן, און האָט אַלע מאָל געהאַט אַ טריפֿענעם מזל. געזונט ווי אַ גוי, דער מאַן, עקיבא, אַ קצבֿ, אַ פֿאַרדינער, מיט אַ יאַטקע, דער זון אויך. דערצו זענען זיי אונגאַרישע, האָבן אַ גוטע חלוקה, ווייסן נישט פֿון קיין מלחמה, פֿון קיין מיליטער־דינסט, פֿון קיין צרות, פֿון קיין וויסטע חלומות.

מענע האָט אַ קרעכץ געטאָן.

די הצלחה פֿון דער עלטערער שוועסטער האָט זי גענאָגט, ווי אַ וואָרעם, פֿון קינדווײַז אָן און האָט אין איר אויפֿגעהאָדעוועט אַ געפֿיל פֿון קנאה און באַליידיקטקייט. עלקע איז נאָך מיידלווײַז געווען מער בריה, אַ שרײַערקע, אַ קריכערקע, אין אַלץ געשטופּט די נאָז, אומעטום געווען די ערשטע, פֿאַר איר פּיסק האָבן אַלע מורא געהאַט. דעם ערשטן מאַן אליקום האָט זי אָפּגעגעט באַלד ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זײַן קרענק איז אַ פֿאַרשלעפּטע קרענק און געזונט ווערן קען ער שוין נישט. און דערנאָך, ווען זיי זענען אַריבערגעפֿאָרן אַהער קיין ירושלים האָט זי גענומען דעם קצבֿ עקיבֿא, דעם

אונגאַרישן, און לעבט אַ חזירשן טאָג. און זי, מענע, האָט געגומען אַלטערן, איר צו לאַנגע יאָר. וואָס איז ער געווען? אַ שמש אין אַ בית־המדרש, אַ טײַערע מציאה — זאָל ער אויף איר קיין פֿאַריבל נישט האָבן דאָרטן! זאָל ער איז מוחל זײַן און זײַן דאָרטן אַ גוטער בעטער פֿאַר איר מיט די קינדער... זאָל ער נאָר נישט פֿאַרגעסן, אַז ער האָט זי איבערגעלאָזן אַ וויסטע אַלמנה, אַ קראַנקע, מיט אַ געשוואָלענעם פֿוס און מיט צוויי גרויסע מיידן און אַ זון . . . אוי וויי, וואָס איז פֿון אים געוואָרן, פֿון לייזערן! און דעם אַלטן טאַטן זײַנעם האָט ער געלאָזן בײַ זיי אויפֿן קאָפּ . . . דאָס זאָל ער נאָר נישט פֿאַרגעסן דאָרטן!...

— קום אַרײַן, מענע, — האָט זיך אַ הייב געטאָן פֿון שטול עלקע. — דו קוק נישט, וואָס איך בין אַזוי אָפּגעשלאַפֿט — פֿאַרשטאָפּן זאָל מען די מיילער מיט ערד — ווער ס׳פֿאַרגינט מיר נישט! אַ שטיק פֿלייש, מיינסטו? איך בין אויך געבוירן געוואָרן אַן אײדעלע, אַ דעליקאַטע אויפֿן לײַב בין איך, אַ פֿילנדיקע צו קעלט. דער קלענסטער ווינטל נעמט מיך דורך. די ראָלאַנדע, זעסטו, איז אַ טײַערע ראָטאָנדע, דרײַ גילדערנע גאַפּאָלעאָנס געקאָסט, בײַ אַן אַמעריקאַנערקע אָפּגעקויפֿט, אַ וואַרעמע, אַ שווערע — גאָרנישט פֿאַר מײַנע כּוחות צו שלעפּן זי . . . און ס׳איז מיר קאַלט: אַזאַ מין דעליקאַטנער געזונט איז בײַ מיר! . . . ס׳איז אַ שטאָט . . . נו, נו! שטיינערנע שטיבער, אָן אויוונס, אַזוי ווי שטאַלן פֿאַר פֿערד . . . און אַז בײַ מיר איז שוין יאָ געווען אַ קליין אויוועלע אויף קוילן איז זינט די וויסטע מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן איז קיין קוילן נישטאָ. און פֿאַר האָלץ — קויף אַן אַנדער אויוועלע . . . און דערנאָך וועט קיין האָלץ נישט זײַן צו קריגן . . . בײַ אונדז אין קאָראַלקאָוואָ — געדענקסט, מענע, מיר פֿלעגן זיך אַלע אַרומזעצן אַרום דעם גרויסן קאַכל־אויוון און אין אויוון פֿלעגט קנאַקן! און דאָ? — אַ שטאָט, פֿריר ווי אַ ווילדע חיה אין וואַלד . . . מענע, וועסט מיר געבן אַ גלעזל וואַרעמע טיי, אָדער איך גיי אַוועק... איך בין שוין גאָר אַ דערפֿרוירענע!

מענע האָט ווי אַלע מאָל אויסגעהערט מיט אַ געפֿיל פֿון פֿאַרדרוס און באַליידיקונג די רייד פֿון איר שוועסטער: „אַ דעליקאַטנער מענטש . . . די ראָטאָנדע איז צו שווער . . . דרײַ גילדערנע נאַפּאָלעאָנס . . . שטיק פֿלייש, וואָס דאָס איז! נאָר וואָס עס פּלאַצט נישט, פּלאַצן זאָלן אַלע שונאי־ישׂראל!" נאָר זי האָט דעם כּעס באַהאַלטן טיף אין האַרצן. איצט האָט אַוודאי נישט געלוינט צו קריגן זיך מיט דער קצבֿטע. אַ שטיקל פֿלייש פֿלעגט איר דאָך אַריבערפֿאַלן אויף שבת — אַפֿילו ווען זי האָט נישט געהאַט קיין מזומנים צו באַצאָלן גלײַך אויפֿן שטעל.

— וואָס אײַלסטו זיך, עלקע, — האָט זי געזאָגט מיט אַ פֿרײַנדלעך־זויערלעכן קול, — ס׳איז דאָ טיי, הייסער טיי, אַ מחיה! . . . אסתּרקע! . . . ווו איז די מויד? אוי וויי, מײַנע צרות, אוי־אוי־אוי!

זי איז קרעכצנדיק אויפֿגעשטאַנען פֿון בענקל.

עלקע האָט שוין געהאַט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין טיר און איז גלײַך צוריק צוגעלאָפֿן צו מענען:

— זי זיצט דאָך בײַ אים, בײַם סטאָליער, דײַן אסתּרקע, — האָט זי גענומען שושקען אויף גיך, שטעכנדיק די שוועסטער מיט אירע בייז־שוימענדיקע אויסגעגלאָצטע שוואַרצע אויגן, — בײַ אים אין צימער, אויפֿן בעט, איינע לעבן די אַנדערע, ווי די קאָטינקעס, מײַנע אויגן האָבן דאָס אַליין געזען . . . און ער האָט זי נאָך אָנגענומען בײַם בוזעם . . . אָט אַזוי־אָ — מיט אַלע פֿינף פֿינגער אַרײַנגעפּאַרן.

דאָס לעצטע ווערט אַרומנעמען האָט זי צוגעטראַכט אויף דער הייסער מינוט, אויס כּעס, וואָס מענע נעמט זיך אַזוי ווייניק צום האַרצן דאָס וואָס זי דערציילט.

— מילא, ער איז אַ בחור, וואָס אַרט דאָס אים? — האָט עלקע ווײַטער גערעדט, — אָבער אַ מויד, וואָס ווייס נישט ווי זיך אָפּצוהיטן — טפֿו זאָל דאָס זײַן! און חיהקע וועט נאָך בלײַבן זיצן, אויף מײַן וואָרט, עס פּאַסט גאָר נישט, אַז די קלענערע זאָל אַרויסשפּרינגען פֿאַר דער עלטערער!

— איך ווייס דען וואָס דאָ טוט זיך! — האָט מיט אַ מאָל געפּלאַצט מענע.

נאָר באַלד האָט זי זיך צוריקגעהאַלטן, פֿון געוווינהייט זיך אײַנצוהאַלטן, ווען עס האָט בײַ איר געקאָכט אינעווייניק. דערצו איז נאָך געווען די מורא, אַז דער סטאָליער זאָל דאָרטן נישט דערהערן, און זי האָט ווידער גערעדט מיט איר פֿריערדיקן איינטאָניקן קול:

— וואָס חיהקע! אַז יענע . . .

— וואָס דען, חיהקע? — האָט נײַגיריק געפֿרעגט עלקע.

מענע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— איך ווייס וואָס? — האָט זי געזאָגט מיט רוגזה. — איך זע זי דען? אַז יענע האָט זיך גאָר אָפּגעשלאָגן פֿון הויז . . . אוי, אין דר׳ערד זאָל דאָס שוין אַלץ גיין! . . . אַלע מײַנע צרות זאָלן זיך אויסלאָזן צו מײַנע שונאימס קעפּ!

— און ווער עס מיינט מיר שלעכטס זאָל אַליין נישט זען קיין גוטן טאָג אין זײַן לעבן! — האָט בייז געזאָגט עלקע.

— וואָס עפּעס דיר? ווערט טשעפּעט דיך?

— און ווער טשעפּעט דיך?

ביידע שוועסטער האָבן זיך אָנגעקוקט אַ ווײַלע מיט אַ קאַלטער פֿײַנט־לעכקייט. מענע האָט די ערשטע נאָכגעגעבן. זי האָט אויסגעקרימט די ליפּן אין אַ זויערלעך־זיסן שמייכל:

—קום זשע אַרײַן, עלקע . . . אסתּרקע! וווּ איז זי דאָרטן, די מויד . . . זע, ווי מען קען זי זיך נישט דעררופֿן! אסתּרקע, די מומע וויל אַ גלאָז טיי! . . .

זיי זענען אַרײַן אין שטוב.

# 2

די דירה זייערע האָט געהאַט דרײַ צימערן. באַלד בײַם אַרײַנגאַנג אין דער ערשטער שטוב איז געווען אַ טיר לינקס, וואָס האָט געפֿירט אין אַ קליין חדרל, און גלײַך אַנטקעגן דער אַרײַנגאַנגס־טיר האָט זיך געזען די טיר פֿונעם צווייטן הינטערשטן צימער, וואָס האָט אויך געהאַט אַ באַלקאָן צו דער גאַס. די דירה איז געווען אַ ביסל ענג פֿאַר דער משפּחה ווײַטשטיין, אָבער אַמאָל — בײַ אַלטערס לעבן און אײדער מען האָט דעם זײַטיקן צימער פֿאַרדונגען — האָט מען זיך דאָ אײַנגעגעסטעט נישט שלעכט. אַלטער מיט מענען זענען געשלאָפֿן אין הינטערשטן צימער, און בײַ טאָג איז ער געווען אײַנגעריכט ווי אַ סאַלאָן: אין מיטן איז געשטאַנען אַ שוואַרצער קײַלעכדיקער טיש, איבערגעדעקט מיט אַן אויסגענייטן טישטוך מיט גאָלדענע פֿרענדזלען. אויפֿן טיש איז געשטאַנען אַ לאָמפּ מיט אַ בלויער קולבע. רעכטס פֿון טיש — אַן אַלטער קאָמאָד, און אויף אים אַ וועקער, אַ שפּיגל פֿאַר די מיידלעך, פֿאָטאָגראַפֿישע קאַרטלעך פֿון דער משפּחה. אויף איין וואַנט איז געהאָנגען אַן אויסגענייט בילד פֿון דער מוטער רחלס קבֿר מיט הירשן און לייבן און מיט דער אויפֿשריפֿט: „רחל מבֿכּה את בניה". די צוויי ברייטע הילצערנע בעטן, וואָס זענען געשטאַנען לינקס פֿון טיש, בײַ דער וואַנט, וואָס אַנטקעגן דעם קאָמאָד, זענען געווען ציכטיק פֿאַרבעט און איבערגעצויגן מיט ראָזעווע קאָלדרעס, און מען האָט געקענט זיצן אויף זיי ווי אויף ווייכע סאָפֿעס. דער זײַטיקער חדר איז געווען דעם זיידנס, ר' זלמנס, אַלטערס פֿאָטער. מיט אים איז געשלאָפֿן דער אייניקל לייזער. דער פֿאָדערשטער צימער איז געווען דער שלאָפֿצימער פֿון די מיידלעך, און בײַטאָג דער עס־צימער.

אַלטער, איר מאַן, איז געווען אַ שמש אין דער ישיבֿה „עץ הדעת". צו דעם האָט ער געהאַט נאָך זײַטיקע פּרנסות: פֿון כּולל, פֿון ליכט, פֿון תּהילים־זאָגן. מען האָט געקענט דורכקומען. די מיידלעך האָבן אַפֿילו אויך פֿאַרדינט — ביידע זענען געווען שנײַדערקעס — נאָר דאָס איז געגאַנגען זיי אויף קליידלעך און שיכלעך, און אין חשבון פֿון אויסהאַלטן דאָס הויז האָט מען דאָס נישט אַרײַנגענומען. לייזערקע, דער יינגל, האָט זיך געלערנט אויף אַ זייגערמאַכער. געווען איז ער בײַם זייגערמאַכער אַ יאָר דרײַ און סוף כּל סוף

האָט מען נאָך אַלץ נישט געוווּסט ווי מען האַלט מיט אים אין דער וועלט, צי ער האָט זיך עפּעס אויסגעלערנט. אַלטער וועטשטיין האָט זיך שוין געבראָכן דעם קאָפּ ווי אַזוי אַרויסצוקריגן פֿון כּולל אַ הלוואהלע פֿאַר לייזערקען, ער זאָל קענען עפּענען פֿאַר זיך אַ קליינטל, נעמען פֿאַרריכטן זייגערלעך, חתונה האָבן, ווערן אַ מענטש . . . מיט אַ מאָל איז אונטערגע־שפּרונגען די מלחמה און געמאַכט אַ תּל פֿון אַלע זײַנע פּלענער, און פֿון דעם גאַנצן גאַנג פֿון זייער מיט אַזוי פֿיל מי און זאָרג אײַנגעשטעלטן לעבן. עס איז געווען דאָס אייגענע, וואָס מיט אַ סך אַנדערע משפּחות אַרום זיי.

צוערשט האָט מען צוגענומען לייזערקען פֿאַר אַ סאָלדאַט. עס איז געווען אַ קלאָג און אַ בראָך אין שטוב. מען האָט אים מיטגעגעבן דאָס גאַנצע געלט, וואָס איז געווען אין שטוב, און ס'איז נישט געבליבן אויף דער הוצאה. פֿון אים זענען אָנגעקומען פֿאַרצווייפֿלטע בריוו: מען זאָל אים ראַטעווען, אויס־קויפֿן און מען זאָל אים שיקן נאָך געלט. אַלטער איז געווען אַ רויִקער ייִד, אַ באַטראַכטער און אַ שטאָלצער. ער איז אָפּט געווען גוט אויפֿגעלייגט און באַרעדעוודיק. ער האָט ליב געהאַט דערציילן אַ מעשׂה, זאָגן אַ וויץ — און דערבײַ האָט זײַן פּנים געשטראַלט מיטן תּענוג, וואָס איינער האָט, ווען ער פֿילט, אַז ער שטייט פֿעסט אויף זײַנע פֿיס. אַצינד איז ער געוואָרן אַ שווײַגער, אויפֿן פּנים איז בײַ אים געלעגן אַ וואָלקן. ער האָט זיך אונטער־געבויגן. פֿון איין גוטן ברודער צום אַנדערן, פֿון איין אַנשטאַלט צום צווייטן איז ער געגאַנגען בעטן הלוואות אויף אויסצוקויפֿן זײַן זון פֿון די גוייִשע הענט. מען האָט אים צוגעזאָגט. ער איז שוין געווען כּמעט זיכער מיט די פּופּציק נאַפּאָלעאָנס, ווען אַ נײַער אומגליק האָט צעשטערט זײַן גאַנצע אַרבעט: מען האָט אים אַליין אויך גענומען פֿאַר אַ סאָלדאַט. ער איז נאָך נישט אַלט געווען קיין פֿינף און פֿערציק יאָר — און דאַן האָט מען שוין גערופֿן צום דינסט אַלע אָטאָמאַנער ביז דעם עלטער. דעמאָלט האָבן זיך שוין אַ נעם געטאָן מענע מיט עלקען, מיט איר מאַן, עקיבֿא דעם קצבֿ. אין איינע פֿיר טעג האָט מען געשאַפֿן די פֿופּציק נאַפּאָלעאָנס, וואָס זענען געווען נייטיק אויף אויסצוקויפֿן זיך פֿון דינסט — דאָס געלט, מיט וועלכע אַלטער האָט געמיינט אויסלייזן זײַן זון — און מען האָט אים באַפֿרײַט. אָבער פֿון דער קאַזאַרמע איז ער געקומען אַ צעבראָכענער און טויט־קראַנקער מענטש. דער קין איז בײַ אים געווען נידעריק אַרומגעשאָרן און שרעקלעך צעוווּנדעט — ער האָט זיך נישט געלאָזט אָפּשערן די באָרד — מען האָט זי אים אָפּגעשוירן מיט געוואַלט. ער איז געווען נישט גאָר בײַם זינען, ווען מען האָט אים געבראַכט אַהיים. ער האָט געהאַט היץ. צו נאַכט־צו איז די היץ געוואָרן שטאַרקער. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט און האָט ווילד געשריִען, און געוועדט זיך מיט די הענט פֿון אומגעזעענע אָנפֿאַלער, און דערנאָך, ווען מען האָט אים צוריק אַרײַנגעלייגט אין בעט, האָט ער יאָמערדיק געוויינט. דאָס האָבן מענע מיט די מיידלעך נישט געקענט צוזען: ער איז אַלע מאָל געווען

אַזאַ שטאַרקער, אַזאַ שטאָלצער — און איצט האָט ער געוויינט, ווי אַן אומבאַהאָלפֿן קינד. זיי האָבן אַלע אַזוי געקלאָגט און געשריִען, אַז די שכנים פֿון די נאָענטע הייזער זענען דערשראָקענע אַרײַנגעלאָפֿן צו זיי אין שטוב, און די קינדער פֿונעם גאַנצן קאָרידאָר האָבן זיך צונויפֿגעקליבן לעבן זייער טיר. דער אַלטער זיידע, ר׳ זלמן, איז געזעסן בײַ זיך אין שטיבל און האָט אויך שטיל געוויינט. אין דער פֿרי האָט מען אַלטערן אַריבערגעפֿירט אין שפּיטאָל, און דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער האָט טיפֿוס, פֿלעק־טיפֿוס: ער האָט זיך דאָס אָנגענומען אין קאַזאַרמע . . . און אין אַ וואָך אַרום איז ער געשטאָרבן אין שפּיטאָל.

נאָך דעם איז געגאַנגען פֿון שלעכט צו ערגער. לייזערן האָט מען מער נישט געקענט שיקן קיין געלט — ס׳איז נישט געווען פֿון וואַנעט. אויף ר׳ זלמנס צימער האָט זיך געמאַכט אַ שכן, אַ בחור אַ סטאָליער, פֿון די „רוסישע״— מען איז שוין אָבער נישט געווען אין דער לאַגע איבערצוקלײַבן, ווען אַרײַנלאָזן און וועמען נישט. ר׳ זלמן איז אַריבער שלאָפֿן אין פֿאָדערשטן צימער און די מיידלעך — אין צווייטן, צו דער מאַמען.

דער שכן, מאיר פֿונק, אַ יונג אין איינע יאָרן מיט לייזערן, אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס און שיינע ליכטיקע האָר, האָט זיך עפּעס אויפֿגעפֿירט גאָרנישט מעשׂה ייִד: נישט געדאַוונט, קיין תּפֿילין נישט געלייגט, אין שול נישט געגאַנגען — אַזוי ווי ער וואָלט אויסגעוואַקסן אין אַ וואַלד. נאָר ווער האָט אים געקענט זאָגן אַ דעה — אַ פֿרעמדער מענטש, זײַנע עבֿירות אויף זײַן קאָפּ — און דירה־געלט האָט ער געצאָלט אַקוראַט צו דער צײַט, און נאָך אין פֿאָרויס. מען האָט נאָך בײַ אים געקריגן צו לײַען אַ פּאָר גראָשן. בטבֿע איז ער געווען אַן אײדעלער מענטש, אַ גוטער.

פֿון דער צווייטער שטוב האָט זיך געהערט אַ ברומענדיקער ניגון. שבת פֿאַרנאַכט האָט זיך ר׳ זלמן נוהג געווען אַרײַנצוקוקן אין משלי אָדער אין תּהילים און שטילערהייט אָפּברומען עטלעכע קאַפּיטלעך. אָבער בײַם זאָגן פֿלעגט ער זיך פֿאַרגעסן, זײַן קול פֿלעגט זיך אויפֿהייבן — אַן אַלטער אָבער נאָך אַלץ שטאַרקער קול, וואָס איז אין דער לעצטער צײַט געוואָרן דורכ־געוויקט פֿון אַ טיפֿן צער און האָט געקראָגן ציטערנדיקע טענער פֿון צעבראָכנקייט — און דאַן פֿלעגט זיך זײַן הודיענדיק ברומען הערן איבערן גאַנצע הויז. נאָך דעם אַלעם, וואָס איז אַריבער איבער זײַן הויזגעזינט אין די לעצטע חדשים, האָט ער איצטער אַלע ווײַלע אָנגעטראָפֿן אין די ספֿרים אויף אַזעלכע ווערטער, וועלכע זענען דערגאַנגען ביז די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון זײַן האַרצן. עס איז געווען, ווי מען וואָלט לכתּחילה געמיינט אים, דווקא אים. און כאָטש אים איז קלאָר געווען, אַז די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן וועגן דעם מענטשלעכן לעבן בכלל, און ער איז נישט מער ווי אַ קליינער פּרט אין דעם כּלל, און ער ווערט דאָ נישט געמיינט מער ווי יעדער אַנדער פּרט — האָט ער דאָך פֿאַר זיך געגלויבט, אַז דוד מלך ישׂראל, וועלכער איז געווען אַ

קיניג איבער זײַן פֿאָלק נישט נאָר אין זײַן צײַט, נאָר אויף אייביקע צײַטן, האָט זיך מתכוון געווען אויך צו אים — צום געוועזענעם שמש פֿון דער ישיבֿה „עץ הדעת", זלמן וועטשטיין — צו זײַן לאַנגן רוזיקן לעבן און צו די פֿינצטערע אומגליקן, וואָס האָבן פֿאַרוואָלקנט זײַנע לעצטע טעג. ער האָט זיך מתכוון געווען צו אים און האָט אים געשטראָפֿט, פֿאַר זײַן יאוש און געפֿאַלנקייט, מיט האַרטע שטראָף־רייד און האָט אים געמונטערט מיט מאָדנע זיסע און מאָדנע נישט־קלאָרע טרייסט־רייד. צוזאַמען מיט אים האָט ער געטענהט, צוזאַמען מיט אים און שטאַרקער פֿאַר אים האָט ער געמאָנט בײַ דעם איינציקן, בײַ וועמען ער האָט נאָך געקענט עפּעס מאָנען, און צוזאַמען מיט אים האָט ער זיך דערנאָך אײַנגעשטילט און געפֿילט אויף אַ ווײַלע אַ דערלײַכטערונג. „אל נקמות יהוה אל נקמות הופיע!" — האָט ער געזאָגט מיט נצחון. און דערנאָך האָט ער געמאָנט מיט כּוח: עד מתי רשעים יהוה עד מתי רשעים יעלזו . . . עמך יהוה ידכאו ונחלתך יענו, אלמנה וגר יהרגו ויתומים ירצחו, ויאמרו לא יראה־יה ולא־יבין אלהי יעקב . . ." האָט ער ווײַטער געברומט מיט אַן אַרויסרוף. און דערנאָך האָט ער געלייענט: „יהוה יודע מחשבות אדם כי המה הבל. אשרי הגבר אשר תיסרנו יה ומתורתך תלמדנו . . ."

אסתּרקע איז אַראָפּגעגאַנגען אונטן צום בעקער ברענגען דעם קאָכער — בײַם בעקער פֿלעגן אַלע שכנים צושטעלן די טעפּלעך געקעכטס און די קענדלעך וואַסער אויף שבת.

די צוויי ייִדענעס זענען געזעסן בײַם טיש אין פֿאָדערשטן צימער און האָבן זיך שטילערהייט צוגעהערט צו ר' זלמנס ברומען. מענע האָט אָפּגע־ווישט אַ טרער מיטן עק פֿון איר פֿאַטשיילע.

—אָט ווען איז דאָס געווען, — האָט זי געזאָגט מיט אַ וויינענדיקן קול, — אָט אַזוי ווי ערשט פֿאַראַכטאָגן קומט מיר פֿאָר: שבת בײַ דער סעודה, צווישן איין געריכט און דעם אַנדערן, ער פֿלעגט אָנהייבן — זי האָט אָנגעוויזן מיט די אויגן צו דער טיר פֿון דער צווייטער שטוב, — און מײַן אַלטער, אונדז צו לאַנגע יאָר, פֿלעגט אונטערכאַפּן, ווי אַ לייב האָט ער געזונגען — מען האָט גאָרנישט געדאַרפֿט גיין אין שול הערן דעם חזן — און ס'איז געווען אַן אַנדער געזאַנג, זמירות — און נישט קיין קלאָג . . . און לייזערקע האָט אונטערגע־האָלפֿן... און איצטער — ווער זאָל זיך דאָס ריכטן אויף אַזאַ אומגליק!... אוי־ווײ איז צו מײַנע יאָר! פֿינצטער איז מײַן מזל! ווײ און ווינד איז מיר! . . .

— נו, נו, שאַ! ווײַטער אָנגעהויבן! . . . — האָט זיך אַ בייזער געגעבן עלקע.

— ווו איז ער, לייזערקע? — האָט זי געפֿרעגט כּדי איבערצושלאָגן איר די קלאָגעכישן. — איך האָב אים גאָרנישט געזען הײַנט.

— איך ווייס ווו ער שלעפּט זיך אַרום, דער קאַליקע, — האָט מענע געענטפֿערט מיט האַרץ: — אָט ווי ער איז דאַכט זיך אַ געהרגעטער, שלעפּט די פֿיס, ווי אַ פֿאַריאָגטער פֿערד, זיצט ער נישט אײַן אין שטוב . . . ס׳איז אים אַפֿילו שוין גרינגער געוואָרן . . . ער איז געקומען אַהיים מיט גוטע מכות . . .

— דו דאַרפֿסט דאַנקען גאָט פֿאַר דעם אויך, מענע: ווען נישט די מכות וואָלט מען אים דען אָפּגעלאָזן, נאַרעלע?

— אָפּגעלאָזן . . . ווען ע ר וואָלט געלעבט! . . . און אַזוי — דאָס גליק איז גרויס: מאָרגן וועלן מיר פֿאַרזעצן די קישנס . . . דאָרטן האָט ער כאָטש געהאַט זײַן שטיקל ברויט!

אסתּרקע האָט אַרײַנגעטראָגן דעם קאָכער. דאָס מיידל האָט געהאַט פֿולע באַקן און רויטע ליפּן, און שווערע שוואַרצע צעפּ זענען איר געלעגן פֿאַרדרייט אויפֿן שייטל פֿון קאָפּ, איבערן נאַקן. זי איז געווען אַלט דרײַ און צוואַנציק יאָר.

— רופֿן דעם זיידן טרינקען טיי? — האָט זי געזאָגט האַלב פֿרעגנדיק, בעת זי איז אומגעגאַנגען אַהין און צוריק, צווישן טיש און שראַנק, דער־לאַנגענדיק צום טיש די גלעזער און פֿאַרבריִענדיק דעם טיי.

— זיידע, קום טרינקען טיי! — האָט אַ געשריי געטאָן אין דער אָפֿענער טיר אסתּרקע.

— ביז וואַנען וועסטו זיך האַלטן מיט אים? — האָט מיט אַ דערשטיקטן קול אַ שושקע געטאָן עלקע צו מענען. — גיב אים אַרײַן אין מושבֿ זקנים!

עלקע האָט פֿון לאַנג געהאַט אַ צאָן אויף ר׳ זלמנען. זי האָט אים געדענקט פֿון די צײַטן, ווען ער איז געווען דער גאַנצער בעל־הבית אין שטוב, אַ ייִד אַ תּקיף, אַ גלײַכער און אַ שטרענגער. אַלע שטוביקע האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס דרך ארץ. זײַן וואָרט איז געווען דאָס גאַנצע וואָרט און זי האָט זיך אויך געמוזט אונטערגעבן. און ווען זי פֿלעגט צעלאָזן די צונג האָט זי באַמערקט, ווי ער זיצט און דריקט אין זיך אין דער שטיל. אַמאָל פֿלעגט ער זיך אַ רוק טאָן מיטן בענקל און אַ געשריי טאָן מיט כּעס: גענוג צו רעדן, ייִדענע! — און די רייד האָבן זיך בײַ איר אָפּגעהאַקט.

דאָן איז איר גאָר נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז מען קען זיך שטעלן קעגן דעם אַלטן, פֿרומען און שטרענגן ייִדן. דאָן האָט זי אַפֿילו נישט פֿאַריבל געהאַט אויף אים אַזוי שטאַרק. דער כּבֿוד, וועלכן אַלע אַרום האָבן אים אָפּגעגעבן, איז געווען צו גרויס. איצט אָבער האָט זי געהאַט אַ געפֿיל, אַז די ערד אונטער דעם אַלטנס פֿיס שאָקלט זיך — איז אין איר געוואַקסן דער פֿאַרלאַנג צו זען אין אים אַ פֿולע נקמה און זי האָט שוין געהאַט אַ פֿאַרגעפֿיל פֿונעם פֿאַר־געניגן, וואָס זײַן ירידה וועט איר געבן.

ר׳ זלמן האָט מפֿסיק געווען זײַן תּהילים־זאָגן.

— האַ? דאָס ביסטו, אסתּרקע? וואָס זאָגסטו?

— קום טרינקען טיי, זיידע.

— ווער איז דאָרטן דאָ, ווער? עפּעס ווי כ׳וואָלט געהערט פרעמדער עלקעס קול.

— יאָ, זי איז דאָ.

— אָ־כאָ־כאָ! . . . — האָט אַ קרעכץ געטאָן ר׳ זלמן אויפשטייענדיק פון שטול.

ער האָט געפילט, אַז די וועלט אַרום אים ווערט פּוסט. דעם גאַנצן לעבן איז ער געגאַנגען מיט אַ באַשטימטן וועג. דרײַסיק יאָר איז ער געווען שמש אין דער ישיבה „עץ הדעת״ — פון זינט מען האָט זי אויסגעבויט און ביז פאַר זעקס יאָרן, ווען ער האָט גענומען שווער ווערן אויף די פיס. און ווען די ישיבה איז גרעסער געוואָרן און זײַן עלטער איז אונטערגעוואַקסן האָט ער אים אויך דאָרט אַרײַנגענומען פאַר אַ באַהעלפער און האָט אים פאַרזאָרגט מיט אַ שטעלע אויף זײַן גאַנץ לעבן. קיין למדן איז ער נישט געווען, זײַן קאָפּ איז מער געלעגן אין דער באַלעבאַטישקייט פון דער ישיבה. אָבער כּל ימיו האָבן אים אַלע געקענט פאַר אַ פרומען און אָרנטלעכן מענטשן, וואָס ווען ער זאָגט עפּעס איז דאָס געזאָגט. ר׳ יצחק לייב, דער רבֿ, וואָס האָט געבויט די ישיבה, האָט געהאַלטן פון אים אַ וועלט, קיין זאַך נישט געטאָן אָן זײַן וויסן. און אַזוי איז ביסלעכווײַז אונטערגעקומען די עלטער, אַזוי פּאַמעלעך, מיט אַזעלכע ווייכע טריט, אַז ער האָט זיך זעלטן ווען דערמאָנט אַ קלער צו טאָן, אַז ער ווערט אַלט און אַז צוריקכאַפּן קען מען נישט. אַרום אים זענען געווען אַ סך אייגענע: ברידער און שוועסטער, זייערע קינדער און קינדס־קינדער, און פון אים האָבן אַרויסגעשפּראָצט זין און טעכטער. דערנאָך איז דאָס צעקראָכן געוואָרן, די נאָענטע האָבן זיך דערווײַטערט, אָדער גאָר אַוועק פון דער וועלט, און ער איז געבליבן בײַ עלטערן. דאָס איז געווען אַ שטאַרקביימל, מיט טיפע וואָרצלען אין דער ערד — עס איז געווען אויף וואָס זיך אָנצולענען. און דער ביימל איז געוואָרן אַ גרויסער בוים, וואָס האָט געגעבן שוץ דעם גאַנצן הויז — זענען „זיי״ געקומען און האָבן אים אָפּגעהאַקט, מיטן וואָרצל אויסגעריסן. און ער, דער עלטער, שטייט נאָך אַלץ — אײַנגעבויגן שטייט ער איבערן קבֿר פון זײַן זון... און די אייניקלעך, די שנור — וואָס דאַרפן זיי אים: אַן איבעריקן אָרט פאַרנעמט ער בײַ זיי אין שטוב, אַן איבעריקן ביסן נעמט ער צו פון זייער מויל . . . עלטער האָט אים געדאַרפט . . . אָבער די — כאַטש פלייש פון זײַן פלייש — זיי פילן דאָס נישט... פרעמדע... אַלע פרעמדע!... סײַדן נאָר אסתרקע? האַ?...

ער האָט געקוקט מיט ליבשאַפט אין אירע שוואַרצע אויגן. אים האָט זיך געוואָלט אַ קנופּ טאָן אירע פרישע פולע באַקן, ווי מען קניפּט אַ בעקל בײַ אַ קליין קינד. אָבער ער האָט דאָס נישט געטאָן. ער איז נישט געווען געוווינט צו דעם. זײַן גאַנץ לעבן איז ער געווען צוריקגעהאַלטן אין אויסדריקן געפילן. ער האָט נאָר געזאָגט:

— האַ אסתרקע?

— קום שוין, זיידע, דער טיי ווערט קאַלט!

— און די קינדער זענען אין דער היים?

— ניין, נישטאָ.

— ווו גייט זי דאָס אַרום אַ גאַנצן טאָג . . . און אין די אָוונטן . . . אויף גאַנצענע אָוונטן ווערט זי פאַרפאַלן, חיהקע, — האָט ר׳ זלמן גערעדט צו זיך אַליין. — עס געפעלט מיר נישט די זאַך . . . און לייזערקע געפעלט מיר אויך נישט: עפּעס גאָר נישט קיין פיינע מידות האָט ער געבראַכט מיט זיך פון דאָרטן . . .

אסתרקען זענען אויך נישט געווען שטאַרק צום האַרצן לייזערס נייע מידות. פון זינט ער איז געקומען פון מיליטער האָט ער אַרויסגעוויזן מאָדנע גראָבע שטיק, און דער שמייכל, מיט וועלכן ער האָט געקוקט אויף אירע חברטעס, איז געווען אַזאַ מיאוסער, אַז אָפטמאָל פלעגט זיך איר וואַרפן דאָס בלוט אין קאָפּ, און עס פלעגט זי אָנכאַפּן אַ ווילדער פאַרלאַנג צו שלײַדערן אים אַ טעלער אין קאָפּ. און וועגן חיהקען האָט זי אויך עפּעס געוווסט נישט־קלאָר, אָדער אָנגעשטויסן זיך — און נישט געוואָלט קלערן פון דעם. זי האָט געהאַט גענוג וואָס צו קלערן וועגן זיך, און אויך וועגן זיך האָט דאָס קלערן צו קיין זאַך נישט געפירט.

בײַם טיי־טרינקען האָט אסתרקע נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון דער פאַרמאַכטער טיר פונעם זײַטיקן צימער. דאָרטן איז געווען שטיל. וואָס האָט ער געטאָן? געלייענט אַ בוך? אָדער אפשר גלאַט אַזוי געלעגן אויפן בעט, מיט אָפענע אויגן, געקוקט אויפן באַלקן און געטראַכט. וועגן וועמען האָט ער געטראַכט?

# 3

מאיר פֿונק איז געשטאַנען בײַם אײנאײנציקן פֿענצטער פֿון זײַן קלײן צימערל, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צום קאָרידאָר. פֿון פֿענצטער האָט ער געקענט זען אַ שטיקל הויף אונטן ביז צו דער טיר פֿון דער אַלטער צעלני־קערין, טויבע פּעטשעניק. בײַם טיר איז געשטאַנען מיט אַ פֿאַרריסענעם קאָפּ די זעכצניעריקע נחמהקע, די טויב־שטומע יתומה, וואָס איז געווען בײַ דער אַלמנה האַלב ווי אַ דינסט, האַלב ווי אַ צוגענומענע טאָכטער. זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די אויגן, און ער האָט צו איר אַ שמייכל געטאָן רויִק און גוטמוטיק, מיט יענער גוטסקייט, וואָס ער האָט געפֿילט בנוגע צו יעדער שוואַכער באַשעפֿעניש. זי האָט אים געענטפֿערט מיט אַ גלאַנץ אין די אויגן, און האָט עפּעס געמאַכט מיט די ליפּן. ער האָט נישט געקענט הערן איר קול פֿון אַזוי ווײַט, נאָר אים איז פֿאָרגעקומען, אַזוי ווי ער וואָלט זיי געהערט — יענע משונהדיק־בילנדיקע אומפֿאַרשטענדלעכע קלאַנגען, מיט וועלכע זי פֿלעגט געוויינלעך ענטפֿערן אויף זײַנע באַגריסונגען.

פֿון אויבן זענען קרום געפֿאַלן ליכטיקע מינענשטראַלן, וואָס האָבן זיך בלישטשענדיק־שוואַרץ אָפּגעשלאָגן אין די טונקעלע שויבן פֿון די אַנט־קעגנדיקע ווינונגען. אויפֿן נאָך נישט גאָר אויסגעלײַטערטן הימל זענען געשווומען מילכיק־ברודיקע שטראָמען, אָבער די לופֿט איז געווען ריין און אָנגעזאַפּט מיט דער פֿרישקייט, וואָס נאָך אַ רעגן.

מאירן איז געווען ענג אין זײַן צימער. אים האָט זיך געוואָלט אַרויס. אים האָט נאָר אָפּגעהאַלטן, וואָס ער האָט געדאַרפֿט דורכגיין דורכן צווייטן צימער, ווו מען איז געזעסן און געטרונקען טיי. געוויס וועט מען צו אים צושטיין ער זאָל אויך מיט זיי טרינקען. און די גראָבע ייִדענע מיט די בייזע שוואַרצע אויגן, אסתּרקעס מומע, וועט זיך וועלן אויספּײַנען פֿאַר אים מיט איר וויציקייט, און וועט אַ זאָג טאָן עפּעס אַ שפּיציק ווערטל. און ער וועט דאַרפֿן שמייכלען צו אירע רייד און ענטפֿערן איר אין טאָן. ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף דעם: פֿאַרוואָס וועט ער דאָס ד אַ ר פֿ ן? און וואָס, ווען ער וועט נישט ענטפֿערן? ער האָט געוווסט, אַז ער וועט איר יאָ ענטפֿערן. אַזוי איז שוין אָנגענומען צווישן מענטשן. אָבער די אמתע סיבה פֿון זײַן

וועלן אויסמיַידן די באַגעגעניש איז גיכער געווען אסתּרקע. זי וועט אויף אים אָנשטעלן די אויגן און וועט נאָך אפשר זיך אַרויסגליטשן נאָך אים אויפן קאָרידאָר. דאָס אַלץ האָט אים אויסגעזען צו זיַין אַזוי נישט אָנגענעם.

אָבער דאַן האָט ער זיך געפרעגט: פאַרוואָס איז דאָס אים נישט אָנגענעם? דאָס מיידל האָט אים ליב, זי באַהאַלט דאָס נישט. זי קוקט אים אין די אויגן, זי לעבט אויף, ווען ער זאָגט צו איר אַ גוט וואָרט, אַפילו נאָר ווען ער דרייט צו איר אויס דאָס פּנים. און ווען ער קוקט אומצופרידן ווערט זי אַנטשוויגן און זעט אויס אַזוי דערדריקט, אַז ער מוז צוגיין צו איר. נישט זעלטן טרעפט ער זי מיט פאַרוויינטע אויגן. ער מאַכט זיך נישט זעענדיק, אָבער ער ווייס וואָס עס איז די סיבה. און זי ווייס אויך, אַז ער ווייס. און דאָך רעדן זיי נישט פון דעם. עפּעס לאָזט נישט צו . . .

און דאָס אַלץ איז אים שווער. פאַרוואָס? האָט ער דען זי נישט ליב?

דאָס איז צום ערשטן מאָל אין זיַין לעבן, וואָס ער קומט אין אַזעלכע נאָענטע באַציִונגען מיט אַ מיידל. אַזוי, שפּילעריַיען, זענען געווען פריִער אויך. אָבער שפּילעריַיען זענען דאָס געבליבן. דאָס מאָל זעט עס אויס מער ערנסט. זי איז אַ זעלטענע מיידל: גוט, אָרנטלעך, און נישט קיין נאַר. און מיטן כאַראַקטער איז זי געראָטן אין דעם אַלטן ר׳ זלמנען. פון דאַנען איז אפשר אויך די צוגעבונדנקייט, וואָס צווישן זיידן און אייניקל. די איבעריקע פון דער פאַמיליע האָבן שוין נישט אַזעלכע גליַיכע כאַראַקטערן: לייזער איז גאָר אַ שיטערער בחור, און חיהקע, די עלטערע שוועסטער, איז אַ שלעכטס, אַ פאַרביסנס, און האָט אויך אַזעלכע בייזע און שוואַרץ־שוימענדיקע אויגן, ווי ביַי דער מומען דער קצבטע. און די מאַמע זייערע — אים קלינגט כסדר אין די אויערן איר אומגליַיכער קול, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט ציטערנדיקע טענער פון באַליידיקטקייט. אסתּרקע איז אויך נישט קיין מיאוסע מיידל: זי איז נידעריקער פאַר דער מאַמען, אָבער דאָך זעט זי אויס גאַנץ הויך, זי האַלט גליַיך דעם קאָפּ מיט די שווערע שוואַרצע צעפּ, אירע פולע באַקן זענען אַ ביסל בלאַס, אָבער דאָס שאַדט נישט, דאָס מאַכט זי אויסזען איידעלער, און איר קול איז אַ זיכערער, אַ רויִקער, אַ פולער ברוסט־קול.

מאיר פונק האָט זיך געשטעלט אַ קלאָץ־קשיא: האָט ער זי ליב, אָדער ער האָט זי נישט ליב?

אָבער יעדעס מאָל, ווען ער האָט די קשיא געשטעלט אַזוי שאַרף, פלעגן זיך זיַינע געדאַנקען עפּעס ווי פון זיך אַליין געבן אַ דריי אויס ערגעץ אין אַן אַנדער זיַיט, אַזוי ווי עמעצער, וואָס זיצט אין אים, אָבער בלייבט פון אים נישט באַמערקט, וואָלט אומיסטן נישט געוואָלט צולאָזן, אַז די פראַגע זאָל פאַרענטפערט ווערן.

אַ שטראָם פון מאַנצביִלישער תאווה איז פּלוצלונג דורכגעלאָפן איבער זיַינע גלידער. דאָס האָט זיך שוין גאַרנישט באַצויגן צו זיַינע פריערדיקע

געדאַנקען. ער האָט זיך געזען בײַ צפורה בלומענטאַל אין שטוב. פאַראַכטאָגן איז דאָס געווען. עס האָט גערעגנט. ער איז אײַגנטלעך נישט געגאַנגען צו צפורהן — ער איז געגאַנגען צו בלומע כאַדאַראָווסקי. בלומע איז נישט לאַנג פאַר דער מלחמה געקומען פון רוסלאַנד און האָט געבראַכט מיט זיך אַ קאַסטן מיט רוסישע ביכער. וועגן דעם פלעגט ער גיין צו איר נישט זעלטן — וועגן נעמען אַ ביכל צום לייענען. אָנשטאָט בלומען מיט דער שפּיציקער נאָז און געשפּאָלטענער איבערשטער ליפּ, וואָס האָט געלאָזט זען די בלוט־אָרעמע יאַסלעס איבער די פאַרגעלטע ציין, האָט אים געעפנט די טיר אַ הויכע דינע מיידל מיט שפּרינגענדע קעצישע אויגן און מיט אַזאַ קלאָרן פּנים, וואָס האָט געצווונגען קוקן אויף זיך — ווידער און ווידער אַ מאָל כאַפּן אַ פאַרוווּנדערטן קוק. ווײַל גלײַך פון אָנהייב אָן איז דאָס געווען מער נישט ווי פאַרווווּנדערונג.

בלומע איז נישט געווען אין דער היים. זי האָט געזאָלט באַלד קומען.

די אַנדערע האָט זיך פאָרגעשטעלט: צפורה בלומענטאַל, בלומעס אַ חבֿרטע. זיי וווינען צוזאַמען שוין באַלד אַ וואָך.

ער האָט געוואָלט פון פאַרהויז גיין צוריק, נאָר זי האָט אים לאַכנדיק גענומען פאַר אַ האַנט און אַרײַנגעפירט אין שטוב.

— זעצט זיך און וואַרט, — האָט זי אים געזאָגט, — איך בײַס זיך נישט!

אַליין איז זי נישט אײַנגעזעסן אויף אַן אָרט. זי האָט געקוקט אויף אים און געלאַכט און געפרעגט וואָס פאַר אַ ביכל האָט ער געבראַכט. און ווען ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם, ווי אין אַ וועג, וואָס זאָל אים אַרויספירן פון דער פאַרלעגנהייט, אין וועלכער איר לאַכן און אַרומשפּרינגען האָבן אים אַרײַנגעבראַכט, האָט זי אים נישט אויסגעהערט. אין מיטן דערינען איז זי אים פאַרבײַגעלאָפן און האָט אים אַ צי געטאָן פאַר די האָר: „פון וואַנען האָט איר גענומען אַזעלכע שיינע האָר?... און ווי געפעלן אײַך מײַנע?...״

זי האָט אַרויסגענומען די קעמלען און אויף אירע פּלייצעס און נאַקן, מער ווי ביז צום מיטן פון רוקן האָט זיך פאַנאַנדערגעשאָטן אַ בלישטשענדיקער שטראָם פון ווייכע, ברוינלעך־ליכטיקע האָר. זי האָט גענומען אַ לאָקן און געהאַלטן איבערן טיש, בײַם ליכט פון לאָמפּ: „ס'איז אַזוי ווי אײַערע אין קאָליר... נײַן, מײַנע זענען ליכטיקער״. דערנאָך איז זי מיט אַ קוויטש געלאָפן עפענען די טיר פאַר בלומען. זיי האָבן זיך צעקושט. זי האָט איר געהאָלפן אויסטאָן דעם רעגנמאַנטל און האָט אים אויפגעהאַנגען אויפן הענגער. בלומע האָט זיך געראַנגלט מיט אירע דינע גומענע קאַלאָשן, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַראָפּ פון פוס. צפורה האָט זיך געוואָרפן איר העלפן. „זיי זענען בלאָטיק״, האָט געשריִען בלומע. צפורה האָט איר דאָך אַראָפּגעשלעפּט פון איין פוס איין קאַלאָש. „אַ משוגענע מיידל״, האָט בלומע געלאַכט.

זי האָט גענומען בלומען פאַר די הענט און האָט זיך מיט איר אַ דריי געטאָן איבערן צימער. בלומע האָט זיך פון איר אַרויסגעריסן: „איך בין

מיד!" — „נו, קומט איר טאַנצן!" — איז צפּורה צוגעלאָפֿן צו אים. ער האָט נישט געקענט. זי האָט אים אָפּגעלאָזן, זיך צוגעזעצט צו בלומען, זי אַרומגענומען און איינגערוימט איר אין אויער עפּעס פֿון וואָס זיי האָבן זיך ביידע צעלאַכט. דאַן האָט זי פּלוצלונג מיט אַ מאָדנער תּאוותדיקער באַוועגונג אַריינגעגראָבן זיך מיט די פֿינגער אין אַ באַהאַלטענעם אָרט פֿון איר חבֿרטעס לייב און האָט זי דאָרט, ווייזט אויס, אַ קנופּ געטאָן — ווייזט אויס, ווייל ער האָט באַלד דערהערט אַ הויכן געשריי און אַ נערוועזן געלעכטער, און בלומע איז אויפֿגעשפּרונגען מיט אַ רויטן פּנים: „איך וויל דאָס נישט לײדן . . . איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך וויל נישט לײַדן דײַנע שטיק! . . ." זאָגט יענע: „נו, וועל איך גיין צו אים". און גלייך גייט זי צו צו אים און זעצט זיך אים אויף די קני. „איך האָב ליב צו זיצן ביי אַ מאַנצביל אויף די קני", — באַמערקט זי מיט אַ נאַיוון קול, בעת בלומע עסט זי מיט די אויגן.

„נישט פֿון לאַנגן דויער וועט זײַן זייער פֿריינדשאַפֿט", — באַמערקט פֿאַר זיך דער סטאָליער.

ער פֿילט נאָך ווי זי איז געזעסן ביי אים אויף די קני, און דער זכרון פֿונעם דרוק פֿון איר גרינגן קערפּער מאַכט אים לײַדנשאַפֿטלעך אויפֿגערעגט. און נאָך מער ווי דאָס — יענער קניפּ. אַ מאָדנע זאַך, ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין יצר הרע צו דער פֿינף און דרײַסיק־יעריקער לערערין מיט אירע שיטערע לאָקנס, וואָס זילבערן זיך פֿאַסיקלעכוויַז, אָבער דער אומפֿאַרשעמטער קניפּ, וואָס די חבֿרטע האָט איר געגעבן, האָט אַזוי ווי אָנגעצונדן אַ פֿײַער אין זײַן בלוט.

צולעצט איז ער געוואָרן גאָר אומגעדולדיק. דאָרטן איז מען נאָך אַלץ געזעסן בײַם טיש און גערעדט. ער האָט געהערט ר' זלמנס קול:

— אַלץ איז בײַ דעם אייבערשטן אין די הענט. ווי ער וויל אַזוי טוט ער. ווער קען אים זאָגן אַ דעה! . . .

ער האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל און געעפֿנט די טיר. מאָדנע, אסתּר איז נישט געווען אין צימער. פֿאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר פֿון זײַן צימער האָט ער געוואָרפֿן אַ צווייטן פֿאַרשנדיקן קוק: ר' זלמן מיט די צוויי ייִדענעס זיצן בײַם טיש, לעבן זיי ליידיקע טיי־גלעזער מיט רעשטלעך טיי אויפֿן דעק — און אסתּר איז נישטאָ. עפּעס ווי אַ שטיין וואָלט אים אַראָפּ פֿון האַרצן. ער האָט זיך אין דעם קיין חשבון נישט אָפּגעגעבן. ער האָט נאָר העכער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, אַזוי ווי אייגער, וואָס האָט זיך אָנגעשטרענגט אויפֿצוהייבן אַ לײַכטער, וואָס האָט אויסגעזען מאַסיוו און שווער אין וואָג, און וואָס איז אין דער אמתן געווען אינעווייניק ליידיק און גרינג ווי אַ פֿעדער. זײַן האַנט מיטן לײַכטער איז צוליב דער פֿאַלש־אויסגערעכנטער באַוועגונג, פֿון זיך אַליין, אַרויפֿגעפֿלויגן אין דער הייך. אויף זײַן פּנים האָט זיך געלייגט יענער אויסדרוק פֿון ליכטיקער אָפֿנקייט, וועלכער האָט אים געווינלעך

געגעבן חן אין די אויגן פון לײַט. ער איז דורכגעגאַנגען דעם פּאָדערשטן צימער מיט אַ פֿרײַען נאַטירלעכן גאַנג, האָט מיט אַ פֿרײַנדלעכן צושמייכלען געזאָגט: „גוט שבת!", און איז אַרויס אין דרויסן, באַגלייט פֿון זייערע: „גוט שבת — גוט יאָר!"

עס איז געוואָרן טונקעלער. אויפֿן הימל זענען געלעגן געדיכטערע וואָלקנס, וואָס האָבן אָנגעזאָגט רעגנס און קאַלטע ווינטן. דאָס פֿעלד אַרום דאָבערמאַנס הויז איז נאָך געווען שטאַרק בלאָטיק. מאיר פֿונק האָט זיך געהאַלטן האַרט בײַ דער וואַנט פֿונעם הויז, ווו ס'איז געווען אויסגעטראָטן אַ שמאָל שטעגל. ערטערווײַז אָבער איז אויך דער שטעגל געווען פֿאַרפֿלייצט מיט קויט. דעמאָלט איז ער געשפּרונגען פֿון א שטיין אויף אַ שטיין מיט ריכטיק־טרעפֿנדיקע שפּרונגען — זײַנע לאַנגע און שטאַרקע פֿיס האָבן קיין טעות נישט געמאַכט — ביז ער איז ווידער אַ מאָל געקומען צו טריקעניש. אויפֿן גרויסן וועג איז געווען נישט בעסער. ער איז געווען פֿאַרגאָסן מיט בלאָטע אין זײַן גאַנצער ברייט — נאָר וואָס דאָ איז די בלאָטע געווען אַ שיטערע, צעמאָלן און צעריבן פֿון די רעדער פֿון די וועגענער. ער איז דאָ אויך געגאַנגען בײַ דער זײַט פֿון וועג, ווו די ערד איז געווען האַרטער און טריקענער, אָבער באַרגיק און גליטשיק. ער האָט דערבײַ געקלערט וועגן דעם גאַנג צוריק, שפּעטער אין אָוונט. די נאַכט וועט זײַן אַ שטאָק־פֿינצטערע. מען זעט שוין קיין ברעקל קלאָרן הימל נישט אַרויס פֿון צווישן די וואָלקנס. און זיי קלײַבן זיך אָן מער און מער. די שטערן וועלן אויך נישט לײַכטן. צוריקגייענדיק וועט ער מוזן שטעלן די פֿיס ווי עס מאַכט זיך, און וועט געוויס טרעפֿן סאַמע אין דער בלאָטע אַרײַן. ער האָט זיך דעריבער געמיט צו פֿאַרגעדענקען די לאַגע פֿון די ערטער, אַזוי אַז ער זאָל אויך אין דער פֿינצטער וויסן ווו ער געפֿינט זיך בערך, און טרעפֿן אויפֿן בעסערן וועג.

בײַם עק פֿון דער גאַס פֿון דער „לעמעל־שולע", אײדער מען פֿאַרקע־רעוועט זיך אויף דער שפּיטאָל־גאַס, איז נאָך דעמאָלט געווען דאָס בערגל, וואָס די דײַטשן האָבן דאָס שפּעטער אַראָפּגעגראָבן, אום צו מאַכן אַ ברייטערן און גלײַכערן וועג פֿאַר די אויטאָמאָבילן. דאָס בערגל איז דאַן געווען גרין פֿון די פֿרישע נאָך־רעגנדיקע גראָז. מאיר פֿונק איז מיט פֿאַרגעניגן אַרויפֿ־געלאָפֿן אויפֿן גרינעם טרוקענעם שפּיץ פֿונעם קליינעם בערגל און אָפּגעריבן אין גראָז די פֿאַרבלאָטיקטע פּאָדעשוועס פֿון זײַנע שיך. פֿון אויבן האָט ער באַטראַכט מיט צער די שפּיטאָל־גאַס, צו וועלכער ער דאַרף זיך אַראָפּלאָזן — זי איז ווידער געווען פֿון ברעג צו ברעג פֿאַרפֿלייצט מיט קויט.

בײַ אים איז נישט געווען באַשטימט ווו ער גייט. בײַם אַרויסגיין פֿון זײַן צימער האָט ער זיך אַרײַנגעשטעקט אין בוזעם־קעשענע פֿון מאַנטל דאָס ביכל, וואָס ער האָט אייערנעכטן גענומען בײַ בלומע כאַדאַראָווסקי. ער האָט דאָס שוין דורכגעלייענט און געקענט נעמען אַן אַנדערס. דאָס האָט אָבער נישט געהייסן, אַז ער גייט דווקא צו בלומען. אויב עס וועט זיך אים מאַכן

עפּעס אַנדערש אויפן וועג — אַרט אים אויך נישט. דעם אמת זאָגנדיק וואָלט ער אַפילו געווען צופרידן אָפּלייגן דעם גאַנג צו איר אויף אַ צווייטן מאָל. וואָס צו אָפט איז נישט צו גוט.

דעריבער האָט ער זיך כּמעט ווי דערפרייט, ווען ער האָט אַראָפּלויפנדיק פון בערגל באַגעגנט אָנקומענדיק פון דער שפּיטאָל־גאַס לייזער וועטשטיין, אסתרקעס ברודער. געוויינלעך איז אים דער בחור נישט שטאַרק געווען צום האַרצן. ער פלעגט זיך זעלטן אַרײַנלאָזן מיט אים אין אַ לענגערן שמועס. הײַנטיקס מאָל אָבער האָט ער זיך אין אים אָנגעכאַפּט, ווי אין אַן אומגעריכטער פאַרווײַלונג און האַלב־געווונשענער שטערונג אויף זײַן וועג, וועלכן ער האָט געמאַכט און געוואָלט עמעצער זאָל אים נישט צולאָזן מאַכן.

— וואָס הערט זיך עפּעס, לייזער? — האָט ער צו אים געמאַכט מיט זײַן פרײַנדלעכן שמייכל.

לייזער וועטשטיין איז געווען מיט אַ קאָפּ נידעריקער פון פונקן, אַ בחור פון מיטעלן וווקס, אַ שלאַנקער, מיט אַ ריין און חנעוודיק פּנים. פונק האָט נישט ליב געהאַט דעם סאַמעטענעם גלאַנץ וואָס האָט זיך עפּעס באַוויזן אין לייזערס אויגן, און דעם כיטרען, לויפנדיקן און עפּעס אַזוי ווי אַנטאַפּנדיקן שמייכל, מיט וועלכן ער האָט געערעדט צו די, צו וועמען ער האָט געמיינט, אַז ער וועט אפשר דאַרפן אָנקומען. בײַם גאַנג האָט ער עפּעס ברייטער ווי געוויינלעך פאַנאַנדערגעשטעלט די פיס און האָט זיך ווי איבערגעקאַטשעט פון איין זײַט אויף דער אַנדערער.

— וואָס רעכנט איר צו טאָן? — האָט ער געפרעגט בײַ פונקן.

— אַנטקעגן מיליטער־דינסט? מען זאָגט, אַז באַלד וועט מען רופן אײַך אויך, די נײַע.

— יאָ, וועגן דעם . . .

וועגן דעם האָט מאיר פונק נישט אויפגעהערט צו טראַכטן. דער יאָר פאַרלענגערונג, וואָס מען האָט געגעבן די נײַע אָטאָמאַנער, איז נאָך נישט אַריבער. באמת האָט מען זיי געדאַרפט לאָזן צורו נאָך אַ חדשים דרײַ, לכל הפּחות. און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן פאַר דער צײַט זאָל ווערן שלום און די גאַנצע מעשׂה זאָל בטל ווערן. נאָר ווי די זאַך איז דערווײַל קען מען רופן און עס בלײַבט נאָר: אָדער גיין, אָדער ווערן אַ „פאַראַר" (דעזערטיר). און דער דין פון אַ פאַראַר איצטער אין מלחמה־צײַט איז טויט־שטראָף. די וואָך האָט מען געהאָנגען צוויי בײַם יפוער טויער און איינעם בײַם שכמער טויער.

עפּעס אַ מין פאַרזיכטיקער נישט־טרויען בנוגע צו לייזערן האָט אים געמאַכט אַ טרייסל טאָן מיטן קאָפּ און אויסלאָזן לאַכנדיק:

— נו, וועלן מיר גיין.

לייזער האָט אים געטאַפּט מיט די סאַמעטענע אייגעלעך, ווי וועלנדיק

כאַפּן וואָס עס באַהאַלט זיך הינטער זײַנע ווערטער און שמייכל, און האָט אים גוט־ברודעריש, מיטן נסיון פֿון אַ געפּרוווטן געעצהט:

— נאָר נישט געאײַלט . . . בײַם טערק וועט איר קיין מאָל נישט פֿאַרשפּעטיקן.

— איך האָב מורא, אַז יאָ, — האָט זיך שוין נישט אַזוי פֿרײלעך אָפּגערופֿן פֿונק. — וויפֿל האָט מען געהאַנגען די וואָך?

ער האָט געפֿילט, ווי אַ פֿרעסטל איז אים אַריבער איבערן רוקן, ער האָט געפֿילט דעם טויטן־כאַפּ פֿונעם שטריק אַרום האַלדז. אים איז טרוקן געוואָרן אין מויל. לייזערס קול, אָנגעלאָדן מיט וווּלגאַרע טענער און פּראָסט־פֿאָלקישע אויסדריקן, האָט אים איבערגעשלאָגן די שטימונג.

— אויב אַזוי דאַרף איך דאָך ערשט מורא האָבן! . . . איר פֿרעגט מיך: איך האָב זיך שוין אַ ביסל אָנגעזען און אָנגעהערט . . . דעם אמת זאָגנדיק וועט איר נאָך גאָר קיין פֿאַראַר נישט זײַן. אַ פֿאַראַר איז דער, וואָס אַנטלויפֿט נאָכדעם ווי מען האָט אים צוגענומען און ער האָט אָפּגעגעבן די שבֿועה. אָט איך, ווען איך זאָל נישט קומען צוריק נאָכדעם, ווי איך וועל זיך אויסהײלן — און איך וועל נישט קומען, נישט דערלעבן וועלן זיי איך זאָל צוריקקומען — דאַן רעכן איך זיך אַ פֿאַראַר. איז וואָס זשע מיינט איר: אַז מען כאַפּט מיך הענגט מען מיך טאַקע באַלד, נישט אין אַ בייזער שעה גערעדט. איך זאָג דאָס נאָר אַזוי זיך. בײַ אונדז זענען דאָ פֿעלאַכן, וואָס מען האָט זיי שוין נײַן מאָל געכאַפּט, איז וואָס האָט מען זיי געטאָן? גאָרנישט: קלעפּ און — צוריק צו דער אַרבעט. און איר זענט מער נישט ווי אַ „באַקיאַ״, דאָס הייסט אַזאַ, וואָס איז לכתחילה נישט געקומען. פֿאַר אַזאַ איינעם איז נישטאָ קיין טויט־שטראָף. געוויינלעך קלעפּ קריגט ער אַרײַן פֿון די אונטער־אָפֿיצירן וויפֿל ס'קריכט נאָר אַרײַן אין אים.

מאיר פֿונק האָט געקנייטש דעם רוקן. דער ענין פֿון קלעפּ איז אים נאָך ווייניקער געוועזן געפֿעלן, ווי דאָס זײַן געהאָנגען.

— קומט, וואָס שטייען מיר? — האָט ער געזאָגט צו לייזערן — איך האָב בײַ אײַך די גאַנצע צײַט געוואָלט פֿרעגן: וואָס איז בײַ אײַך מיט די פֿיס?

לייזערס אויגן האָבן אַ שאָס געטאָן צו פֿונקן מיט אַ שאַרפֿן עגבערנדיקן קוק, וועלכער האָט אויף איין קליינער רגע־לע חוצפּהדיק אַרײַנגעשטאָכן זיך אין דעם סטאָליערס פּנים און געפֿרעגט, אַזוי ווי אַראָפּרײַסנדיק אַלע צודעקן פֿון אַ נאַקעטן לײַב: „דו ווייסט, אָדער דו ווייסט נישט? . . . אָדער דו ווייסט און דו מאַכסט זיך, אַז דו ווייסט נישט? . . . און באַלד זענען זיי זיך פֿאַנאַנ־דערגעלאָפֿן אין די זײַטן, אויסמײַדנדיק עמעצן, באַהאַלטנדיק עפּעס. און בעת מעשׂה האָבן זײַנע דינע, שוואַרצע שניר־וואָנסעלעך דין געשפּיצט זייערע קורצע נאָדל־שפּיצן, און אויף זײַנע ליפּן האָט זיך געשלענגלט יענער

כיטרער נאָכגיביקער און אומריינער שמייכל, וועלכער איז געווען אַזוי דער־ווידער פונקן.

— וואָס איז דער ווונדער? — האָט ער געענטפערט, — טערק! . . . אַלע זענען דאָרטן פאַרלײַזיקט און קרעציק . . . בײַ מיר זענען געוואָרן גע־שווירן אויף די פיס, און דווקא אויף אַזאַ אָרט . . .

ער האָט זיך אַ שטעך געטאָן מיט אַ פינגער צווישן די פיס פון הינטן, הויך איבער דעם קני־בויג, און האָט קוויטשיק אַ לאַך געטאָן.

עפעס איז געווען רייצנדיקס און אומריינס אין זײַן לאַך, אין זײַן שמייכל און אין דעם אויסמײַדנדיקן אַרומלויפן פון זײַנע אויגן. דאָס אַלץ האָט געוויינלעך אָפּגעשטויסן פון אים דעם ריינהאַרציקן סטאָליער. אָבער אין דעם מאָמענט האָט דאָס גראָד אויפגעהויבן אין אים אַ כוואַליע פון שאַרפער נײַגעריקייט, און ער האָט דערזען אין געדאַנק די פאַרעלטערטע און אָפּגע־בליטע לערערין, ווי זי שפּרינגט אויף מיט אַ געשריי פון איר חברטעס קניפּ, און גיט אַ לאַך מיט אַ נערוועזן געלעכטערל, און איר פנים ווערט רויט און גלוטיק־אָנגעצונדן.

— צוערשט ווען איך בין געגאַנגען אין שפּיטאָל, — האָט ער אָנגע־הויבן, געבנדיק נאָך אַ מאָל אַ קוק אַרויף צו פונקן און באַלד ווײַטער אַוועק־יאָגנדיק די אויגן אין די זײַטן, — איז דאָרטן געווען די שוועסטער צפורה... איצט איז זי שוין נישטאָ אין שפּיטאָל . . . צעקריגט זיך מיטן דאָקטאָר און אוועק . . . דעמאָלט איז זי נאָך דאָרטן געווען און זי פלעגט זיך דאָס עסקן מיט מײַנע וווּנדן. איך ליג אַזוי אויפן בעטל מיטן רוקן צו איר, און זי רייניקט און שמירט און טוט, עס האָט גוט געברענט! . . . אוי איז דאָס אַ סחורה — כּסדר פלעגט זי פאַרקריכן מיט די הענט ווו מען דאַרף נישט . . . איך פלעג ממש אויפשפּרינגען! . . .

מאיר פונק האָט זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין וואָרט. ער איז געווען פול מיט אַ שאַרפער און נײַגעריקער תאווה און ער האָט מורא געהאַט צו רעדן כּדי נישט אַרויסצוגעבן וואָס עס טוט זיך אין אים.

און לייזער האָט נאָך צוגעלייגט באַרימעריש:

— אָבער איך האָב זי אויך איין מאָל גוט אַ נעם געטאָן! . . .

זיי זענען אַרויס אויף יפוער גאַס און פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ דעם הויף, ווו בלומע כאַדאַראָווסקי האָט געוווינט. מאיר האָט אָנגעטאַפּט דאָס ביכל אין בוזעם־קעשענע פון זײַן מאַנטל און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— דאָ דאַרף איך אַרײַנגיין, — האָט ער געזאָגט קורץ, נישט קוקנדיק אויף לייזערן.

— צו וועמען?

— צו בלומע כאַדאַראָווסקי . . . נעמען בײַ איר אַ ביכל.

— אָ, די אויפֿזעערקע אין בית מלאכה, וואָס אסתּר גייט דאָרטן?

— קומט אויך אַרײַן! — האָט מאיר אים פֿלוצלונג אָנגעבאָטן.

נאָר לייזער האָט קיין אינטערעס נישט געהאַט אַרײַנגיין צו בלומען. זיי וועלן זיצן דאָרטן און רעדן וועגן רוסישע ביכלעך, אָדער וועגן ציוניזם, אָדער וועגן נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס קריכן אים נישט אין דער לינקער פּאה — און ער וועט דאָרטן זײַן ווי אַ פֿינפֿטער ראָד צום וואָגן. ער האָט מוחל געווען פֿונקן דעם פֿאַרגעניגן פֿון פֿאַרברענגען מיט דער דאָזיקער אָפּגעפֿליקטער אַלטער מויד.

— קומט אַרײַן! — האָט אים מיט אַ באַהאַלטענער אויפֿרעגונג גערופֿן דער סטאָליער. — צפּורה די קראַנקנשוועסטער וווינט אויך מיט איר צוזאַמען.

און ער האָט אַ שמייכל געטאָן מיט אַ געצוווּנגענעם שמייכל.

— איך דאַרף זי נייטיק האָבן! — האָט געמאַכט לייזער.

דערבײַ האָבן זיך בײַ אים אַ ריר געטאָן משפּחה־חשבונות. ס'איז זיכער, אַז אָט דער הויכער מאַן און שיינער בחור וואָלט געווען אַ גליק פֿאַר אסתּרקען. אמת, מען וועט אים באַלד נעמען דינען. דאָס איז נישט אַזוי גוט. אָבער מען קען דאָס ווי עס איז אַראַנזשירן. מען קען אים קריגן אַן עסטרײַכישן פּאַפּירל. דאָס איז נישט אַזוי שווער. און ווײַטער, ווער קען אים? זרח דער מוכטאַר קען אים אויך נישט. אַן עסטרײַכישער איז אַן עסטרײַכישער! אַ־נישט, וועט מען אים אַרײַנרוקן אין יד אַרײַן, ר' זרחקען . . . און אַ בעל מלאכה איז ער אַ גוטער. און קאַרג איז ער נישט, קען ער אים, לייזערן, אויך צונוץ קומען... און אסתּרקע איז דאָך גאָר נאָך אים די כּפּרה... און ער איז דאַכט זיך צו איר אויך צוגעלאָזן... הײַנט ווו איז דער אָפּהאַלט?

איצטער האָט שוין לייזער אַליין אויך געוואָלט אַרײַנגיין צו דער לערערין — מען דאַרף זען וואָס דאָרטן איז . . . מען דאַרף וויסן, וואָס מען האָט צו טאָן!

זיי זענען אַרײַן אין הויף. פֿונק האָט געקלערט פֿון דעם, אַז פֿאַריקן זומער האָט אין דעם הויף, אויבן אין דעם הויז, וואָס אַנטקעגן טויער, געוווינט דער שרײַבער גדליה באַראַנטשוק. נאָכדעם, ווי מען האָט אים געכאַפּט אין יפֿו, בעת ער האָט געפּרוווט אַוועקפֿאָרן מיט דער לעצטער שיף, און אים איז ווידער געלונגען אַרויסדרייען זיך פֿון זייערע הענט, איז ער מער נישט געקומען צוריק קיין ירושלים. ער איז אַוועק אין די קאָלאָניעס.

אים האָט שטאַרק לײַד געטאָן, וואָס דער שרײַבער באַראַנטשוק איז דאָ איצטער נישט געווען. עס וואָלט געווען גוט אָפּצוזיצן מיט אים אַן אָוונט און רעדן וועגן אַלץ, אַרײַנרעדן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן . . . מסתּמא איז ער ערגעץ אין גליל!

זיי זענען אַרויף אויף די טרעפּ, רעכטס פֿון טויער.

# 4

בלומע כאַדראָווסקי איז געווען אַלט פֿינף און דרײַסיק יאָר. זי האָט געהאַט אַ גוט האַרץ, וואָס איז אָפֿט געווען איבערגעפֿולט מיט אַ באַדערפֿעניש צו ליבן און זײַן געליבט, און אַ שוואַכן קאָפּ, וואָס האָט, תּמיד פֿון דאָס נײַ, פֿאַרגעסן דעם נסיון פֿונעם עבֿר. זי איז געווען פֿון וווקס אַ ביסל קלענער פֿון מיטל, איר פּנים איז געווען גלאַט און רויִק, די אויגן האָבן אַרויסגעקוקט, ווי פֿאַרוואָלקנט מיט אַ דינעם שלײַער פֿון טרויער. מען האָט געקאָנט אין זיי געפֿינען אַ באַזונדערן מיין, מען האָט אויך געקאָנט זאָגן, אַז זיי זענען שטומפּיק און האָבן קיין אויסדרוק נישט. ווען נישט דער חסרון פֿון דער געשפּאָלטענער איבערשטער ליפּ, וואָס זי האָט געקראָגן, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין קינד, אַראָפּפֿאַלנדיק פֿון די טרעפּ פֿון אַ צווייטן גאָרן, וואָלט איר לעבן זיכער געגאַנגען מיט זײַן געווײנלעכן גאַנג: זי וואָלט חתונה געהאַט צו דער צײַט — צו צוואַנציק אָדער פֿינף און צוואַנציק יאָר — און וואָלט געגאָסן פֿונעם לײַד און פֿרייד, וואָס איז באַשערט אַ גוטער און אָרנטלעכער ייִדישער אָרבעטער־מיידל.

נאָר די געשפּאָלטענע ליפּ האָט אָפּגעשטויסן פֿון איר די יונגע לײַט. דאָס לעבן האָט זי אָנגעזעטיקט מיט באַליידיקונגען און געצוווּנגען צו זײַן אײַנגעהאַלטן. אָבער דאָס האָט זי נישט געבראַכט צו פֿאַרביסענער פֿאַר־טריקנטקייט, ווי בײַ אַנדערע אַלטע מיידלעך. איר האַרץ איז נאָך ווי פֿריִער געווען באַהערשט פֿון ליבע־כוואַליעס. בײַ יעדן נײַעם שטורעם זענען פֿאַר־שווומען געוואָרן די צייכנס פֿון די אַלטע ווונדן.

דאָך האָט זי עפּעס געלערנט אין די צוואַנציק יאָר פֿון זינט איר האַרץ האָט צום ערשטן מאָל אַ צאַפּל געטאָן מיט יענעם שרעקיגן, זיס־נאָגנדיקן צאַפּל — און אַ טייל פֿון דעם האָט זי נישט פֿאַרגעסן. אָפֿטער און אָפֿטער האָבן זיך אירע געפֿילן געווענדעט פֿונעם שלעכטן און עגאָיִסטישן מין, וואָס האָט זי תּמיד אַזוי גרויזאַם פֿאַרשטויסן און אַזוי בייז אויסגעלאַכט, צו איר אייגענעם מין. און אַזוי ווי צווישן מענער האָט איר — די שלאָפֿע אין כאַראַק־טער — געצויגן צו שטאַרקערע פֿון זיך, צו זיכערע און פֿעסט־שטייענדיקע, אין וועלכע זי, די ווייבלעכע און אומבאַהאָלפֿענע, זאָל זיך קאָנען אָנלענען,

אַזוי האָט זי אויך צווישן מיידלעך אָוועקגעגעבן איר האַרץ צו שטאַרקערע ווי זי. די חבֿרטע פֿלעגט בלײַבן מיט איר אַ שטיקל צײַט, פֿלעגט זיך לאָזן ליב האָבן פֿון איר, פֿלעגט זי אויך אַ ביסל ליב האָבן — ביז עס פֿלעגט זיך נישט באַווײַזן אויף איר וועג אַ בחור. דאָן האָט שוין געמוזט קומען צו אַ צערײַסן צווישן זיי — און בלומע פֿלעגט ווײַטער בלײַבן אַליין. און איר אומגליק איז געווען, וואָס געצויגן האָט זי כּסדר צו אַזעלכע מיידלעך, צו וועלכע עס האָט אויך געצויגן דעם צווייטן מין.

צפּורה בלומענטאַל, די קראַנקנשוועסטער, האָט דאָס גוט פֿאַרשטאַנען און געוווּסט ווי אויסצונוצן די לאַגע. הינטער איר גלאַטן מאַרמאָר־שטערן, פֿון וועלכן זי האָט געוווּסט, מיט אַזוי פֿיל זאָרג און מי, צו פֿאַרטרײַבן יעדן אָנהייב פֿון אַ קנייטשל, האָט געאַרבעט אַ שטאַרק־פֿאַרעקשנטער, בייז־צע־רייצטער און פֿון קנאה פֿאַנאַנדערגעגעסענער מוחל, וואָס האָט מיט אַ וווּנדער־לעכער פֿלינקייט און שאַרפֿקייט געכאַפּט יעדע שוואַכקייט פֿון די אַרומיקע. צפּורה האָט זיך באַצויגן מיט ביטול אָן אַ שיער צו אַלע מענטשן, וועלכע זי האָט געקענט פּערזענלעך, און צום גרעסטן טייל פֿון די, וואָס זי האָט זיי געקענט נאָר פֿון הערן. צוגלײַך אָבער האָט זי געהאַט אַ טיפֿן אָפּשײַ פֿאַר די „העכערע ספֿערן", צו וועלכע זי פֿלעגט נאָר זעלטן האָבן אַ דריסת רגל — פֿאַר די העכערע ציוניסטישע פּקידים, וואָס האָבן געקראָגן גרויסע געהאַלטן — אַצינד נאָך גרעסערע, ווי פֿאַר דער מלחמה, ווײַל ס'איז געווען בײַ זיי אין די הענט צו באַשטימען וויפֿל זיי דאַרפֿן זיך נעמען. די דאָזיקע באַאַמטע האָבן אָפֿט זוכה געווען צו זען בײַ זיך אויף אַ טיי דעם אָדער יענעם פֿון די נײַטראַלע קאָנסולן, אַ דײַטשן לויטענאַנט, אָדער אַ פּאָר טערקישע שטאַבס־אָפֿיצירן, און האָבן פֿון זייערטוועגן אײַנגעלאַדן עטלעכע שיינע יידישע מיידלעך „נישט פֿון זייער קרײַז".

אין דעם קרײַז האָט צפּורה געוואָלט אַרײַנשפּרינגען — און מעג זײַן וואָס! כּמעט צוויי יאָר האָט זי באַלאַגערט דאָס האַרץ פֿון דאָקטאָר שנײַדע־ראָוויטש, דעם דאָקטאָר פֿון שפּיטאָל, ווו זי האָט געאַרבעט. אָבער ער איז געווען אַ כיטרער יונג, וואָס האָט געהאַט זײַנע אייגענע צילן. און צולעצט, ווען זי האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם פֿאַרשלאַג, וואָס ער האָט געמאַכט מאַדאַם שניטקראָם, דער אַלמנה פֿונעם אַלטן ד"ר שניטקראָם, האָט אין איר געפּלאַצט דאָס געדולד. זי איז מיט אַ סקאַנדאַל אַרויס פֿון שפּיטאָל. און דאַן איז זי געקומען צו בלומען.

זיי האָבן זיך געקענט שוין פֿון לאַנג, נאָר צפּורה האָט זיך אַלע מאָל געהאַלטן פֿון דער ווײַטנס מיט דער „שנײַדערקע". זי האָט איר קוים געענט־פֿערט אויף איר גרוס און אַ מאָל פֿלעגט זי אַ קוק טאָן אויף איר אַזוי ווי זי וואָלט זי גאָר נישט דערקענט, און פֿאַרבײַשווימען מיט אַ הויך־פֿאַרריסענעם קאָפּ — זי האָט זיך אויסגעלערנט צו גיין מיט אַזאַ שווימענדיקן גאַנג, מיט

אַ הויך־געהאַלטענעם קאָפּ. זי האָט געוווּסט דעם אײַנדרוק, וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף די מענטשן אין גאַס.

און ווי זי האָט נישט באַמערקט די לערערין פֿון גענייִ האָט זי גאַנץ גוט געזען, מיט וואָס פֿאַראַ באַוווּנדערנדיקע אויגן יענע קוקט אויף איר. און ווען זי איז געבליבן אָן אַ שטעל איז זי גלײַך געקומען צו איר — אויף אַ פּאָר טעג, האָט דאָס געהייסן. און זי האָט אַריבערגעפֿירט צו בלומען אירע זאַכן.

עס איז געווען אַ סענטימענטאַלע ליבע, אָנגעפֿילט מיט קושן און גלעטערײַען, מיט טרערן און עקסטאַז און לאַנגע האַרץ־אויסגיסונגען, אַזוי ווי די ליבע צווישן צוויי פֿערצן יעריקע מיידלעך־חבֿרטעס. די נישט יונגע און נישט שיינע לערערין פֿון גענייִ האָט מיט דער גאַנצער פֿולקייט פֿון איר אומבאַרירט האַרץ איבערגעגעבן זיך צו איר נײַער פֿרײַנדין. זי האָט פֿאַרגעסן אין איר געשפּאָלטענער ליפּ און האָט נאָר געזען פֿאַר זיך דאָס מאַרמאָר־ריינע פּנים פֿון צפּורה. דעם שטאָלצן הייב פֿון איר קאָפּ, אירע אויסגעטאָקטע פּלייצעס און בלאַנקיק־ווייסע, דינע און קײַלעכדיקע אָרעמס. קושנדיק און גלעטנדיק דאָס אַלץ האָט זי זיך געזאָגט, אַז דאָס איז אירס, אירס, איר אייגנס. און צפּורה האָט זי צוריקגעקושט אין מויל, פֿאַרמאַכנדיק די אויגן און פֿאַר־קוועטשנדיק די ציין, געקושט אין דער געשפּאָלטענער אייבערשטער ליפּ, און האָט זיך געלאַשטשעט צו איר, ווי אַ קינד צו אַ מוטער, און גערעדט מיט אַ דינעם, נאַיִוו־צוויטשערנדיקן, גוזמאדיק־זיסן קולכל, און האָט זיך געוואָרפֿן באַדינען זי אין קליינינקייטן. און דאַן, בײַ דעם וועלן באַדינען, האָט איר עפּעס אַן אײַנגעבוירענער אינסטינקט, אומבאַמערקט פֿאַר זיך אַליין, געפֿירט גראָד צו אַזעלכע זאַכן, ווי העלפֿן אויסטאָן די קאַלאָשן, אָדער אָפּ־פּוצן די שיך. בלומען איז געווען נישט אָנגענעם צו זען דאָס, כאָטש זי האָט זיך קיין מאָל נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, פֿאַרוואָס איז דאָס איר נישט אָנגענעם, און דעריבער האָט זי זיך מיט איר געראַנגלט און צוגענומען איר פֿון האַנט דעם שוך מיט די בערשטלעך. צפּורה אַליין האָט גאָר נישט געפֿילט. און נאָר ווײַל בלומע האָט זי נישט געוואָלט צולאָזן פֿלעגט זי זיך שפּעטער באַטראַכטן וואָס פֿאַר אַ דערנידערונג עס איז פֿאַר איר געווען צו פּוצן דער שנײַדערקעס שיך. דאַן פֿלעגט זיך אין דעם באַהעלטעניש פֿון איר האַרצן אָפּלייגן נאָך אַ קערנדל פֿון קאַלטער און פֿאַרביסענער שׂנאה צו דער „שנײַ־דערקע מיט דער געשפּאָלטענער ליפּ“, אַ קערנדל, וואָס האָט ביז אַ צײַט געזאָלט בלײַבן ליגן, טרוקן און האַרט, אין הויפֿן פֿון די איבעריקע קערנדלעך, וואָס האָבן זיך דאָרטן געזאַמלט.

אָבער דאָס אַלץ זענען סוף כּל סוף געווען נישט קיין וויכטיקע זאַכן, בײַ־זאַכן. די עיקר־זאַך איז געווען, וואָס זיי האָבן געוווינט צוזאַמען, זי מיט דער שנײַדערקע, אַזוי ווי צוויי שוועסטער, אַזוי ווי צוויי נייטאָרקעס־חבֿרטעס, אַזוי ווי זיי וואָלטן באמת געווען פֿון איין קרײַז. דער געדאַנק, אַז זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַזוי נידעריק, זי, וואָס זי האָט זיך געלערנט אין אַ גימנאַזיע

און קען אַפילו רעדן פראַנצייזיש, האָט זי געברענט, ווי אַ הייסע קויל. נאָכדעם, ווי די ערשטע טעג פון איר זײַן ביי בלומען זענען אַריבער און דער אָרעמער קוואַל פון דאַנק, וואָס האָט אַ שלאָג געטאָן בײַ איר אין האַרצן, האָט זיך אויס־געשעפּט, האָט די קראַנקנשוועסטער געזען מיט אַלע מעגלעכקייטן צו ווײַזן זיך וואָס ווייניקער אויפן גאַס אין איינעם מיט איר נײַער חבֿרטע.

אין יענע טעג האָט צפּורה אָנגעהויבן אַרײַנקומען צו מאַדאַם שניט־קראַם, דער אַלמנה פונעם דאָקטאָר שניטקראַם, וואָס האָט געוווינט אויף דער זעלביקער גאַס, מיט אַ קוואַרטאַל נידעריקער. דאָס וואָס מאַדאַם שניטקראַם האָט געוווינט אַזוי נאָענט איז אויך געווען אַ מעלה. פאַרנאַכט, און אַפילו אין אָוונט, ווען מען האָט נישט געזען קיין סאָלדאַטן אויפן גאַס, האָט זי געקענט צו איר אַריבערלויפן און בלײַבן בײַ איר אַ האַלבע שעה אָדער אַ שעה.

אַזוי איז זי אַרײַנגעגאַנגען צו מאַדאַם שניטקראַם איין מאָל און אַ צווייטן מאָל, מיט הפסקות פון עטלעכע טעג צווישן יעדן אַרײַנקומען, און דאַן האָט זי אָנגעהויבן אַרײַנלויפן צו דער יונגער אַלמנה יעדן טאָג, און דאַן — צוויי מאָל און דרײַ מאָל אַ טאָג, און נישט איין מאָל פאַרזעסן זיך שפּעט בײַ נאַכט און געבליבן בײַ איר נעכטיקן.

בלומען האָט איר אָפטער אַוועקלויפן צו מאַדאַם שניטקראַם געמאַכט אומרויִק. אַ מאָל, בײַם עסן, פלעגט זי אַ זאָג טאָן מיט אומצופרידנקייט:

— איך פאַרשטיי נישט וועגן וואָס רעדט איר דאָרטן אַזוי פיל מיט אײַער מאַדאַם שניטקראַם.

נישט קוקנדיק אויף דער אינטימער נאָענטקייט צווישן זיי האָבן זיי זיך געאירצט. עס זענען געווען מינוטן פון אויסגוס און גלעטערײַען, בײַ נאַכט, פאַרן שלאָף, ווען בלומע פלעגט זי אָנהויבן דוצן, און צפּורה פלעגט איר אויך ענטפערן מיט אַ „דו". אָבער אויף מאָרגן אין דער פרי, בײַם קאַלטן און טונקעלן ליכט פונעם ירושלימדיקן ווינטער־טאָג, האָט דער דערוואַכטערנדיקער „איר" צוריק פאַרנומען זײַן אָרט. בלומע וואָלט שוין לאַנג און אויף אייביק אַריבער אויף „דו" מיט דער אויסדערווײלטער פון איר האַרצן. אין דער פרי, נאָך די נעפּלדיקע עקסטאַזן פון דער נאַכט, האָט זי מיט פאַרוואָלקנטע, וואַרטנ־דיק־מאָנענדיקע אויגן געקוקט אויף איר פרײַנדין. יענע האָט געדאַרפט נאָר אָנהויבן מיט אַ „דו", נאָר איין מאָל מיט איין קליינעם „דו", און דער בונד צווישן זיי וואָלט געווען אַ פולער און אַ גאַנצער, אַ בונד אויף אַלע מאָל. נאָר די קראַנקנשוועסטער האָט זי רויִק געאירצט און זי האָט איר מיט אַן אײַנ־געהאַלטענעם זיפץ אויך געענטפערט „איר".

וועגן איר לויפן אַלע ווײַלע צו מאַדאַם שניטקראַם האָט זי אָנגעגעבן גאָר אַ וויכטיקן טעם:

— זי דאַרף דאָך זען קריגן אַ שטעלע. פון זיצן אין שטוב און קוקן אויף די פיר ווענט וועט זי געוויס גאָרנישט נישט האָבן.

בלומע האָט דאָס פֿאַרשטאַנען, אָבער דאָך איז איר פֿאַרגעקומען, אַז זי לויפֿט צו איר צו אָפֿט.

מאיר פֿונק און לייזער וועטשטיין זענען אָנגעקומען גראָד ווען די צוויי חבֿרטעס האָבן געטרונקען טיי. דער צימער איז געווען אַ פּירקאַנטיקער, אַ גערוימער און זייער אַ הויכער. בײַטאָג האָט ער געקערט זײַן אַ ביסל פֿינצ־טערלעך, ווײַל ער האָט געהאַט נאָר איין פֿענצטער, און דאָס פֿענצטער איז אַרויס אין אַ שמאָל בײַ־געסל און האָט געקערט זײַן פֿאַרשטעלט פֿון דער זון מיט דער וואַנט פֿון אַנטקעגנדיקן הויכן מויער. איצט איז ער געווען גוט באַלויכטן פֿונעם נישט־גרויסן, אָבער שטאַרק ליכטיקן לאָמפּ, וואָס איז גע־שטאַנען אויפֿן מיטן טיש אויף זײַן קופּערנעם פֿיסל. דאָס ליכט פֿונעם לאָמפּ האָט זיך בלאַנקיק אָפּגעשלאָגן אינעם שניי־קלאָרן טישטוך. בלומע האָט געהאַט אויף זיך אַ בלויען סוועטער פֿון גראָבער וואָל און אויף די פֿיס די קאַלאָשן — איר איז קאַלט געווען אין די שפּיצן פֿון די פֿיס־פֿינגער. צפּורה איז געזעסן מיט אַ וואַרעמען שאַל אַריבערגעוואָרפֿן איבער די פּלייצעס.

בלומע האָט אויפֿגענומען די געסט זייער פֿריינדלעך. מאיר פֿונק האָט געהאַט פֿאַר איר אַ באַזונדערע באַדײַטונג. ער, דער יונגער און שיינער סטאַליער מיטן אָפֿענעם און מונטערן קוק פֿון די ליכטיקע אויגן און מיט די ברוינע קאַשטאַנען־האָר, האָט קיין מאָל קיין השׂגה נישט געהאַט וועגן דעם, וויפֿל און וואָסערע שעהן דאָס אַלטע מיידל האָט אין אירע טרוימען פֿאַר־בראַכט מיט אים — מיט זײַן אָפּבילד אין איר פֿאַנטאַזיע. און נאָכדעם, ווען זי פֿלעגט זיך אויסניכטערן, פֿלעגט איר זײַן קלאָר אַזוי ווי פֿריִער, אַז ס׳איז נישטאָ פֿון וואָס צו קלערן, ווײַל אויסער אירע ביכלעך זוכט ער דאָ קיין זאַך נישט. פֿון דעסט וועגן האָט זי אויף אים קיין פֿאַריבל נישט געהאַט: ער האָט זיך באַצויגן צו איר פֿראָסט און מענטשלעך און פֿאַר די ביכלעך, וואָס זי האָט אים געגעבן צו לייענען, האָט ער איר געצאָלט מיט אַ פֿריילעכן דאַנקענדיקן קוק.

די האַרץ־שטורעמס פֿון די לעצטע פּאָר וואָכן האָבן פֿאַריאָגט זײַן געשטאַלט פֿון צווישן די טרוימען־געשטאַלטן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט איר נאַכט־קישן און אַרײַנגעפֿירט זי אינעם קעניגרײַך פֿון פֿאַרגעסנקייט. אָבער יעדעס מאָל, ווען ער פֿלעגט אַרײַנקומען צו איר, פֿלעגט זי אים באַגעגענען מיט אַ באַזונדערער צופֿרידנקייט. די „שטיק", וועלכע צפּורה האָט געמאַכט יענעם אָוונט, ווען זי האָט זיך צום ערשטן מאָל באַקאַנט מיט פֿונקן, מיטן זעצן זיך אים אויף די קני, האָבן געערגערט בלומען פֿיל מער ווי זי האָט אַרויסגעוויזן און מער, ווי זי האָט זיך אַליין מודה געווען. ווײַל פֿאַר זיך האָט זי דערקלערט איר אויפֿרעגונג מיט דעם, וואָס זי איז פּשוט אויפֿגעבראַכט אויף איר חבֿרטע צוליב איר צעלאָזנקייט.

לייזער האָט זיך געפֿילט נישט גוט, זיצנדיק בײַם ווייס־געדעקטן טיש, מיט דער נידעריקער ברייטלעכער טיי־טאַסע לעבן זיך, מיטן דינעם זילבער־

נעם לעפל אויפן שאָל, און דערבײַ נאָך אַ קליין, לײדיק שעלכל. ער האָט נישט רעכט פֿאַרשטאַנען צוליב וואָס שטייט דאָ דאָס קליינע שעלכל. קיין צוקער איז אויפן טיש נישט געווען. צוקער איז שוין דעמאָלט געווען זייער טײַער און שווער צו קריגן. אָנשטאָט דעם האָט זיי בלומע צוגערוקט אַ גלעזערנע וואַזע מיט אײַנגעמאַכטס. בלומע האָט אים דערלאַנגט דעם ערשטן — ער איז געווען מער גאַסט ווי פֿונק — ער אָבער האָט שוין פֿריִער באַרעכנט וואָס ער האָט צו טאָן, און האָט דאָס איבערגעגעבן צו זײַן חבֿר. פֿונק האָט זיך אָנגעלייגט אײַנגעמאַכטס אין דעם קליינעם לײדיקן שעלכל מיטן לעפל, וואָס האָט געשטעקט אין דער וואַזע, און לייזער האָט דערנאָך אויך אַזוי געטאָן. דאָך איז ער געזעסן ווי אויף נאָדלען. די אַלע דרײַ זענען געווען פֿון איין „שניט", רוסישע, אייגענע צווישן זיך, מענטשן, וואָס פֿאַרשטייען זיך אויפן ווונק, און ער איז דאָ אַ פֿרעמדער, אַ „ירושלימדיקער", און טאָמער זאָגט ער אַ וואָרט נישט אַזוי, אָדער ער מאַכט אַ תּנועה נישט ווי בײַ זיי איז אָנגענומען, לאַכן זיי אים אויס אין האַרצן, און דערנאָך, הינטער די אויגן, וועלן זיי געוויס רעדן וועגן אים און זאָגן: „ירושלימער כניאָק!"

בפֿרט האָט אים געשטערט די קראַנקנשוועסטער. בלומע האָט געפֿירט מיט פֿונקן אַ רויִקן שמועס איבער דעם ביכל, וואָס ער האָט געבראַכט, און איבער אַנדערע ביכלעך. ווען דער סטאָליער האָט אים פֿאָרגעשטעלט האָט זי צו אים אַ שמייכל געטאָן גוטמוטיק און האָט אים געזאָגט, אַז זי קען זײַן שוועסטער אסתּר זייער גוט, אַז זי איז אַ גוטע נייטאָרין, און זי, בלומע, איז זייער צופֿרידן מיט איר. די עלטערע, חיה, האָט אויך געאַרבעט בײַ זיי אין בית מלאכה . . . און ער איז אַ סאָלדאַט? שוין לאַנג? ווו איז זײַן לאַגער? „לעבן באר שבֿע", — האָט ער איר געענטפֿערט, און איז געווען צופֿרידן, וואָס זי האָט זיך פֿון אים אָפּגעטשעפּעט און פֿאַרפֿירט מיט פֿונקן דעם שמועס מכּוח די ביכלעך: „איר האָט געלייענט דאָס? . . . און דאָס האָט איר געלייענט? . . . ס'איז שיין . . . און דאָס . . ." די קראַנקנשוועסטער, פֿאַרקערט, האָט זיי באַגעגנט קאַלט, און ווען ער האָט איר אויסגעשטרעקט די האַנט, נאָך פֿונקן, האָט זי געגעבן אַ קוק אויף אים מיט אַזעלכע גלעזערנע, נישט־זעענדיקע אויגן, אַז זײַן האַנט האָט אַ ציטער געטאָן און שיער נישט אַראָפּגעפֿאַלן אָן אַ דרוק. דערנאָך האָט זי געטרונקען איר טיי פֿון אַ לעפֿל, מיט קליינע, אײדעלע זופּן. אינעם שמועס האָט זי קיין טייל נישט גענומען. אויף איר פּנים איז געלעגן אַן אויסדרוק פֿון לאַנגווײַליקייט. זי האָט אַ גענעץ געטאָן — אַ קליינעם, אײדעלן גענעץ — און האָט פֿאַרשטעלט דאָס מויל מיט דער דלאָניע פֿון דער האַנט.

לייזער האָט געטראַכט מיט גראָבע ווערטער וועגן דעם, ווי זי האָט אים געשמירט די ווונדן און געקראַכן מיט די הענט, ווו מען דאַרף נישט, און ער האָט זיך צעהיצט און האָט זי אויך אַ כאַפּ געטאָן און זי האָט זיך געלאָזן אַ ווײַלע, און דערנאָך, ווען עס האָבן זיך דערהערט טריט אויפן קאָרידאָר, האָט

זי אָנגעהויבן אויף אים שרײַען הויך אויפֿן קול, און ער האָט זיך אַנידער־געזעצט אַ דערשראָקענער, און דער דאָקטאָר איז אַרײַנגעלאָפֿן און געפֿרעגט: וואָס איז געשען? און זי האָט געזאָגט, אַז דער יונג ליגט נישט אײַן רויק, און דער דאָקטאָר האָט זיך אויף אים אָנגעבייזערט און געזאָגט, אַז ער וועט אים אַרויסוואַרפֿן און מער איבערן שוועל נישט לאָזן, אויב ער וועט נישט פֿאָלגן די שוועסטער . . .

„אַ סחורה... זיצט, ווי אַ פּראָנצוייזינקע!" — האָט זיך געזאָגט לייזער. — „הײַנט גיי איך שלאָפֿן צו ראָזען. זי איז כאָטש אַן אָפֿענע נפֿקא, מאַכט נישט קיין שטיק".

ער האָט בײַ זיך באַשטימט, אַז פֿאַר אסתּרקען איז אויך נישטאָ קיין סכּנה פֿון דער זײַט. יענע, מיט דער געשפּאָלטענער ליפּ, איז דאָך אָפּגערעדט, און די צאַצע — ער וואָלט אפֿשר געוואָלט — ער כאַפּט יאָ אויף איר אַ קוק, און טאַקע אַ גאַנץ געשמאַקן, אָבער זי דרייט מיט דער נאָז: אַזעלכס פֿאָדערט זיך דאָ נישט.

און דערבײַ איז לייזער די גאַנצע צײַט געזעסן מיט אַ גלוטיק־רויטן פּנים, מיט אַן אָנגעשטרענגט־אָנגעשטעלטער נאָז און צום טיש אַראָפּגעלאָזענע אויגן, און האָט געשוויצט פֿאַר אומהיימלעכקייט.

מאירן האָט אויך געוווּנדערט די אײַנגעהאַלטנקייט פֿון צפּורהן. רעדנדיק מיט בלומען האָט ער אָפֿט געכאַפּט אַ קוק אין איר זײַט. מאָדנע, ווי זי זיצט און קוקט אויף דער וואַנט און באַמערקט אים נישט, גאָרנישט ווי דעמאָלט. זײַנע אויגן האָבן זיך געגליטשט איבער איר ווײַסן, קאַלטן האַלדז, וואָס האָט ווי אַ דינע, קײַלעכדיקע קאָלאָנע אונטערגעהאַלטן דעם שטאָלצן קאָפּ מיט די שווערע צעפּ ליכטיקע האָר. ער האָט נאָך קיין מאָל נישט געזען אַזאַ קלאָר פּנים, אַזאַ קלאָרן, גלאַטן שטערן. און די אויגן אירע, וואָס האָבן דאַן אַזוי געשאָסן מיט פֿײַערלעך, זענען הײַנט טונקל און קיל, און ענטפֿערן נישט אויף זײַן רוף — זי האָט נישט מער קיין אינטערעס צו אים! . . . און לייזערס מעשׂיות? . . . אַ ליגנער! אָט זיצט ער, אַ רויטער, און וואַגט נישט אַפֿילו אויפֿהייבן אויף איר די אויגן. זי האָט געוויס אַ שטיף געטאָן מיט אים צוערשט, אַזוי ווי דעמאָלט מיט אים, פֿונקן, און ער האָט דאָס שוין דערנאָך פֿאַנאַנדערגעאַרבעט אין זײַן פֿאַנטאַזיע. און ער האָט ווײַטער געפֿירט דעם שמועס מיט דער לערערין פֿון געניי, וואָס איז אים אַלץ מער געוואָרן לאַנגווײַליק און געצוווּנגען.

צפּורה בלומענטאַל האָט נאָך אַ מאָל אַ גענעץ געטאָן און האָט זיך געקליבן גיין אין צווייטן צימער לייגן זיך. איר איז געווען נישט אָנגענעם צו זיצן בײַ איין טיש מיט לייזערן. זײַנע ווונדן, וואָס האָבן געלעבט אין איר זכּרון, האָבן איר נישט צוגעגעבן קיין אַפּעטיט. ער האָט געהאַט אַ חנעוודיק, יונג פּנימל און אַזאַ באַזונדערן געלעכטערל, וואָס האָט זי שאַרף אויפֿגערייצט,

ווען ער איז געלעגן פאַר איר מיט אַן אויפגעדעקטן לײַב. אָבער איצטער האָט זי אים נישט געקענט אָנקוקן פאַר יענער דעמאָלטיקער אויפרייצונג. עס האָט זי איצטער, אין אירע רויִקע מינוטן, אָפּגעשטויסן פון זײַנע ווערטער, פון זײַן קול, פון זײַנע תּנועות, פון דעם אויסדרוק, וואָס אויף זײַן פּנים, פון זײַן גאַנצן גײַסטיקן ווען מיט דעם זעלביקן כּוח, ווי דער, מיט וועלכן עס האָט זי געצויגן צו זײַן לײַב דאַן, ווען זי איז געווען אויפגערעגט.

מאיר פונק איז איר, פאַרקערט, געפעלן געוואָרן פון יענעם מאָל, און איז איר הײַנט אויך געווען געפעלן. זי האָט ליב געהאַט צו רעדן און שפּילן, צו ווײַזן זיך אין גאַס מיט אַזאַ הויכן און שטאַרקן יונג, וואָס איז רויִק און גוט־מוטיק, און אַ ביסל נאַיִוו און האָט אַזעלכע שיינע קאַשטאַנען־האָר . . . יאָ, אָבער נישט מיט קיין סטאָליער! דאָס וואָלט נאָך געפעלט — זי זאָל אַצינד נעמען גיין שפּאַצירן מיט אַ סטאָליער אָדער שוסטער נאָכדעם, ווי זי איז געוואָרן אַזוי באַפרײַנדעט מיט אַ שנײַדערקע! זיי רעדן זיך צווישן זיך גוט צונויף דער סטאָליער מיט דער שנײַדערקע!... כאַ־כאַ!...

זי האָט געביסן אין די דינע, בלאַסלעכע ליפּן פאַר בייזן פאַרדרוס, וועלכן זי האָט געמוזט דערשטיקן אין זיך.

און ווען זי האָט זיך געקליבן אויפשטיין און גיין שלאָפן, כאָטש זי האָט נאָך גאָר נישט געוואָלט שלאָפן, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר פון פאָרהויז. דער קלאַפּ איז געווען אַ באַפרײַנדיקער קלאַפּ. צפּורה האָט פריילעך אַ לויף געטאָן אין פאָרהויז און אַרײַנגעלאָזן מאַדאַם שניטקראַם. זיי האָבן זיך גע־שושקעט אין פאָרהויז.

— בײַ אײַך זענען געסט? — האָט געפרעגט די געקומענע, געבנדיק אַ קוק אַרײַן אינעווייניק אין צימער. זיי האָבן גערעדט פראַנצייזיש.

— א י ר ע געסט! — האָט אונטערגעשטראָכן צפּורה.

זי האָט נישט געוואָלט צולאָזן מאַדאַם שניטקראַם זאָל אַרײַנגיין און זען פון דער נאָענט די חבֿרה, מיט וועלכער זי איז געזעסן בײַם טיש.

— אָ, איך בין אַזוי צופרידן, וואָס איר זײַט געקומען, — האָט זי חניפהדיק־פריידיק אַרײַנגעקוקט מאַדאַם שניטקראַם אין די אויגן, — אַזוי צופרידן! . . . איך האָב אײַך אַזוי פיל צו זאָגן! . . . איך ווייס נאָר נישט, ווו מיר וועלן קענען רעדן פרײַ, אָן פרעמדע אויערן . . . אָך, איך לײַד אַזוי פון דעם, וואָס איך האָב נישט קיין דירה . . .

— אָ, מײַן טײַערע, — איז מאַדאַם שניטקראַם אַריבער אויף רוסיש, — זעט ווי ס׳האָט זיך צונויפגעטראָפן אַזוי גליקלעך! איך זיץ מיר און קלער: וואָס וועל איך טאָן דעם גאַנצן אָוונט? קיינער קומט נישט . . . דאָס ביכל פאַלט פון האַנט . . . איך דרעמל . . . איך עפן די אויגן און גיב אַ קוק אויפן זייגער: ווי איז צו מיר, עס איז ערשט האַלב זיבן דער זייגער. איך קלער מיר: לאָמיך אַרײַנשפּרינגען צו מײַן צפּורהלען, לאָמיך זי רופן צו מיר.

איך זע דאָ גאָרנישט ווו צו גיין, — איז מאַדאַם שניטקראָם געבליבן שטיין, ווען זיי זענען אַרויס פון פאָרהויז צום פינצטערן קאָרידאָר.

— שטייט, שטייט, דאָ זענען טרעפּ! — האָט זיך מיט זאָרג אַ וואָרף געטאָן צו איר די קראַנקנשוועסטער.

זי האָט זי גענומען פאַר אַ האַנט און פאַמעלעך אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ, און דערבײַ שטיל געגלעט איר האַנט — אַ שעמעוודיקער צייכן פון ליבע און געטרײַשאַפט, וואָס קען געגעבן ווערן נאָר אין דער פינצטער.

# 5

מאַדאַם שניטקראַם האָט געוווינט אין ווינקלהויז פֿונעם צווייטן געסל, אויפֿן איבערשטן עטאַזש. די דירה האָט געהאַט פֿינף צימערן — הויכע, גערוימע, ליכטיקע — און איז געווען רײַך מעבלירט. פֿון פֿאַרהויז, ווו דוניאַ, די רוסישע דינסט, האָט זיי געהאָלפֿן אויסטאָן די יאַקעס און די קאַלאָשן, זענען זיי אַרײַן אין אַ גרויסן זאַל, וואָס איז געווען אַזוי לאַנג און ברייט, אַז ער וואָלט געטויגט פֿאַר אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון הונדערט מענטשן. אין זאַל זענען געווען אָנגעשטעלט געפֿלאָכטענע קליינע טישלעך מיט בלומען־וואַזאָנען פֿון שטרוי־קאָליר, געפֿלאָכטענע פֿאָטער־שטולן, געפֿלאָכטענע קליינע דיוואַנעס, ווו ס'איז געווען אָן אָרט פֿאַר צווייען צו זעצן זיך. אויף די ווענט זענען געהאָנגען גראַווירן אין גאָלדן־ליכטיקע רעמלעך. אויף דער ערד זענען געלעגן העלע טאַפּעטן, וואָס האָבן אויך האַרמאָנירט אין די פֿאַרבן מיטן גאַנצן טאָן פֿונעם זאַל.

— ניין, דאָ איז קאַלט! — האָט געזאָגט מאַדאַם שניטקראַם.

זי האָט אַרײַנגעפֿירט צפורהן צו זיך אין בודואַר. דאָ איז באמת געווען וואַרעמער און היימלעכער. דער צימער איז געווען אויסמעבלירט מיט נידע־ריקע און ברייטלעכע אַראַבישע קושעטקעס און קליינע בענקלעך מיט אַטלע־סענע קישעלעך. אין אַ ווינקל האָט שטיל געברענט אַ קליין נאַפּט־אײַוועלע.

מאַדאַם שניטקראַם האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ קושעטקע. צפורה האָט זיך שוואַך אַראָפּגעלאָזן אויפֿן ווייכן טעפּיך, איר צופֿוסן, און האָט איר געלייגט דעם קאָפּ אויפֿן שויס, און פֿאַרבויגנדיק אים אויף צוריק, געקוקט אויף איר מיט איבערגעגעבענע אויגן.

— וואָס איז, מײַן מיידעלע? — האָט טרוימעריש־ווייך געפֿרעגט מאַדאַם שניטקראַם, גלעטנדיק איר די האָר.

צפורה האָט שטיל אַ זיפֿץ געטאָן. זי האָט געקוקט אויפֿן ווײַסן, פֿולן האַלדז פֿון דער בעל־הביתטע, אויף איר קײַלעכדיקן, נאָך אַלץ יונגען און אָנגענעמען פּנים, אויפֿן הויכן בוזעם, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ אומרויִק געהויבן נאָכן גאַנג אַראָפּ און אַרויף די טרעפּ — און עס האָט זי געעגבערט אַ שאַרפֿער פֿאַרדראָס אַנטקעגן איר פֿאַר איר רײַכן און רויִקן לעבן, פֿאַר

דעם כבוד, וואָס מען גיט איר אָפּ אומעטום, פאַר דער הצלחה, וואָס זי האָט ביי די מענער. „אַ פּעטע, אַן אָנגעשטאָפּטע!" — האָט זי זיך געזאָגט מיט ערגערניש. — „וואָס איז?" — פרעגט זי. זאָל זי איר דערציילן וועגן די צוויי יאָר, וואָס זי האָט געהאַט האָפענונגען אויף יענעם שוסטער־יונג, אויפן ד"ר שניידעראָוויטש? . . . און זי, די אָפּגעפּיטערטע, וואָס ווייס פון קיין דאגות נישט, איז פאַרביי־געגאַנגען און האָט אים אָוועקגענומען, און צעשטערט אַלע אירע פּלענער, די גאַנצע אַרבעט פון צוויי יאָר, און ווייס אַפילו נישט פון דעם . . . און פרעגט: „וואָס איז?" . . . צעוואָרפן, ווי מען צעוואַרפט אַ קאָרטן־הייזל, וואָס קינדער האָבן אויפגעשטעלט, און מען גייט ווייטער אָן צו באַמערקן דעם חורבן, וואָס מען האָט געלאָזן הינטער זיך . . .

דער עגבערנדיקער פאַרדראָס און דער רחמנות צו זיך אַליין פאַר איר אומבאַהאָלפנקייט האָבן ביי איר אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן. זי האָט נאָך מער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף צוריק און שטאַרקער, קאָנוולסיווער, געגעבן זיך אַ ציי מיטן דינעם קערפּער צו איר פריינדין, אַזוי ווי איבערגעבנ־דיק זיך אין גאַנצן אונטער איר שוץ.

— עס קומען אָן אַזעלכע מינוטן, ווען עס כאַפּט דיך אָן אַזאַ אומעט, אַזש יאוש, — האָט זי געזאָגט מיט אַ מאַטן קול, — און אַלץ ווערט דיר אַזוי דערווידער, אַז ס'ווילט זיך מער גאָרנישט, גאָרנישט... צוליב וואָס לעבן מיר? . . . צוליב וואָס זאָלן מיר לעבן, אַז מיר זענען אַזוי אומגליקלעך?...

מאַדאַם שניטקראַם האָט זי אַרויפגעצויגן צו זיך, האָט זי אַרומגענומען שטאַרק און געקושט אין די פאַרמאַכטע אויגן. צפורה האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אויף דער פריינדינס בוזעם. זי האָט זיך געלאָזט קושן און גלעטן, און האָט פון איר זייט געענטפערט מיט קאָנוולסיווע אומאַרמונגען.ביידע האָבן אַ וויין געטאָן.

צפורה האָט זיך פּלוצלונג אָוועקגעזעצט גלייך אויף די קני ביי מאַדאַם שניטקראַם, האָט געגעבן אַ גלאַנץ מיט די ליכטיק־גרינע, קעצישע אויגן, נאָך אַ ביסל פּייכטע פון אָקאָרשטן געוויין, און אַ לאַך געטאָן מיט אַ קורצן צעשאָטענעם געלעכטער:

— אוי, וואָס איך האָב אייך צו דערציילן! . . . אַך מיין טייערע . . . אָט דער סאָלדאַטל, וואָס איז דאָרטן געזעסן ביי מיין בעל־הביתטע . . . ביי דער לערערין פון געניי, ביי וועלכער איך וווין . . . אַך . . . — זי האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן, ווי פאַרשעמט — איך ווייס נישט ווי מען קאָן דאָס דערציילן . . .

— דערציילט, דערציילט! נו, מיין טייערע . . . — איז צו איר צוגעצ־שטאַנען און נייגעריק זיך געבעטן ביי איר מאַדאַם שניטקראַם. — אַז איר האָט אָנגעהויבן טאָ דערציילט, אַ־נישט האָט איר נישט געדאַרפט אָנהויבן! — האָט זי אַ געשריי געטאָן שוין אַ ביסל מיט כעס.

די קראַנקנשוועסטער האָט זיך צוגעבויגן צו איר אויער און עפּעס גענומען איר אויף גיך אַרײַנשושקען.

— וואָס רעדט איר! — האָט געזאָגט די אַלמנה מיט אַ צעפּלאָמטן פּנים.

— איך זאָג אײַך! איך בין דאָך אַליין אַרום אים אַרומגעגאַנגען.

מאַדאַם שניטקראַם האָט געטראַכט וועגן די אומבאַקאַנטע, אומפאַר־שטענדלעכע, משונהדיקע און שרעקלעכע מנהגים פון די אַזיאַטן. זי האָט זיך אָפּגעוואָרפן מיטן רוקן צום אַנלען־קישן פון דער קושעטקע, האָט האַלב פאַרמאַכט די אויגן און שטאַרקער צוגעדריקט צו זיך דעם שלאַנקן גוף פון איר פרײַנדין. צפורה איז אָן ווילן געלעגן בײַ איר אין די הענט. זי האָט שטיל געציטערט, און מיט אַ שטילן קול, וואָס האָט געהאַט אַ טרוקענעם בײַ־קלאַנג, דערציילט ווײַטערדיקע איינצלהייטן:

— ס'איז נישט נאָר מיט יינגלעך, — האָט זי געזאָגט דערנאָך. — בײַ אונדז אין שפּיטאָל איז געלעגן איינע פון דמשק . . . אַ יונגע פרענקינע . . . אַ טענצערין, אַ ווייס איך וואָס . . . מיט איין וואָרט: אַן אמתע פּראָסטיטוטקע . . . שוין פון עטלעכע יאָר . . . איז שטעלט זיך פאָר די פאַרוווּנדערונג פון אונדז אַלעמען — די דאָקטוירים און די שוועסטער — אַז מיר זעען — מען האָט איר געמאַכט אַן אָפּעראַציע וועגן אַ פרויען־קראַנקהייט — אַז מיר זעען, זי איז נאָך גאָר אַ מיידל. איר פאַרשטייט, נאָך דרײַ אָדער פיר יאָר! מיר האָבן אונדזערע אויגן נישט געגלויבט. אָבער ס'איז פאָרט אַזוי. דערנאָך האָט מען אונדז דערציילט, אַז אין דמשק איז דאָס נישט זעלטן, אַז מיט מיידלעך באַגייט מען זיך, ווי מיט יינגלעך . . . אַראַבישער געשמאַק! כאַ־כאַ! . . .

זי האָט קורץ און אויפגערעגט אַ לאַך געטאָן, און אַ קניפּ געטאָן די אַלמנה, אַזוי ווי דעמאָלט בלומען.

— אוי, צפורה, לאָזט אָפּ! . . . אוי, אוי! . . . זײַט נישט אַזוי צעלאָזן!

— האָט געצאַפּלט די אַלמנה.

צפורה האָט זי אָפּגעלאָזן און גענומען זוכן די שפּילקעס, וואָס זענען איר אַרויסגעפאַלן פון די האָר בעתן ראַנגלען זיך.

— און איר מיינט, אַז ער איז טאַקע גאָר אַ קרבן, — האָט זי געזאָגט און בעת מעשׂה צורעכט געמאַכט איר פאַרקעמונג, — און איך פאַרזיכער אײַך, אַז ס'איז נישט גאָר אַזוי . . . אַז ער איז גאָרנישט אַזוי אומשולדיק אין דעם . . . איך קען אים שוין גוט . . . צוויי וואָכן געמאַכט די באַנדאַזשן יעדן טאָג . . . געהאַט גענוג צײַט . . . דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווײַט פונעם בוים — זײַן עלטערע שוועסטער האָט אַ פאַרבינדונג מיט אַ גרעק — אַלע רעדן פון דעם אין שטאָט.

זי האָט נאָך דערציילט מעשׂיות פון דעם סאָרט. צווישן אַנדערע זאַכן האָט זי אַגבֿ אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן די באַציִונגען, וואָס ד"ר שנײַדעראָ־וויטש האָט געהאַט מיט איינער פון די קעכינס אין שפּיטאָל. מאַדאַם שניט־

קראָם האָט דערבײַ געלאַכט מיט אַ ביסל אַ געצוווּנגענעם געלעכטערל, און האָט אַזוי ווי אַגבֿ אורחא נאָכגעפֿרעגט זיך וועגן דעם צופֿאַל. צפורה האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן־לעדלעך כּדי צו באַהאַלטן די שפּרינגענדיקע פֿונקען פֿון אירע אויגן. זי האָט דערציילט אין אַ נאַיִוון, נישט־פֿאַראינטערעסירטן טאָן. און אַ געדאַנק בײַ איר אין מוח האָט געטאַנצט אַ פֿריילעכן ניצחון־טאַנץ:

„אַרײַנגעקלאַפּט דיר אַ פּלעקל, מײַן ליבער ד"ר שנײַדעראָוויטש!"

# 6

פֿון זינט לײזער האָט איר אַ זאָג געטאָן די ווערטער: „גיב אַכטונג, דו נאַר, ער קוקט גאָר ערגעץ אַנדערש!” — האָט אסתּרקע נישט געוווּסט פֿון קײן רו. ער האָט זיך דעמאָלט געריצט מיט איר און געלאַכט מיט זײַן אומ־ציכטיקן געלעכטער. פֿאַר כּעס און עקשנות האָט זי זיך געמאַכט, אַז איר גײט דאָס גאָר נישט אָן, אַז זי פֿאַרשטײט נישט און װיל נישט פֿאַרשטײן װאָס ער מײנט מיט זײַנע אָנצוהערענישן און רעטענישן. און ער האָט איר דערפֿאַר טאַקע, אויך פֿאַר כּעס און עקשנות, גאָרנישט װײַטער געזאָגט, כאָטש אים האָט געביסן די צונג צו דערצײלן. עס האָט איר דערנאָך שטאַרק באַנג געטאָן, װאָס זי האָט זיך דעמאָלט נישט געלאָזט רעדן. עס האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז זײַן צײַט פֿון פֿרײַ איז אויסגעגאַנגען. ער האָט זיך נישט אומגעקערט צוריק אין לאַגער, אָבער אין דער הײם האָט ער אויך מורא געהאַט צו בלײַבן. ער האָט פֿאַרקויפֿט זײַנע סאָלדאַטסקע קלײדער און װידער אָנגעטאָן זיך ציוויל. ער האָט פֿון ערגעץ געקראָגן אַן עסטרײַכישן דאָקומענט. דער מאַמען האָט ער געזאָגט, אַז ער װעט זײַן בײַ דער מומע עלקע — דאָרטן, בײַ די אונגאַרישע, איז בכּלל זיכערער. און אַ הײם װעט ער מער נישט קומען — ס׳איז גלײַכער אַזוי.

אסתּרקע איז שוין עטלעכע מאָל אַרײַנגעלאָפֿן פֿאַרנאַכט, גײענדיק פֿון דער אַרבעט, צו דער מומע עלקע. לײזערן האָט זי דאָרטן נישט געטראָפֿן. דער פֿעטער עקיבֿא האָט איר קאַלט געענטפֿערט:

— ער האָט בײַ מיר גענעכטיקט אײן מאָל . . . נו, מילא. אָבער װײַטער נישט! װאָס מײנט איר זיך, אַז בײַ אונדז איז אַן ערי מקלט . . . די פּאָליציי װײסט אַהער אויך גאַנץ גוט דעם װעג . . . שוין נישט אײן מאָל געװען. צוגאַסט — ביטע. מיר קערן זיך דאָך אָן, שטיקלעך אײגענע קערן מיר זיך אָן . . . און אויף קעסט — גײ געזונטערהײט און גאָט זאָל דיר צושיקן עפּעס בעסערס . . . קום, זיץ, אסתּרקע!

זי האָט נאָך קײן מאָל פֿריִער נישט באַמערקט, װאָס פֿאַר אַ קורצן גראָבן האַלדז ער האָט, דער פֿעטער עקיבֿא. זײַן קאָפּ איז װי אַרײַנגעװאַקסן אין די

פלייצעס, די אויגן קײַלעכדיקע, ווי בײַ אַ פיש, אָן ברעמען, און קוקן אויס־געגלאָצט; און דער קאָפּ איז בײַ אים אַ קײַלעכדיקער, און די באָרד איז אַ ברודיק־געלע, אַ קורצע, ברייטע און געדיכטע . . . אַ פאַרשוין!

גייענדיק אַהיים האָט זי געקלערט וועגן איר פּרינץ. ער איז אַ הויכער, און זײַן פּנים איז ליכטיק — עס איז באַלויכטן מיט זײַנע וווּנדער־לעכע, שמייכלענדיקע, ליכטיק־גרויע אויגן. און די האָר זײַנען אויך ליכטיקע, שאָטנדיק־ליכטיקע, ווייכע, וועליקע . . . ער איז אַ שטאַרקער, אָן מורא, און איז בכלל אַן אַנדערער, נישט ווי די היגע יִנגלעך . . . „מאיר . . . מאיר . . . מאירקע מײַנער! . . . מײַן מאירקע . . . ער איז אַ גוטער . . .“ אַ גוטער צו אַלעמען . . . צו איר אויך . . . און נאָך צו עמעצן . . . נאָך — צו וועמען? . . . „דו, נאַר, ער קוקט גאָר ערגעץ אַנדערש“. צו וועמען? . . .

זי האָט פאַרגיכערט אירע שריט און אַראָפּגעלאָזן דעם טיכל איבערן שטערן די פאַרבײַגייער זאָלן נישט זען די טרערן, וואָס זענען איר אָנגעלאָפן אין די אויגן.

זי האָט געוווּסט פון די חברטעס, אַז לייזערקע דרייט זיך אַרום מיט איינער אַ ראָזען, וועלכע איז פון די מיידלעך. דאָרטן וואָלט זי אים געוויס געפינען. מען האָט איר געזאָגט, אַז דאָס מיידל זיצט אין „סוכות שלום“. אָבער ווו, אין וועמענס הויז, דאָס האָט זי נישט געוווּסט. און פאַנאַנדערפרעגן זיך — ווי וועט זי זיך פאַנאַנדערפרעגן? און אַפילו ווען זי זאָל וויסן דאָס הויז וואָלט זי דאָרט נישט אַרײַנגעגאַנגען. אַרײַנגיין צו אַזאַ . . . טפו! זי וועט דאָס קיין מאָל נישט טאָן!

דער געדאַנק אַליין וועגן יענער מיידל האָט טיף באַליידיקט איר צניעות און ציכטיקייט פון אַן אָרנטלעכער באַלעבאַטישער יִדישער טאָכטער. זי האָט געפילט אַ שׂנאה צו יענער אומבאַקאַנטער — אַ שׂנאה פון אַ מיידל, וועלכע האַלט זיך און וועלכע מען האַלט אין צוים, קעגן דער, וואָס האָט אָפּן צעריסן דעם צוים און אויסגעלאַכט זיך פון זיי אַלעמען; זי האָט געפילט צו איר אַן עקל פון אַ פרוי, וועלכע האָט ליב און וויל נישט צולאָזן, אַז מען זאָל קאָנען אַפילו קלערן פון אַן אַנדערן, נישט פון דעם איין־איינציקן; צו דער, פאַר וועמען אַלע זײַנען גלײַך, און וועלכע האָט דעריבער פאַרלוירן די רעכט צו זײַן אַ פרוי; און זי האָט געפילט צו איר דעם גאַנצן אײַנגעוואָרצלטן, פון קינדוויַיז אָן אײַנגעזאַפּטן אָפּשטויס, שרעק און כּעס, וואָס אַ פרומער און אָרנטלעכער פילט צום זינדיקן.

פון דעסט וועגן האָט זי דאָך איין מאָל אַ פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט אין אַ בלאָטע אונטער אַ שיטערן רעגנדל זיך אַרומגעדרייט אין געסל פון דער שכונה „סוכות שלום“. זי האָט געהאָפט, אפשר וועט זי זיך צופעליק באַגעגענען מיט לייזערן. זי איז שוין אויף אַזוי פיל אַראָפּגעפאַלן בײַ זיך, אַז ווען זי וואָלט געוווּסט אויף ריכטיק ווו עס איז די וווינונג פון יענער, פון ראָזען,

וואָלט זי אפשר צו איר אָנגעקלאַפּט, און אפשר — אַרײַן אויך. נאָר דאַן האָט זי זיך געפֿרעגט: ווי וועט זי רעדן מיט לייזערן פֿאַר „יענער" אין די אויגן? און נישט טרעפֿנדיק אים אין גאַס איז זי, אַ צעבראָכענע, צוריקגעגאַנגען אַהיים.

אין שטוב איז געווען פֿינצטער און קאַלט. די מאַמע איז געלעגן אין בעט און געקרעכצט. בײַ טאָג האָט זי זיך נאָך ווי עס איז אַרומגעשלעפּט אויף די געשוואָלענע פֿיס, צוגעשטעלט אין קיך אויפֿן לײמענעם איווועלע אַ טעפּל וואַסער מיט אַ הייפֿל „בורגאַל", גראָבע ווייץ־גרויפּן, פֿאַרמישט מיט אַ ביסל מעל צוליב געדיכטקייט, און מיט בוימל צוליב טעם, אָדער געמאַכט אַ באָרשט פֿון גרינע בלעטער, וואָס די טעכטער האָבן געבראַכט אין דער פֿרי פֿון קלייטל אונטן. אָבער נאָך מיטאָג פֿלעגט איר ווערן ערגער. זיי האָבן אַלע געליטן אויפֿן מאָגן פֿון די שווערע, גראָבע עסנס, און נאָך מער פֿונעם טונקעלן דוראַ־ברויט, וואָס איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ פֿאַרדעכטיקן בלוי. מען האָט געזאָגט, אַז די מילנער מישן צו צום דוראַ־מעל אַ מעל פֿון ווילדע זאַנגען, וועלכע מאַכן קראַנק די מענטשן, און פֿון דעם איז דער בלויל־עכער קאָליר אין דעם ברויט. מענע האָט דאָס ברויט גאָר נישט געקענט פֿאַרטראָגן, נאָכן עסן האָט זיך איר געדרייט דער קאָפּ, אָפֿט האָט זי געבראָכן. און די קעלט, וואָס האָט זי דורכגענומען, ווען זי איז געשטאַנען אין קיך, אָדער ווען זי איז געגאַנגען אויפֿן ווינט דורכן קאָרידאָר פֿון שטוב אין קיך אַרײַן און צוריק, האָט זיך בײַ איר אָפּגערופֿן מיט אַ ציטער איבערן גאַנצן לײַב. זי האָט געדאַרפֿט לאַנג ליגן אין בעט אײַנגעוויקלט אין אַ קאָלדרע, מיט אַ פּערינע פֿון אויבן, און אויסטרינקען אַ פּאָר גלעזער הייסן טיי ביז זי האָט זיך דערוואָרעמט.

חיהקע איז געזעסן בײַם טיש און האָט זיך געגרייט אַ ווינטער־היטעלע בײַם ליכט פֿון אַן אויל־לעמפּל. דאָס איז געווען אַ פּראָסטע טיי־גלאָז אָנגעפֿילט ביז דרײַ פֿערטל מיט וואַסער, פֿון אויבן ביז די ברעגעס איז געווען אויל, און אינעם אויל איז אַרומגעשווומען אַן איבערגעפֿלאָכטענער באַוול־פֿאָדעם — אַ היימיש געמאַכטער קנויטל. אַזעלכע לעמפּלעך — די פֿאַסאָנען זענען געווען פֿאַרשיידן — האָבן שוין דאַן געברענט אין אַלע דירות פֿון דאַבערמאַנס הויז, און אין דער גאַנצער שכונה, און כמעט אין דער גאַנצער שטאָט. נישט וואָס נאַפֿט איז גאָר אויסגעגאַנגען אין שטאָט. פֿאַרקערט, מען האָט דערציילט, אַז בײַ די סוחרים ליגן נאָך באַהאַלטן גאַנצע אוצרות מיט נאַפֿט. אויס מורא פֿאַר דער רעגירונג, דאָס הייסט פֿאַר די באַאַמטע, וועלכע האָבן צוגענומען פֿאַר זיך די סחורות, וואָס האָבן אויסגעפֿעלט אין לאַנד, האָבן די סוחרים באַהאַלטן: נאַפֿט, צוקער, טיי און נאָך אַזעלכע זאַכן, וועלכע זיי האָבן שפּעטער שטילערהייט מיט דער הילף פֿון מעקלער און גאַסנהענדלער פֿאַרקויפֿט פֿאַר זייער הויכע פּרײַזן. די שטאָט האָט געוווּסט פֿון דעם און האָט געשוויגן. וואָס וואָלטן זיי געהאַט פֿון דעם, ווען זיי זאָלן פֿאַרמסרן. די רעגירונג וואָלט אַליין צוגענומען און קיינער וואָלט פֿון דעם קיין נוצן נישט געהאַט. דעריבער האָט

נאַפּט נישט אויפגעהערט צו זען זיך אין שטאָט. דאָרט ווו ס'זענען געווען איבעריקע עטלעכע גראָשן האָבן נאָך אַלץ געברענט נאַפּט־לאָמפּן. אין די רײַכע הײַזער זענען די פֿענצטער געווען באַלויכטן, העל, ווי אַמאָל. אָבער די שטאָט, דאָס רובֿ שטאָט, איז צוריק אַריבער צו די פּאַרצײַטיקע קנויטלעך מיטן אויל.

— וואָס ביסטו אַזוי שפּעט, אסתרקע? — האָט געפֿרעגט די מאַמע.

— געווען אַרבעט.

— מען אַרבעט און קיין עסן האָט מען נישט . . . אַד־כאָ! . . . — האָט אַ קרעכץ געטאָן די מאַמע.

— ס'איז נאָך דאָ אַ ביסל קאַלטער באָרשט פֿון וואַרעמעס, — האָט זיך אָפּגערופֿן חיה.

—און דער זיידע האָט שוין געגעסן? — האָט אַ פֿרעג געטאָן אסתּר.

ר' זלמן איז געזעסן אין דער פֿינצטער, אין פֿאָדערשטן צימער, און האָט שטיל פֿאַר זיך געברומט עפּעס אַן אומעטיקן ניגון, פֿון וועלכן עס האָט אַן ווערטער אָפּגעהילכט אַ קלאָג אָן אַן אויסוועג, אַן אייביקע קלאָג פֿון עלנט און לײַדן, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אָנהייב און קיין סוף, אַזוי ווי דער ניגון אַלײן. ער האָט שוין געזופּט אַ ביסל קאַלטן באָרשט מיט בלעטער, ער האָט שוין אַ קײַ געטאָן און איבערגעלאָזן דעם שטיקל בלויליכן ברויט, וואָס האָט פֿאַרסמט זייערע מאַגנס, און איצט איז ער געזעסן אין דער פֿינצטער, אויף זײַן בעט, אין דער פֿאָדערשטער שטוב — אַ לאַסט פֿאַר זײַנע הונגעריקע קינדס־קינדער און אַ לאַסט פֿאַר זיך אַלײן, אַן איבעריקער מענטש אויף דער וועלט — און געוואַרט אויפֿן סוף, געבעטן אַ מאָל מיט ווערטער ער זאָל שוין גיכער קומען, און אין האַרצן — טיף אין האַרצן — מורא געהאַט פֿאַר אים — מורא געהאַט ביז אַ מין פֿאַרשטיינערונג אין אַלע גלידער. און דאַן, ווען די הענט זענען בײַ אים געלעגן אויף די קני אָן באַוועגונג און דער רוקן האָט זיך אָנגעלענט אָן דער וואַנט און נישט קיין ריר געטאָן זיך, און די אויגן האָבן געקוקט ווי פֿאַרגליווערט, און נישט געווונקען — דאַן האָט דאָס אַלטע האַרץ געשלאָגן זיך אין ברוסט מיט אַ ווייטיק אָן אַ שיער. און דעמאָלט פֿלעגט ער אָנהייבן ברומען יענעם אומעטיקן ניגון — דעם ניגון פֿון דער אייביקער קלאָג, וואָס האָט נישט קיין האָפֿענונג און נישט קיין כּעס, וואָס האָט נישט קיין אָנהייב און נישט קיין אויסגאַנג. אין דרויסן האָט געוויעט אַ קאַלטער מערבֿ־ווינט. ער האָט געקלאַפּט איבער די בלעכענע דעכער, ווי אַ מײַסטער אַ שפּילער קלאַפּט איבער די סטרונעס פֿון זײַן האַרפֿע. יעדער דאַך איז געווען אַ סטרונע, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענעם קול. ער, דער מײַסטער, איז אַריבער איבער אַלע סטרונעס, און אַלע האָבן זיך אָפּגערופֿן — די פֿריִער, די שפּעטער — די טויב און שטומפּיק, פֿון דער ווײַטנס, די מיט אַ הויכן הודיען, איבערן קאָפּ. און דאָס ברומען פֿון דעם זיידן האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן

מיטן וויען און הודיען פּונעם ווינט, און דער ניגון איז בײַביידן געווען דער זעלביקער ניגון, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער ווינט, וואָס לויפט אַרום איבער די דעכער אין דער פינצטער און קעלט, האָט די זעלביקע געפּילן, ווי דער אַלטער ר׳ זלמן, און אפשר אַזוי ווי ער באַמערקט ער גאָר נישט, אַז ער ברומט.

אסתּרקע איז באַלד פאַרטיק געוואָרן מיטן טעלער באָרשט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט מיט פאַרוואונדערטע אויגן.

— נו... איך בין הונגעריק! — האָט זי געזאָגט אומגעדולדיק.

חיה האָט אויפגעהויבן אויף איר די אויגן מיט אַ שמייכל:

— קום אין קיך, מיר וועלן מאַכן טיי . . . אַלע וועלן זיך דערוואַרעמען.

— אָבער איך וויל עסן! — האָט אסתּרקע געמאַכט קלאָגעדיק־קאַפּריזנע.

— קום, קום, אסתּרקע! — האָט חיה געזאָגט וואַרעם.

די שוועסטער האָבן זיך ליב געהאַט. חיה איז געווען די גרעסערע, מיט צוויי יאָר עלטער, ווי אסתּר. זי האָט געהאַט שוואַרצע האָר, ווי אַלע בײַ זיי אין דער משפּחה. אין וווקס און אין דער פיגור איז זי געווען געראָטן אין דער מאַמען: אַ הויכע, מיט אַ שטיק קאָפּ העכער פאַר דער ייִנגערער שוועסטער, אַ ברייטע, אָבער נישט אַזאַ פולע און קײַלעכדיקע. די נאָז האָט געררוט אויף צוויי ברייטע פליגלען, דאָס פּנים האָט אויסגעזען פרישער און געזינטער, ווי בײַ די אַנדערע אין שטוב, די אויגן האָבן שוואַרץ געשווימט און האָבן דערמאָנט אין די אויגן פון דער מומע עלקע.

חיה האָט אָנגעצונדן אין קיך — אַ קליין בלעכן קעמערל אין ווינקל פון קאָרידאָר, רעכטס פון זייער שטוב־טיר — אַן אויל־קנויטל אין אַ שערבל פון אַ צעבראָכן טעפּל, און אסתּר האָט געמאַכט אַ פײַערל אין אייוועלע. דער רעגן אין דרויסן האָט אויפגעהערט און ווײַטער אָנגעהויבן. ווען ער איז געוואָרן געדיכט האָט ער געקלאַפּט אַזוי ווי האָגל אין דעם בלעכענעם דאַך פון דער קיך.

— נאַ, עס! — האָט חיה געזאָגט קורץ, אַרײַנרוקנדיק דער שוועסטער אין האַנט אַ שטיקל וווּרשט און ברויט — אמתן, ריינעם, האַלב־ליכטיקן ווייצענעם ברויט.

— זע, פון וואַנעט האָסטו דאָס? — האָט זיך געוווּנדערט אסתּר.

זי האָט זיך זשעדנע צוגעכאַפּט צום טײַערן ביסן. דערנאָך, מיט אַ פולן מויל, און שוין געשטילט דעם ערשטן הונגער, האָט זי געזאָגט:

— דו גיסט אויס אויף נאַשערײַען, חיהקע. זע, מיר וועלן נישט אויס־קומען מיט דער הוצאה.

— עס, מיר וועלן אויסקומען! — האָט איר מיט קאַרגע ווערטער גע־ענטפערט די עלטערע שוועסטער.

חיה איז פון אַלע מאָל געווען מער זעלבשטענדיק. זי פלעגט עפּעס פאַרטראַכטן און טאָן, נישט אָנפרעגנדיק ביי קיינעם. זי האָט נישט געקענט ליידן מען זאָל איר זאָגן אַ דעה.

שוין פון אַ פּאָר חדשים ווי זי איז אַוועק פון בית מלאכה, ווו זי האָט געניית צוזאַמען מיט אסתרקען, און מען האָט אין שטוב נישט געוווּסט ווו זי אַרבעט. זי האָט געזאָגט, אַז זי אַרבעט ביי אַ פרענק, אַ שניידער, אין דער „אַלטער שטאָט". זייער פאַמיליע איז געווען אַ ירושלימדיקע שוין פון צווייטן דור. אסתר איז קיין מאָל נישט אַרויסגעפאָרן פון ירושלים, נאָר זי איז אויסגעוואַקסן אין די שכונות, וואָס אויסער דער שטאָט, און די שטאָט אַליין, די „אַלטע שטאָט", איז איר געבליבן גאָר אומבאַקאַנט. זי האָט געקענט נאָר דעם מאַרק, וואָס אויף דער „יידישער גאַס", און די יאַטקעס, וואָס הינטערן „דייטשן פּלאַץ", און די פינצטערע געסלעך פונעם „באַטראַק". ווייטער זענען נאָך געלאָפן געסלעך און געסלעך, שמאָלע, איינגעקוועטשטע, די הייזער האָבן געהאַט האַלב־קיילעכדיקע דעכער, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי פאַרזונקענע און צום טייל נאָר אַרויסגעשטעקט־געבליבענע אייער. צווישן די דעכער זענען געווען אַלטע וועגנטלעך מיט איינגעמוירטע ליימענע קריגלעך — אַ קריגל צו אַ קריגל — מיט די מיילער אַרויס — אַראַבישע הייזער, וואָס אין פילע פון זיי האָבן אויך געוווינט יידן: אַשכנזים, ספרדים, מוגראַבער (מאַראָקאַנער) און אַלערליי אַנדערע. דאָרטן ערגעץ האָט געאַרבעט איר שוועסטער. זי האָט נישט געהאַט קיין השגה — ווו?

חיה איז אָפּט געקומען שפּעט אַהיים — צען, עלף ביי נאַכט. שפּעטער פון עלף האָט מען בכלל נישט געטאָרט גיין אין גאַס. די ערשטע צייט פון דער מלחמה איז ווי נאָר ס'פלעגט ווערן פינצטער האָט מען שוין נישט געטאָרט די נאָז אַרויסשטעקן אין דרויסן. און ביי איר בעל־הבית, זאָגט זי, איז דאָ אַ סך אַרבעט, ער נייט פאַר אָפיצירן, און דעריבער זיצט מען אָפּט ביז צען און ביז האַלב עלף. און אַ פּאָר מאָל אין וואָך קומט זי גאָר נישט אַהיים נעכטיקן: מען אַרבעט ביז האַלבער נאַכט און דערנאָך קען מען שוין נישט גיין אַהיים, מען מוז בלייבן נעכטיקן אין וואַרשטאַט.

אַזוי זאָגט זי . . . זי וואָלט זיך געקענט נאָכפרעגן ביי די חברטעס, די שטאָטישע. אָבער עפּעס האַלט זי אָפּ פון נאָכפרעגן זיך. זי האָט שוין געכאַפּט איין מאָל אין זייער שושקען זיך דעם נאָמען פון איר שוועסטער. און זי וויל ביי זיי נישט פרעגן.

איז דאָס אמת, וואָס זי זאָגט? אָט האָט זי, אסתר, אויך געזאָגט דער מאַמען, אַז זי האָט זיך פאַרשפּעטיקט ביי דער אַרבעט. אַלע מאָל זאָגט מען אַזוי . . .

— מען דאַרף לאָזן פאַר דער מאַמען! — האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן אסתר, ווען ביי איר איז געבליבן שוין כמעט נאָר דער עקל פון דעם ווורשט און

גאָר אַ קליין שטיקל ברויט. — און פֿאַרן זיידן! . . . אוי־ווי, איך האָב אַליין אין גאַנצן אויפֿגעפֿרעסן!

— איך האָב פֿאַר זיי אויך, — האָט ברוגזלעך געזאָגט חיה.

זי האָט די לעצטע צײַט שוין עטלעכע מאָל געבראַכט אין שטוב אַזעלכע ביסנס, פֿון וועלכע מען איז דאָ שוין לאַנג געווען אָפּגעוווינט. און שטענדיק איז זי דערבײַ געווען שלעכט אויפֿגעלייגט. זי האָט ווי פֿאַר עפּעס מורא געהאַט, און האָט מיט אַ האַלבן מויל געוואָרנט, מען זאָל פֿון דעם נישט אויסריידן זיך: „לײַט וועלן אונדז נישט פֿאַרגינען!“

— און פֿאַרן שכן? — האָט געבעטן אסתּר.

— וואָס נאָך? — האָט אַ געשריי געטאָן מיט האַרץ חיה. — אפֿשר נאָך צונויפֿרופֿן דעם גאַנצן הויף אויף אַ מאָלצײַט?

נאָר ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן אויסגעצויגענעם פּנים פֿון איר שוועסטער, האָט זי זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט:

נו, פֿאַר אים אויך . . . נאָר זאָג אים ער זאָל מאַכן אַ שווײַג . . . נייך, מען דאַרף נישט, זאָלסט אים גאָרנישט נישט זאָגן, הערסט? . . . זאָג מיר בעסער, וואָס ציט זיך דאָס בײַ אײַך, ווי פֿון פעך?... וואָס, קענסט אים נאָך אַלץ דעם שטריקל נישט אָנטאָן, דו, בהמה? . . . אַ בחור איז ווי אַ קעל־בעלע . . . און אַז דו ביסט אַ בהמה דאַרף ער דיר נאָכגיין, ווי אַ קעלבעלע גייט נאָך אַ בהמה . . . כאַ־כאַ־כאַ! . . .

בײַ אסתּרן האָבן אַ פֿלאַם געטאָן די באַקן. זי איז געשטאַנען האַלב אָפּגעקערט פֿון דער שוועסטער. דורכן שפּאַלט פֿון דער קיך־טיר האָט זי געזען ליכט אינעם פֿענצטער פֿון שכנס צימער. ער מוז זיצן און לייענען איינס פֿון זײַנע רוסישע ביכלעך, וואָס ער נעמט בײַ זייער אויפֿזייערקע, בלומע מיט דער געשפּאָלטענער ליפּ. ער זיצט און לייענט. קיין מאָל גייט ער צו איר נישט אַרויס, באַגעגענען זי ווען זי קומט פֿון דער אַרבעט. אים איז אַלץ איינס צי זי קומט פֿרי, צי זי קומט שפּעט, צי זי זאָל גאָר נישט קומען. „ער קוקט ערגעץ אַנדערש“ . . . ווו? אויף דער געשפּאָלטענער ליפּ? כאַ־כאַ! . . . זי מוז רעדן מיט אים . . . איין מאָל אָפּן דורכרעדן זיך, זאָגן אַלץ . . . זאָל דאָס נעמען אַן עק!

— אסתּרקע! וואָס האָסטו זיך אַזוי פֿאַרקוקט, מײַן שוועסטערקע? מען זעט דאָך אים גאָר נישט פֿון דאַנעט — ס׳איז בלויז אַ שײַן, וואָס מען זעט...

— און דו — מיינסט, אַז מען ווייסט נישט פֿון וואַנעט דו נעמסט דאָס געלט אויף צו קויפֿן ווורשט מיט ווייצענע ברויט? מיינסט, אַז מען ווייסט נישט, ווו דו פֿאַרברענגסט די נעכט? — האָט פּלוצלונג אויפֿגעקאָכט אסתּר.

חיה איז געוואָרן בלייך אויפֿן פּנים.

— למשל, ווו? נו, ווו? — האָט זי געזאָגט קאַלט.

— ווי . . . — האָט מיט אַן אויסרוף געמאַכט אסתּר.

— נו . . .

אסתּר האָט געשוויגן. זי האָט נישט געוווּסט ווי און וואָס. זי האָט נאָר געהערט, אַז מען שושקעט זיך. זי איז געווען אומרויִק. זי האָט געוואָלט, אַז איר שוועסטער זאָל צעזייען דעם נעפּל.

— רעד! — האָט מיט אַן אומגעריכטער ווילדקייט אַ געשריי געטאָן חיה און האָט זי מיט כּוח אַ טרייסל געטאָן פאַרן פּלייצע.

— אוי־אוי! . . . לאָז מיך!

— רעד! — האָט געמאַכט חיה מיט נאָך מער רציחה אין איר קול און אינעם אויסדרוק פון איר פּנים, קוועטשנדיק און טרייסלענדיק נאָך שטאַרקער אסתּרס פּלייצע.

אסתּר איז געשטאַנען אַ דערשראָקענע, אַ צעטומלטע. זי האָט זיך גע־לאָזט טרייסלען אָן אַ שום ווידערשטאַנד.

— דו . . . דו . . . — האָט זי געשטאַמלט מיט ציטערנדיקע ליפּן, — מען שושקעט זיך . . . מיר זאָגט מען נישט . . הינטער מײַן רוקן שושקעט מען זיך, אַז דו ביסט . . . אַז דו פּירסט זיך אויף נישט פֿײַן . . . אַז דו ביסט אַ פאַרלאָרענע . . .

— נו, און וואָס נאָך? — האָט חיה געפרעגט מיט אַ קרים פון פאַר־אַכטונג, און האָט אַראָפּגענומען איר האַנט פון דער שוועסטערס פּלייצע.

איר טאָן האָט אויפגערייצט אסתּרן. איצטער האָט זי שוין אויך געזוכט זאָגן אַזוינס און אויף אַזאַ אופן, אַז חיהן זאָל פאַרגיין דער חשק צו קרימען זיך און מאַכן אַ פּנים, אַז זי לאַכט זיך אויס פון אַלעמען.

— און נאָך — אַז קיינער גלויבט נישט, אַז דו אַרבעטסט בײַ אַ שנײַדער, וואָס מען קען אים נישט און מען ווייס אים נישט — מען קען אַלעמען! . . . און וואָס דו קומסט יעדן טאָג אַהיים האַלבע נאַכט זאָגט מען, אַז דו גייסט אום מיט אַ טערק... און וואָס דו נעכטיקסט נישט אין דער היים — די שכנים ווייסן אַלץ — פון זיי וועסטו זיך נישט אויסבאַהאַלטן — זאָגט מען, אַז דו שלאָפסט בײַם טערק . . .

זי האָט אויפגעהויבן הויך דעם קאָפּ און געקוקט דער עלטערער שוועס־טער גלײַך אין פּנים אַרײַן מיט צאָרנדיקע אויגן און צעפלאַמטע באַקן.

— שוין אַלץ? — האָט חיה געמאַכט ווי פריִער.

— נישט גענוג דיר? — האָט אַ טופּע געטאָן מיטן פוס אסתּר. — אַז מען האַלט דיך ווי ראָזקע שעפּסלס . . . טפו! . . . אוי־ווײ איז צו מיר! אַ קלאָג צו מיר! אַ בראָך צו מיר! —האָט זי אָנגעהויבן קלאָגן אויפן קול, ווי באַוויינענדיק אַ טויטן. — די חרפּה פאַר לײַטן! די בושה און חרפּה! מיט אַ טערק . . . צו וואָס מיר האָבן דערלעבט. מען וועט דאָך נישט קענען דורכ־

גיין די גאַס . . . דו ווילסט די מאַמען אַ לעבעדיקע אַרײַנלייגן אין קבֿר!...
און דער זיידע! . . . אוי־ווײ איז צו מײַנע יאָרן! אַ בראָך איז צו מיר! אַ
קלאָג איז צו מיר! . . .

חיה האָט זיך געביטן אין פּנים. תּנועות און אויסדריקן פֿון פֿאַרשיידענער
באַדײַטונג — פֿון כּעס און חשד, פֿון פֿאַראַכטונג און שטאָלץ, פֿון באַשלוס
און אומאַנטשלאָסנקייט — זענען אַריבער איבער איר פּנים אין אַ וואָסערע
צוויי־דרײַ מינוט. זי האָט געמאַכט אַ האַלבן טראָט צו דער שוועסטער און
צוריקגעשטעלט דעם פּוס אויפֿן פֿריערדיקן אָרט. צולעצט האָט זי זיך ווי
איבערגעשטאַרקט און געזאָגט מיט אַ מין אויפֿגעשרויפֿטער היציקייט:

— זאָג זיי, אַז איך וועל זיי אַרויסנעמען די ציינער און די אויגן — די
וואָס רעדן אַזוי וועגן מיר — אויב זיי וועלן נישט אויפֿהערן צו בילן — זאָג
זיי, אַז איך וועל זיי פֿאַרמאַכן זייערע פּאַסקודנע מײַלער . . . זאָג זיי, אַז איך
האָב זיי אין דר׳ערד, זיי אַלעמען! . . .

— איז דאָס אַלץ נישט אמת? — האָט אַ געשריי געטאָן אסתּר. —
איך האָב געוווּסט, אַז ס׳איז אַ ליגן! . . . איך האָב געוווּסט . . . דאָס האַרץ
האָט מיר געזאָגט! . . .

זי האָט זיך מיט אַ ריס אַ וואָרף געטאָן צו חיהן. זי האָט זי אַרומגענומען
פֿאַרן האַלדז און געוויינט בײַ איר אויפֿן בוזעם.

חיה איז געוועזן זייער בלאַס. אירע שוואַרצע אויגן האָבן געפֿינקלט מיט
אַ מין בייזן אַרויסרוף איבער אסתּרס קאָפּ. נאָר זי האָט זיך באַלד צוגעבויגן
צו אסתּרן און דערטרונקען דעם הייסן קוק אין אירע שוואַרצע, קילע האָר,
און האָט זי אויך שטאַרק אַרומגענומען און צוגעדריקט צו איר ברוסט.

— וויין נישט, אסתּרקע! . . . און הער וואָס איך זאָג דיר: דו מוזט
ענדיקן מיט אים, — זי האָט אָנגעוויזן מיט די אויגן אויפֿן באַלויכטענעם
פֿענצטער פֿון פֿונקס צימער. — לייזער האָט איר געזאָגט: בײַ בלומען, ווו
ער גייט נאָך זײַנע ביכלעך, וווינט איצטער אַ קראַנקנשוועסטער, צפּורה — אַ
גאָרנישט, אַ . . . אַ . . . — זי האָט געוואָלט זאָגן עפּעס אַ וואָרט און האָט
זיך אײַנגעהאַלטן און נישט געזאָגט. — אַן אַלטע מויד, וואָס פֿאַרבט זיך און
שמירט זיך. אָבער זי איז נאָך גאַנץ רייצנדיק פֿאַר מאַנסלײַט . . . און זי
קריכט אַליין אויך . . . און פֿאַר אַזאַ י׳נגל קען זי אים נאָך פֿאַרקומען, ווי גאָר
עפּעס רעכטס . . . זאָג איך דיר, אויב דו האָסט עפּעס אַ כּוח איבער אים,
מאַך אַ סוף . . . שטעלט אַ חופּה און אַן עק!

— און טאָמער וועט מען אים באַלד צונעמען פֿאַר אַ סאָלדאַט, — האָט
אסתּר געזאָגט פֿאַמעלעך און צעטראָגן, ווי קלערנדיק דערבײַ גאָר פֿון עפּעס
אַנדערש.

— צונעמען! — האָט אַ פֿיר געטאָן מיט די פּלייצעס חיה. — ער איז
דאָך פֿון די נײַע. ס׳וועט קומען זײַן צײַט וועט ער זיך אויסקויפֿן. ער אַרבעט

דאָך אין „בצלאל". מען וועט שוין דאָרטן קריגן פאַר זיי דאָס געלט. און טאָמער וועלן אויספעלן עטלעכע לירעס — מען וועט זיי שוין קריגן!

— פּופּציק נאַפּאָלעאָן! — האָט געזאָגט אסתר.

— אַ־נישט, וועט ער זיך קריגן אַ פּאַפּירל פון אַ פרעמדן אונטערטאַן: אַן עסטרײַכישן, אַן אַמעריקאַנער, כ׳ווייס . . . דו פאָלג מיך — מאַך אַ סוף!

אסתר האָט זיך צוגעהערט צום זידן פונעם וואַסער אין בלעכענעם קאָכער. זי האָט געקוקט אַ פאַרקלערטע אויפן שטרעמל גרויער פּאַרע, וואָס האָט גענומען גיין פונעם נעזל פון דער כּלי. באמת, האָט זי ווייניק געקימערט דאָס וואָס ער וועט דאַרפן גיין דינען. ערשטנס, ווען וועט דאָס נאָך זײַן. אפשר וועט גאָט געבן, עס וועט אַזוי אַריבערגיין און מען וועט אויפהערן צו שלאָגן זיך נאָך איידער זײַן צייט וועט קומען. און אפשר וועט ער זיך ווי עס איז אַנדערש אויסדרייען. דאָס וועט מען שוין דעמאָלט זען. און אַפילו זי זאָל וויסן, אַז מאָרגן נעמט מען אים אַוועק פון איר — וועט דאָס דען זי אָפּהאַלטן? זי וויל פון אים גאָר נישט. זי וויל נאָר אים — ער זאָל זײַן אירער איצטער און דערנאָך, ער זאָל קוקן אויף איר און נישט „ערגעץ אַנדערש"... און מער קיין זאַך פאַרלאַנגט זי נישט . . . און קיינע באַוואָרענישן דאַרף זי נישט . . . זי מוז רעדן מיט אים . . . זי קען איצט אַרײַנגיין צו אים, ס׳איז נאָך פרי . . . בײַ אים איז נאָך ליכטיק . . . זי וועט אים זאָגן . . . וואָס וועט זי אים זאָגן?

זי האָט בײַ זיך געפרעגט נאָך אַ מאָל, מיט אַ געפאַלנקייט, מיט אַ וויטיק אין האַרצן: „וואָס וועט זי אים זאָגן?"

זי האָט שוין בישט איין מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן מיט אים. די וואָך נאָך האָט ער זי באַגלייט אין אָוונט אין אַפּטייק, נעמען אַן אָפּפירונג פאַר דער מאַמען. זי האָט אומיסטן אויסגעקליבן צו גיין אין אַ ווײַטער אַפּטייק אויף יפו־ער גאַס. עס איז געווען פינצטער און גליטשיק. ער האָט זי גענומען פאַר אַ האַנט. דעמאָלט איז אפשר געווען די צײַט צו רעדן. נאָר זי האָט ערשט שפּעטער אין דער היים אַ קלער געטאָן וועגן דעם. אויפן גאַנג איז געווען אַזוי גוט צו גיין צוגעטוליעט צו אים און פילן ווי זײַן אָרעם איז שטאַרק און זיכער, ווי מען קען זיך אָנשפּאַרן אָן אים און פאַרלאָזן זיך אויף אים, אַז עס האָט זיך גאָר נישט געוואָלט רעדן. עס האָט זיך נאָר געוואָלט גיין און גיין אַזוי שווײַגנדיק. דאָס האַרץ איז געווען פול — איר האַרץ — און זײַן האַרץ סײַדן נישט? עס איז איר אין יענע מינוטן געווען אַזוי קלאָר, אַז ער פילט דאָס אייגענע, וואָס זי, אַז באמת זענען גאָר אַלע ווערטער געווען איבעריק צווישן זיי. זיי האָבן זיך אַזוי אויך גוט פאַרשטאַנען, אָן די ווערטער. און אפשר האָט זי אַ טעות געהאַט? אפשר האָט ער גאָר נישט געפילט דאָס וואָס זי? און דעמאָלט . . . און דעמאָלט איז אַלץ גאָר נישט . . . דעמאָלט איז אַלץ אויס . . .

און יענעם אָוונט, וואָס זי איז געזעסן בײַ אים: דער זיידע איז געווען אַוועקגעגאַנגען אין בית המדרש, די מאַמע איז געלעגן בײַ זיך אין בעט, געשלאָפֿן שוין, און קיינער איז נישט געווען אין דער היים . . . זי האָט אים דערציילט פֿון איר לעבן, פֿון איר קינדהייט, פֿון איר טאַטן, עליו השלום... ער האָט אַזוי גוט געשמייכלט צו איר. ער האָט מיט אַזעלכע ליכטיקע אויגן געקוקט אויף איר. ער האָט אויך עפּעס דערציילט. ער האָט גענומען איר האַנט און געגלעט אירע פֿינגער. זי האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן. זי איז געזעסן אַ רויטע, אַן אויפֿגערעגטע, אַ צעטומלטע, זי האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן פֿון וויינען. זי האָט געוואָרט ער זאָל עפּעס זאָגן — און ער האָט דאָס נישט געזאָגט.

פֿילט ער נישט? אָדער ער פֿאַרשטייט נישט? . . . אַ מאָל ווײַזט זיך איר אויס, אַז ער איז ווי אַ קינד, וואָס פֿאַרשטייט נישט . . . אָבער צו קוקן „ערגעץ אַנדערש" — דאָס פֿאַרשטייט ער . . .

און אַלע מאָל איז אַזוי געווען צווישן זיי: ער האָט געוואָרט, זי האָט זיך געקאָכט אין אייגענעם סאָק, און ער . . . סײַדן זי וואָלט געקאָנט זיצן לעבן אים אַזוי רויק, און אַזוי פֿרײַנדלעך שמייכלען צו אים, און זיצן . . . און גאָר נישט? . . .

זי קאָן איצטער אַרײַנגיין צו אים. נו, און וואָס? און ווײַטער וועט זײַן ווי יענע מאָלן. דאָך, וועט זי אַרײַנגיין. נו, און דער זיידע?

די שוועסטער זענען אַרײַן מיטן קאָכעדיקן וואַסער אין שטוב אַרײַן.

דער זיידע איז געזעסן ווי פֿריִער בײַ זיך אויפֿן געלעגער, אינעם פֿינצטערן פֿאָדערשטן צימער, און אַלץ געברומט יענעם אומעטיקן ניגון. עס איז געווען אוממעגלעך אַרײַנצוגיין צום בחור, און בלײַבן בײַ אים זיצן, פֿאַרן זיידן אין די אויגן. צווישן וועלן אַרײַנגיין צו אים און דעם נישט־קענען, און דעם אינעווייניקסטן נישט־וואָגן, נישט זײַן זיכער מיט דעם צו וואָס דאָס וועט פֿירן — איז זי געבליבן שטיין אַ ווײַלע אומאַנטשלאָסן, און האָט צולעצט אָנגעקלאַפּט בײַ אים אין טיר און גערופֿן אים טרינקען טיי. לכל הפחות, זען אים, סתּם זען אים — דאָס מעג זי דאָך אַוודאי!

זיי האָבן אַרײַנגעטראָגן אין דער פֿאָדערשטער שטוב דאָס אויל־לעמפּל. די מאַמע איז אויך אַרויסגעקראָכן פֿון בעט. מען האָט געזופּט דעם הייסן טיי און געפֿילט, ווי די וואַרעמקייט צעגייט זיך איבער די פֿאַרפֿראָרענע גלידער. אַלע האָבן אויסגעזען צופֿרידן.

— דער טיי איז גוט . . . זייער גוט! — האָט געזאָגט פֿונק, קוקנדיק צו אסתּרן מיט פֿריילעכע אויגן.

זי האָט אים געענטפֿערט מיט אַ גליקלעכן שמייכל. ער האָט געביסן די ווורשט, נישט זאָרגנדיק זיך פֿון וואַנעט עס איז געקומען.

— אַ סעודה! — האָט ער געזאָגט. — ווייסט איר וואָס: מען דאַרף איינפירן אַזעלכע סעודות יעדע וואָך: איין מאָל וועט איר מאַכן, איין מאָל — איך.

— נו, נו, מיר וועלן מאַכן. פאַרוואָס נישט? — האָט געזאָגט מענע.

— איר זאָלט אָבער קיין חרטה נישט האָבן! — האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן חיה. — מיר מיינען, קיין עין הרע, זאָלבע פערט!

— חרטה איז נישט מעשׂה סוחר, — האָט געלאַכט מאיר פונק.

— נו, נו, וועלן מיר זען וואָס פאַר אַ סוחר איר זענט!

ווען מאיר פונק איז אַוועק צוריק צו זיך אין צימער האָט אסתּר געהאַט אַ געפיל, אַזוי ווי אין סינעמאַ, ווען עס האַקט זיך פּלוצלונג אָפּ דער לויף פון די כּישוף־בילדער, און זאָל ווערט צוריק ליכטיק, און דאָרט ווו עס האָט ערשט געקאָכט אַ ווונדערלעכע פולקייט פון באַוועגונגען און פאַרבן, העגנט אַ גרויסער, ווייסער, פּירקאַנטיקער, ליידיקער לײַוונט — און מער גאָר נישט! עס דאַכט זיך, אַז ערגעץ הינטער אים מוז נאָך שווייבלען און גריבלען דאָס ערשט געזעענע שטיקל לעבן, אָבער דער לײַוונט איז ווײַס און פּוסט, און לאָזט קיין זאַך נישט דורכזען דורך זיך.

זי קען עפענען די טיר דאָרטן אין זײַטיקן צימער און צוריק פאַרמאַכן זי הינטער זיך — און דעמאָלט וועט זי באַלד ווײַטער אַרומנעמען, אונטער־כאַפּן און אַוועקטראָגן יענער שטראָם פון פולקייט און דערהויבנקייט פון געמיט, וואָס האָט זיך אַזוי פּלוצלונג איבערגעשלאָגן. אָט איז ער דאָרטן. ער איז אַזוי נאָענט. נאָר אַ וואַנט און אַ טיר טיילן זיי פאַנאַנדער. אַ טיר, וועלכע איז נישט פאַרשלאָסן. ער שטייט און הערט זיך צו. ער טוט גאָר נישט. ער וואַרט.

„ביני ובינך אַג'בל", צווישן מיר און צווישן דיר זענען בערג, — האָט זי געזונגען אין האַרצן, אָן אַ קול, אַן אַראַביש לידל פון ליבע און בענקשאַפט.

און דערנאָך, אין בעט, האָט זי אַלץ געטראַכט וועגן דעם. זי איז געשלאָפן צוזאַמען מיט חיהן. די מאַמע האָט פון דער אַנדערער בעט גע־שנאָרכט הויך און גלייך — גלייך און גלייך; שנאָרכט נישט ווייַטער. נאָר אַרום האָט ווילע, און ווײַטער געשנאָרכט. חיה איז געלעגן צו איר מיטן רוקן. אַ שטאַרקער ריח פון יונגן פלייש און אַלטן שווייס האָט זיך געהערכט פון איר. זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן ווי נאָר זי איז אַרונטערגעקראָכן אונטער דער קאָלדרע. זי האָט נישט געהאַט קיין שלעכטע מחשבות, וואָס זאָלן זי פּלאָגן בײַ דער נאַכט און אַוועקרויבן פון איר דעם שלאָף. זי האָט זי חושד געווען און אָנגעפאַלן אויף איר — דאָרטן, אין קיך — ווי אַ בייזער הונט איז זי באַפאַלן. און געדאַרפט האָט אפשר זײַן פאַרקערט. גאָר פאַרקערט האָט געדאַרפט זײַן...

נאָר זי שלאָפט מיט אַ שטאַרקן שלאָף. און די מאַמע אויך. און זי, אסתּר, פלעגט אויך פאַרזינקען אין שלאָף, ווי אַ שטיין אין אָפּגרונט, נאָך

גאָר נישט לאַנג . . . איידער זיי האָבן פֿאַרדינגען דעם צימער . . . זי האָט נאָך דעם קאָפּ נישט רעכט אַוועקגעלייגט אויפֿן קישן — איז זי שוין געשלאָפֿן.

דער זיידע שלאָפֿט אין דער פֿאָדערשטער שטוב. שלאָפֿט ער? די אַלטע לײַט האָבן אַזאַ לײַכטן שלאָף! זיי שלאָפֿן גאָר נישט — זיי דרעמלען. אַ פּאָר שעה דרעמלען זיי בײַ טאָג, אַ פּאָר שעה בײַ נאַכט — דאָס איז אַלץ . . . ס'איז נישט גוט, וואָס ער ליגט אין פֿאָדערשטן צימער — מען דאַרף דורכגיין זײַן צימער סײַ ווען מען גייט אין דרויסן, סײַ ווען מען גייט צו אים, מאַירן. דאָס שטערט אים אין זײַן רו. באַלד וועקט ער זיך אויף און קאָן נישט מער אײַנ־שלאָפֿן. און ווען מען עפֿנט די דרויסנדיקע טיר רײַסט זיך אַרײַן אין שטוב אַ קאַלטער ווינט. ער קען זיך צוקילן. פֿאַר אַזאַ אַלטן, ווי ער, איז דאָס זייער מסוכן. אין זײַנע יאָרן אַ פֿאַרקילונג . . .

וואָס וועט מיט אים זײַן, מיטן זיידן? ער פֿילט זיך בײַ זיי שלעכט, אַזוי ווי ער וואָלט געווען בײַ פֿרעמדע. און אויף אַן אמתן איז ער עלנט. וועמען האָט ער דאָ. די קינדער זענען אַ גאַנצן טאָג נישטאָ אין דער היים. די מאַמע איז קראַנק און פֿאַרנומען מיט זיך. און זיי זענען דאָך פֿרעמדע מענטשן — אַ שווער און אַ שנור. און זיי האָבן זיך קיין מאָל שטאַרק נישט ליב געהאַט. אים ווײַזט זיך אויס, אַז ער עסט אויף זייער שטיקל ברויט. וויפֿל ער עסט שוין אויף! נאָר אַזוי האָט ער זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ — און לײַדט פֿון דעם . . . און לייזערקע איז געווען גראָב צו אים, ווי אַ . . . ווי קיין מאָל פֿריִער . . . ער האָט זיך אָנגענומען טערקישע שטיק, דאָרטן אין דינסט, און איז געוואָרן אַזוי צעלאָזן און פֿאַרדאָרבן . . . און איצטער זיך פֿאַרבונדן מיט דער פּאַסקודסטווע — מיט ראַזקען . . . אַזאַ מין חרפּה פֿאַר דער גאַנצער משפּחה! . . . בעסער וואָלט ער שוין אויך געשטאָרבן דאָרטן בײַם טערק . . . בעסער וואָלט ער נישט דערלעבט זיך אומקערן . . . די מיידלעך אין בית מלאכה רעדן פֿון אים, ווי פֿון אַן אויסוואָרף . . . אָט שושקעט מען זיך וועגן אים, אָט שושקעט מען זיך וועגן חיהקען . . . און זי דאַרף זיצן און מאַכן זיך, אַז זי הערט נישט און פֿאַרשטייט נישט . . . די ערד ברענט דאָך אונטער איר . . . באַלד וועט זי דאַרפֿן אַנטלויפֿן פֿון דאָרטן . . . אַנטלויפֿן פֿון שטאָט, אַוועקגיין ווו די אויגן וועלן זי פֿירן . . .

דער זיידע זאָל בעסער אַרײַנגיין אין מושבֿ זקנים. וואָס איז? דאָרטן זענען פֿאַראַן אַ סך ייִדן, וואָס זענען אויך אַזעלכע אָנשטענדיקע זקנים, ווי ער. ייִדן לומדים און בעל־הבתים, וואָס האָבן רײַכע קינדער אין חוץ לאָרץ, קומען און טרעטן אַרײַן אין מושבֿ זקנים. פֿאַר וואָס זאָל אים נישט אָנשטיין? ער וועט דאָרטן נישט זײַן אַזוי עלנט און ס'וועט זײַן ווער עס זאָל אויף אים אויפּפּאַסן. מער נישט, וואָס ער האָט אַ משפּחה. אָבער דאָ, אין זײַן משפּחה, איז ער דאָך נאָך מער עלנט, ווי יענע פֿון דער פֿרעמד געקומענע אַלטע לײַט, וואָס האָבן דאָ גאָר קיינעם נישט. נאָר מען דאַרף אײַנצאַלן. דאָס קען זײַן אַ מניעה. מען דאַרף זיך דערפֿרעגן. און ווי איז — די וואָס האָבן גאָר

גאָר נישט? אויף וואָס קלײַבט מען געלט איבער דער וועלט? און ער איז געווען אַ שמש אין דער ישיבֿה פערציק יאָר. און דער זון זײַנער — איר טאַטע — איז געווען אַ שמש... עס קען נישט זײַן מען זאָל אים נישט אַרײַננעמען אָן געלט...

אסתּר האָט אַלץ נישט געקענט אײַנשלאָפֿן. צולעצט האָט זי נישט געקאָנט מער אײַנליגן. זי איז פּאַמעלעך אַרויסגעקראָכן פון בעט, אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זיך חיהס לאַנגן מאַנטל, און איז באָרוועסערהייט אַרויס אין צווייטן צימער. נאָר דאָ האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ בענקל און האָט אים קוים אונטערגעכאַפּט ער זאָל נישט פֿאַלן.

— ווער איז דאָרטן? — האָט דער זיידע דערלאַנגט אַ שפּרונג אויף זײַן געלעגער.

— איך, — האָט זיך מיט אַ דערשטיקטן קול אָפּגערופֿן אסתּר.

— וואָס טוסטו דאָ?

— איך דאַרף אַרויסגיין.

איצט האָט זי שוין געמוזט גיין ווײַטער. אַ באָרוועסע איז זי אַרויס אויפֿן קאָרידאָר, אין נעץ און קעלט.

דערנאָך, ווען זי איז צוריק געלעגן אין בעט, אונטער דער וואַרעמער קאָלדרע, האָט זי זיך געפֿרעגט: וואָס איז זי אײגנטלעך אויפֿגעשטאַנען פֿריִער? זי האָט געוואָלט זען אויב בײַ אים איז שוין פֿינצטער? אויב ער שלאָפֿט שוין אויך — נאָר דאָס האָט זי געוואָלט.

און זי איז ווײַטער געלעגן און געקלערט פֿונעם זיידן: ער מוז אַרײַן אין מושבֿ זקנים. ס'איז נישט פֿאַר אים קיין אָרט צו ליגן דאָ, אין דער פֿאָדערשטער שטוב, ווו ער קאָן זיך צוקילן יעדן מאָל, וואָס מען עפֿנט די דרויסנדיקע טיר.

# 7

דער געדאַנק פֿון מושבֿ זקנים האָט זיך אַרומגעטראָגן אין דער לופֿטן. ער האָט זיך צעוערשט אַרײַנגעגליטשט ווי אַ צופֿעליקער אורח, דערנאָך האָט ער גענומען אָפֿטער אַרײַנקומען, געוואָרן אַן אַלטער באַקאַנטער, אַן אײגענער אין הויז, און צולעצט באַזעצט זיך אין די מוחות פֿון די מיטגלידער פֿון דער משפּחה, און פֿון זײערע קרובֿים, און אַפֿילו פֿונעם שכן, דעם סטאָליער מאיר פֿונק. מען האָט געשמועסט פֿון דעם יעדעס מאָל, וואָס מען איז זיך צוזאַמענגעקומען, און ר׳ זלמן איז דערבײַ נישט געווען. מען האָט גערעדט הינטער זײַנע אויגן, נישט ווײַל אין דעם וואָלט געווען עפּעס אַ פּחיתת־הכּבֿוד פֿאַרן זיידן. עס איז פּשוט אויסגעקומען דערפֿאַר וואָס יעדער אײנער האָט געהאַט זײַנע באַזונדערע גרונדן, און הינטער די אַלע באַזונדערע גרונדן איז געלעגן איין באַהאַלטענער, געמײנזאַמער גרונד, אין וועלכן די אַנדערע פֿון די בני בית האָבן זיך מודה געווען פֿאַר זיך אַליין — דאָס וועלן פּטור ווערן פֿונעם אַלטן. דאָס האָט זײ אָפּגעהאַלטן פֿון צו רעדן מיט אים גלײַך און אָפֿן, כאָטש פֿאַר קײנעם פֿון זײ איז קיין ספֿק נישט געווען, אַז דאָס איז פֿאַר אים דער בעסטער אויסוועג — עס האָט זיך אַלץ מורא געהאַט, אַז ער וועט דערזען דעם פֿאַרשטעלטן הינטערגרונד.

די מומע עלקע האָט שוין וויפֿל מאָל געמאַכט אַ שמועס מכּוח דעם מיט מענען:

— מען מײנט אים דען מיט דעם אַ רעה, חלילה? דאָס וואָלט דאָך פּשוט געווען אַ גליק פֿאַר אים! אַן אַלטער מענטש אין זײַנע יאָרן — ער דאַרף האָבן ווער עס זאָל אַרומגיין אַרום אים. און דאָ — די קינדער, זאָלן געזונט זײַן, זענען אין דער הײם נישטאָ דעם גאַנצענעם טאָג, און דו ליגסט נעבעך, ווי אַ קלאָץ, די פֿיס געשוואָלן, ווי אַ באַרג . . . קוים וואָס דו טוסט וואָס מען דאַרף פֿאַר זיך מיט די קינדער. אַן איבעריקער מענטש איז נישט קיין קלײניקייט. און ס׳איז טאַקע אַ דוחק אינעם שטיקל ברויט. מיט אַ מויל ווייניקער איז טאַקע מיט אַ מויל ווייניקער. דאָס וועט זײַן פֿאַר אַלעמען אַ דערלײַכטערונג. ער דאַרף דאָס אַליין פֿאַרשטיין — נישט קיין קלײן קינד! און דאָרט האָט ער אַרום זיך מענטשן — אַ לעבעדיקע וועלט! ער׳ט נאָך

דאָרטן חתונה האָבן אויך — אָט וועסט זען, מענע! כי־כי־כי! . . . אָ־כאָ־כאָ־כאָ! . . . ס׳איז נישטאָ קיין כּוח צו לאַכן! וואָלסט געדאַרפט הערן, מענע, וואָס עטקע די גבאיטע דערציילט זיך אָן פון זיי, פון די אַלטיטשקע. ס׳איז אַ צעפּויקעניש, און גאָר! מען שפּילט ליבעס, מען איז זיך חושד, מען צעגייט זיך, מען בעט זיך איבער, דער נעמט די, די גט אָפּ דעם — אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק שרײַבט מען נײַע כּתובות און נײַע גטן! ער וועט דאָרטן אָפּלעבן, דײַן זקן . . . כי־כי־כי! . . . כאָ־כאָ! . . .

עלקע האָט געלאַכט מיט אַ קײַכענדיקן, קוועלנדיקן בויך־געלעכטער. אירע גרויסע פלײשיקע באַקן האָבן געציטערט, ווי זיי וואָלטן געווען גומענע.

מענע האָט קיין מאָל נישט געקאָנט לײַדן דער שוועסטערס צופרידענעם אָנקוועלן. דאָך האָט זי איצטער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, גערן און מיט אַ מין זשעדנער הסכּמה:

— רבונו של עולם, ער גייט דאָ אַרום, קוקט נישט אויף קיינעם און ברומט בײַ זיך אין ווינקל . . . מען קאָן זיך נישט קיין קערעווע טאָן . . . זיצט און ברומט . . . רבונו של עולם, ס׳וואָלט געווען אַ גליק . . . און נאָך ווען די פיס זאָלן מיר אָפּלאָזן.

מענען האָט נישט געאַרט וועגן דעם ברויט, וואָס ער עסט בײַ זיי. פון זינט זי האָט זיך געפילט קראַנק האָט זי זיך ווייניקער גענומען צום האַרצן דאָס, וואָס עס האָט זיך געטאָן אַרום איר, און וואָס איז געווען נוגע צו אַנדערע מענטשן. אירע געדאַנקען און געפילן, וואָס זענען אַזוי אויך געווען פאַריאָגט אינעווייניק, ווײַל זי האָט אַלע מאָל געלעבט מיט מענטשן, וואָס זענען געווען מער תּקיף ווי זי, האָבן זיך אַצינד, אויף אַ פאַרשאַרפטן אופן, אָפּגעגעבן נאָר מיט דעם, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו איר לעבן און צו איר געזונט. שוין פון עטלעכע וואָכן ווי זי האָט געליטן אויפן מאָגן. דאָס עסן איז איר נישט אײַנגעגאַנגען. און פון נאָך דעם שטיקל וורשט, וואָס חיה האָט איר געבראַכט, האָט דער מאָגן גאָר אויפגעהערט צו קאָכן. זי האָט שוין מער קיין זאַך נישט געקאָנט נעמען אין מויל, אויסער טיי אָדער קאַווע. און עס האָט זי לחלוטין אויפגעהערט צו אַרן, אויב די אַנדערע אין שטוב האָבן וואָס צו עסן, אָדער נישט.

זי איז געלעגן און געקרעצכט. אײַנגעשפּאַרטערהייט האָט זי געקלערט נאָר פון איין זאַך — פון איר געזונט. זי האָט באַוויינט אירע יאָרן, זי האָט פאַרשאָלטן די וועלט, זי האָט געוואָלט געזונט ווערן. און דאָרטן, אין דער פאָדערשטער שטוב, איז ער געזעסן און געברומט. דאָס האָט איר געשטערט. זי האָט זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן מיט זיך. זי האָט געמוזט, נישט ווילנדיק, טראַכטן וועגן אים און זײַן ברומען. זי האָט געהיט יעדע באַוועגונג זײַנע, יעדן קלאַנג, יעדן שאָרך מיטן פוס, וואָס האָט זיך געהערט פון אים. דאָס האָט זי אַרײַנגעוואָרפן אין אַזאַ יאוש, אַז זי פלעגט אַרײַנקוועטשן דעם קאָפּ אין

קישן און פֿאַרמאַכן די אויערן מיט די הענט. אָבער אויך דעמאָלט האָט זי נישט אויפֿגעהערט צו הערן זײַן ברומען. מינוטנווײַז האָט זי געטראַכט וועגן אים מיט אַן אומבאַגרענעצטער ברענענדער שׂנאה. זי האָט אים געשאָלטן און געבעטן גאָט ער זאָל אים וואָס גיכער צונעמען: „זאָל ער זײַן די כּפּרה פֿאַר מיר!" האָט זי געמורמלט שטיל, מיט די אויגן צום באַלקן. נאָך דערנאָך פֿלעגט זי זיך דערשרעקן — אַלע מאָל האָט זי מורא געהאַט פֿאַר שטאַרקערע פֿון זיך און געלעבט אונטערן צוואַנג פֿון פֿרעמדע ווילנס — און מיט איר געוויינלעכער צבֿיעות האָט זי זיך געאײַלט צוצולייגן: „גאָט זאָל מיר נישט שטראָפֿן פֿאַר די רייד! איך בין דאָך נישט מער ווי אַ נאַרישע ייִדענע, וואָס ווייס נישט וואָס זי רעדט . . ." און פֿון הינטן האָט זיך שוין ווײַטער געדרייט דאָס אמתע, דאָס וואָרט, וואָס איז געווען הייס פֿון פֿאַרלאַנג: „זאָל ער זײַן אַ כּפּרה פֿאַר מיר!"

עס איז אין איר אויפֿגעגאַנגען דאָס געפֿיל, וואָס איז געלעגן פֿאַרשטיקט בײַם לעבן פֿון איר מאַן. זיי זענען געווען גערעכט אײנער אין דעם אַנדערן, דער מאַן מיטן שווער. אַלטער איז אויך געווען אַ תּקיף, אַ שווײַגער, אַ פֿעסטער בײַ זיך. ער האָט געהאַלטן פֿון זיך אַ וועלט, און האָט זיך נישט געבויגן און נישט געדרייט. זי האָט זיך אונטערגעגעבן אַ פֿאַרשוויגענע און באַליידיקטע, ווי פֿריִער, מיידלווײַז, אין איר פֿאָטערס היים. דער פֿאַרלאַנג ווידער צו שטעלן זיך איז אײַנגעזויגן און צעברעקלט געוואָרן פֿונעם געמיינזאַמען לעבן. איצט האָט זיך דאָס צעברעקלטע צוזאַמענגענומען אין איין גרויסן ברענענדיקן קנויל פֿון שׂנאה און אָפּשטויס צו דעם, וועלכער איז נאָך געבליבן אין הויז, צו ר' זלמנען.

פֿון דעסט וועגן האָט זי נישט גערעדט. זי האָט געהיט אַלע זײַנע תּנועות, זי האָט זיך צוגעהערט צום שאָרך פֿון זײַנע טריט, זי האָט אים געגעסן מיט די אויגן און האָט זיך געקאָכט אינעם זאָפּט פֿון איר שׂנאה — און האָט זיך נישט אָנגערופֿן צו אים מיט קיין וואָרט.

נאָך דאָס, וואָס איז בײַ איר געגאַנגען אין דער טיף, — און וואָס שאַרפֿער זי האָט געפֿילט אַלץ טיפֿער האָט זיך דאָס פֿאַרגראָבן אין איר האַרצן, — איז געשפּרונגען פֿון מויל בײַ איר זון, בײַ לייזערן, גרינג און לײַכטזיניק, און ער האָט דערבײַ געהאַט אַ פּנים אַזוי ווי דאָס וואָס ער האָט געזאָגט וואָלט פֿאַר אים אַליין געווען פּונקט אַזוי אומגעריכט, ווי פֿאַר די אַרומיקע. די באַציִונג צום זיידן איז געווען בײַ די קינדער, אַזוי ווי אַ ירושה פֿון די עלטערן, מיט וועלכער זיי האָבן זיך אײַנגעטיילט מער אָדער ווייניקער גלײַך. לייזער האָט פֿון קינדווײַז אָן געהאַט אָפּשיי פֿאַרן אַלטן און שטרענגן זיידן, וועלכער האָט אָנגעוואָרפֿן אַ שווערע ערנסטקייט אויף דער שטוב. „שאַ! שאַ!" — פֿלעגט אויף אים שרײַען די מאַמע מיט אַ דערשטיקטן דערשראָקענעם קול, ווען ער פֿלעגט זיך צעשפּילן בעת דער זיידע האָט זיך צוגעשפּאַרט נאָך מיטאָג. און דער טאַטע פֿלעגט נאָך דערצו אים אַראָפּלאָזן אַ פּאַטש. דער טאַטע האָט

געהאַט אַ שווערע האַנט. פֿאַרן טאַטן האָט ער שטאַרק מורא געהאַט, און זעענדיק דעם כּבֿוד, וואָס דער טאַטע גיט אָפּ דעם זיידן, האָט ער פֿאַרן זיידן געציטערט אין צווייען. אָבער אין זײַן נשמה זענען נישט געווען קיין טיפֿע אונטערגרונדן, און אויפֿן אויבערגרונד איז נישט געווען קיין אָרט פֿאַר דער צווייענדיקער שרעק צו איבעראַנדערשן זיך און אַרויסגעבן פֿון זיך דאָס געפֿיל פֿון יראת הכּבֿוד. דער היפּך פֿון שרעק איז בײַ אים געווען פֿײַנטלעכ־קייט און לצנות. ווי נאָר דער זיידע איז אַוועק פֿון שטוב — אויב נאָר דער טאַטע איז דערבײַ נישט געווען — פֿלעגט ער נעמען נאָכמאַכן דעם זיידן: ווי ער גייט אַרײַן אין שטוב, ווי ער זעצט זיך אַנידער, פֿאַמעלעך און וויכטיק, ווי ער גיט אַ הייב די ברעמען, קוקט זיך אַרום, און זיצט, און שווײַגט — און די מאַמע און די שוועסטער האָבן געלאַכט פֿון זײַנע שטיק. נאָר פֿון דעם טאַטן האָט מען אַלץ באַהאַלטן. זיי האָבן געוווסט אַז ער וואָלט ממיתן לייזערקען, ווען ער זאָל זיך נאָר דערוויסן פֿון דעם.

אַצינד, ווען לייזער איז געקומען פֿון סאָלדאַטן, האָט ער מיטגעבראַכט נײַע געוווינהייטן פֿון גראָבקייט און צעלאָזנקייט. דאָרטן אין דינסט האָט ער זיך אָנגעזען, ווי מען טרעט מיט די פֿיס דעם כּבֿוד פֿון די מענטשן — און וואָס דער מענטש איז עלטער און שלאַפֿער אַלץ מער ווערט ער געיאָגט און אויסגעלאַכט — אין אים אַליין האָט מען אויך געטראָטן דאָס ביסל זעלבסט־ווירדע, וואָס ער האָט געהאַט — און ער האָט דאָס איבערגענומען גרינג און באַטירלעך, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט אים געפֿעלט צו דער גאַנצקייט פֿון זײַן כאַראַקטער. אין מיליטער האָט ער זיך נישט איין מאָל אויסגעדרייט פֿון אַ שווערער שטיקל אַרבעט, אָדער פֿון אַ שטראָף, דורך דעם, וואָס ער האָט משׂמח געווען די עלטערע, באָכמאַכנדיק דעם גאַנג און דאָס אומגליקלעכע אויסזען פֿון די געפֿאַלענע און דערשלאָגענע. פֿאַר אים אַליין זענען די פֿאָרשטעלונגען אויך געווען אַ תּענוג און זענען געוואָרן מיט דער צײַט אַ באַדערפֿעניש, אַזוי ווי ער וואָלט געפֿילט, אַז דאָס איז די איינציקע פֿאָרם אין וועלכער ער קאָן אַרויסווײַזן זײַנע פֿעיִקייטן. און דעריבער ווען ער איז צוריקגעקומען אַהיים האָט זיך דער זיידע גלײַך געשטעלט פֿאַר אים, ווי אַ ציל פֿאַר זײַנע פֿײַלן. ער האָט פֿון ערשטן קוק אײַנגעזען, אַז דעם זיידנס מצבֿ איז אַ פֿאַלשער, אַז דער יסוד, אויף וועלכן ער איז געשטאַנען, איז אונטערגעגראָבן, אַז נאָר אויס געוווינהייט האַלטן זיך נאָך אין שטוב די פֿריִערדיקע באַציִונגען. און דאָך האָט ער נישט גלײַך אַרויסגעוויזן זײַן נײַעם פּרצוף. פֿאַר דעם איז ער געווען צו שוואַך אין כאַראַקטער און צו גרינג אויף צופּאַסן זיך. די היימישע לופֿט האָט אים אַרומגענומען, ווי אַמאָל, און אַ קורצע צײַט געהאַלטן אין צוים.

אסתּר האָט ליב געהאַט דעם זיידן. איר נאַטור איז געווען אַ גלײַכע און אַן אָפֿענע, אָבער שטורעמדיקע, ווי דעם פֿאָטערס, אָן זײַן שווײַגנדיקער און איבערטראַכטנדיקער אײַנגעהאַלטנקייט. אסתּר האָט נישט געהאַט וואָס מורא

צו האָבן, נישט פֿאַרן טאַטן און נישט פֿאַרן זיידן. זי האָט ליב געהאַט דעם זיידן אַזוי ווי דעם טאַטן, און זיי ביידע האָבן זי שטענדיק באַגלייט מיט ליבנדיקע אויגן.

חיה איז געווען ווי אַ דריטע צווישן די צוויי לאַגערן. זי האָט געלעבט פֿאַר זיך, אײַנגעשלאָסן אין זיך, ווי די מאַמע, אָבער נישט צעברעקלט און אָן צו אונטערגעבן זיך. מען האָט נישט געקאָנט וויסן, וואָס זי מיינט און ווי זי באַציט זיך. אָפֿטמאָל האָט מען געהאַט אַן אײַנדרוק, אַז זי האָט גאָר קיין באַציִונג נישט צו די אייגענע. די מאַמע פֿלעגט איר אויפֿוואַרפֿן, אַז זי איז אַ פֿרעמדע אין שטוב. זי פֿלעגט לאַכן און אַוועקגיין און קומען, נישט זאָגנדיק ווו זי איז געווען. נאָר פֿאַרן טאַטן האָט זי מורא געהאַט — פֿאַר זײַנע קלעפּ. זי פֿלעגט אים זאָגן ליגנס אויף טריט און שריט, נישט בײַטנדיק זיך אין פּנים, מיט אַ רויִקער האַלטונג. ער פֿלעגט בלאַס ווערן פֿאַר כּעס פֿילנדיק, אַז זי לײַגט צו אים און נישט קענענדיק דערגיין דעם אמת. אָבער ווען ער פֿלעגט זי פּאַקן בײַ אַ ליגן האָט ער זי געשלאָגן מערדערלעך. דאַן האָט זי געוויינט, געזעווקעט מיט אַזאַ קול, אַז ס'פֿלעגט ווערן אַן אויפֿגעלאַף, און ער פֿלעגט זי אָפּלאָזן. שפּעטער איז זי געזעסן אין אַ ווינקל און געקוקט אויף אים מיט גרויסע שוואַרצע בייז־שוימענדיקע אויגן, אין וועלכע עס האָבן מאַט געגלאַנצט די בולטע, בלוילעכע ווייסלעך — און ר׳ אַלטער האָט געטראַכט, אַז אירע אויגן זענען ווי די אויגן פֿון עלקען, זײַן שוועגערין, און האָט זי דערפֿאַר נאָך מער פֿײַנט געהאַט.

לייזער האָט זיך אַ וואָך צײַט נישט באַוויזן אין דער היים. ער האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט אים קומען זוכן נאָך דעם, ווי די צײַט פֿון זײַן פֿרײַהײַט איז שוין אַריבער. און באמת, ר׳ זרח דער מוכטאַר איז איין מאָל אַרײַנגעקומען אין אָוונט און האָט געשנאָרט מיט די אויגן איבער די שוואַרצע ברילן־שייבלעך אין אַלע ווינקעלעך פֿון שטוב, ווי די שײַבלעך וואָלטן אים געדינט נאָר צו פֿאַרשטעלן די אויגן. די שטוביקע מענטשן האָבן זיך זייער איבערגעשראָקן. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז לייזער איז שוין מיט אַ וואָך פֿריִער אַוועק צוריק קיין באר שבֿע. ער איז אָבער אַלץ נישט אַוועקגעגאַנגען, אַרײַנגעקוקט אין צווייטן צימער, אַן עפֿן געטאָן די טיר צו פֿונקן, און געמאַכט צו מענען, מיט אַ שטרענגן פּנים, אַז מען האָט אים, לייזערן, געזען אין שטאָט. מען האָט אים געפּטרט מיט אַרײַנרוקן אין יד אַרײַן, וואָס מען האָט געמוזט לײַען בײַ פֿונקן. נאָך דעם האָט מער קיינער נישט געשטערט זייער רו. לייזער האָט פֿון צײַט צו צײַט אַרײַנגעכאַפּט זיך אַהיים, פֿאַרנאַכט, אויף אַ האַלבע שעה, אויף אַ שעה. ער האָט איצטער געטראָגן אַ גאַנץ גוטן גרויען אָנצוג, אַ ברוינעם האַרטן קאַפּעליוש, ברוינע הענטשקעס אויף די הענט און שוואַרצע ברילן — ס'איז אים געווען נישט צו דערקענען. מען האָט פֿון אים נישט געקענט דערגיין ווו ער איז און פֿון וואָס ער לעבט, און פֿון וואַנעט האָט ער גענומען געלט אויף אַזאַ אויסשטײַער. ער פֿלעגט זאָגן, אַז ער

אַרבעט בײַ אַ זייגערמאַכער, און די אַרבעט נעמט ער צו זיך אַהיים ווײַל ער האָט מורא צו זיצן אין קלייט, און ווינען ווינט ער אין אַ צימער הינטערן „בצלאל״. דאָס האָט זיך אַלץ נישט גאָר געלייגט אויפן שכל: וועלכער זייגערמאַכער? וואָס פאַר אַן אַרבעט? פאַר דער מלחמה האָט ער אויך געאַרבעט בײַ אַ זייגערמאַכער, האָט ער געהאַט פון דעם זיבן פראַנק אַ וואָך. ווי זשע איז ער איצטער פלוצלונג געוואָרן אַזאַ מײַסטער און פאַרדינער?

נאָר מענע איז געווען קראַנק און אויסער איר קרענק איז איר קיין זאַך נישט אָנגעגאַנגען. חיה האָט נישט געפרעגט קיין קשיות און אסתּר האָט געהאַט אירע חשדים וועגן ראָזען, דער נפקא, און האָט נישט געוואָלט מיט אים רעדן פון דעם.

איין מאָל, ווען לייזער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אויף אַ ווײַלע אין אָוונט, זענען אַלע געזעסן בײַם טיש אין פאָדערשטן צימער. מען האָט געטרונקען טיי און געשמועסט, ווי אָפּט אין יענע טעג, וועגן דעם זיידן. די מומע עלקע איז אויך געווען דערבײַ. זי האָט אויך אַרײַנגעלייגט אַ וואָרט. ווען ר׳ זלמן איז אַרײַן אין שטוב — ער איז גראָד דעמאָלט געקומען פון קלויז, פון מעריב־דאַווענען — האָט זיך דער שמועס מיט אַ מאָל אָפּגעהאַקט.

— גוט ב׳אָוונט! — האָט ער געמאַכט רויִק, און האָט זיך אָפּגעשטעלט, וואַרטנדיק מען זאָל אים צוטראָגן אַ בענקל צום טיש.

— גוט ב׳אָוונט, גוט יאָר! — האָבן זיי אים געענטפערט מעכאַניש. אסתּר איז אויפגעשטאַנען און האָט אים געגעבן איר אָרט.

— זעץ זיך צו, זיידע! — האָט געזאָגט לייזער מיט אַ געמאַכט־איידעלן קול, אין וועלכן עס האָט געקלונגען אַ באַליידיגנדיקע נאָטע. — אסתּרקע, לאָז דעם זיידן זעצן זיך! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, כאָטש זי האָט זיך שוין סײַ ווי סײַ אויפגעהויבן פון איר בענקל. — וואָס מאַכסטו, זיידע?

ר׳ זלמן האָט נישט באַמערקט די בכּיוונדיקייט פון זײַן געשריי.

— עס מאַכט נישט, עס מאַכט נישט, — האָט ער געזאָגט, זעצנדיק זיך. — דאַנקען גאָט! איך האָב דיך שוין טאָקע לאַנג נישט געזען, לייזער.

— ביסט צופרידן, וואָס דו זעסט מיך, זיידע? — האָט לייזער געמאַכט מיט דעם זעלביקן קול ווי פריִער, מיט אַ רוק אויפן בענקל און מיט אַ חוצפּהדיק־אויסלאַכנדיקן שמייכל אויף די ליפּן.

די מומע עלקע האָט אַ קוואָקע געטאָן מיט אַ דערשטיקטן געלעכטער. אסתּר האָט געקוקט מיט כּעס אויף לייזערן. חיה האָט אויף אים אויך אויפגעהויבן די ברעמען מיט אומצופרידנקייט.

— הער אויף, לייזער! — האָט זי געזאָגט מיט אַ האַלבן קול, נישט אויסדרייענדיק צו אים דאָס פּנים, אַזוי ווי רעדנדיק צו זיך.

זי האָט צום זיידן גאָרנישט נישט געהאַט. ער האָט איר נישט געשטערט. זי האָט נאָר נישט געקענט ליידן די הנאה, וואָס די מומע עלקע האָט פֿון דער סצענע.

און מענע האָט אויפֿגעהערט צו קרעכצן. זי האָט אַריבערגעפֿירט די אויגן פֿון זון צום שווער און האָט זשעדנע געוואַרט.

ר׳ זלמן האָט אויפֿגעהויבן די אויגן אויף עלקען, וואָס האָט אַזוי קוואַקענדיק אַ לאַך געגעבן, און האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין.

— פֿאַרוואָס נישט? — האָט ער געזאָגט צו לייזערן, קוקנדיק אויף אים מיט שטרענגקייט.

פֿון דעם קוק, וואָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד, און פֿון דער אָנשטרענגונג, מיט וועלכער ער האָט זיך אַצינד געראַנגלט, האָט זיך דאָס בלוט געוואָרפֿן זלמנען אין פּנים. דער שטערן, די באַקן און די נאָז זענען בײַ אים געוואָרן רויט. איצט האָט ער זיך שוין נישט געקענט אָפּשטעלן, אײַנהאַלטן זיך. אים האָט געטראָגן אַ פֿלייצנדיקער שטראָם.

— מיר האָבן דאָ גערעדט וועגן דיר, זיידע . . .

ר׳ זלמן האָט געשוויגן. ער האָט שוין פֿריִער, באַלד ווי דער אייניקל איז צוריקגעקומען פֿון דינסט, באַמערקט, אַז ער פּרוּווט אָנגעמען אָנטקעגן אים עפּעס אַ מין נײַעם, נישט־געוווינטלעכן חוצפּהדיקן טאָן. נאָר זײַנער אַ קוק איז נאָך אַלץ געווען גענוג אויף צו מאַכן אים שווײַגן און אָנעקרוקן זיך ערגעץ ווײַטער. און ער, דער אַלטער, פֿלעגט בלײַבן דערנאָך זיצן טיף אויפֿגערעגט, הערנדיק ווי יענער פֿײַפֿט עפּעס דורך די ציינער אין צווייטן צימער, זײַענדיק זיכער, אַז דאָס פֿײַפֿן איז אַ צו־להכעיס־פֿײַפֿן. ער האָט בכלל נישט געקענט ליידן, אַז אַ קינד זאָל פֿײַפֿן אין שטוב. ר׳ זלמן האָט נישט־קלאָר פֿאַרשטאַנען, אַז דער מצבֿ זײַנער אין שטוב איז שוין נישט דער, וואָס געווען. זײַן זון, אַלטער, איז מער נישטאָ, און לייזער איז שוין אַ גרויסער בחור, אַ סאָלדאַט, און אויב ער וועט אים נישט וועלן פֿאָלגן, אָדער גאָר ענטפֿערן גראָב — איז וואָס קאָן ער אים טאָן? דעריבער האָט ער זיך אויך אָפּגערוקט פֿון דעם לעבן פֿון די שטוב־לײַט, האָט זיך גאָר אויפֿגעהערט אַרײַנמישן, און כּמעט ווי מיט קיינעם נישט גערעדט, אויסער מיט אסתרקען. אין האַרצן בײַ אים האָט געבלוטיקט אַן אומפֿאַרהיילטע ווונד — דער טויט פֿון זײַן זון, די אַלטקייט און צער האָבן אים שוין געבראַכט צו דעם, אַז ער זאָל מותּר זײַן אויף אַ סך פֿון דעם, צו וואָס ער איז געווען געוווינט גאַנצע פֿערציק יאָר. אָבער בײַ אים אין שטוב זאָל זײַנס אַ קינד אים אין די אויגן פּוגע זײַן אין זײַן כּבֿוד — דאָס האָט ער געוווסט וועט ער נישט צולאָזן. דאָס וועט נישט אַראָפּגיין גלאַט. און איצט האָט ער געפֿילט קומט דאָס . . . נאָר דערוויילע איז לייזער אַוועק און ער האָט אויפֿגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם.

— מיר ווילן דיך אַרײַנגעבן אין מושבֿ זקנים, — האָט אויסגעלאָזן לייזער.

ר׳ זלמן האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט אַ וואָרף צום רוקן פֿון זײַן שטול.

ער האָט געהאַט אויפֿן קאָפּ אַן אַלטן, שוואַרצן, ווייכן, קײַלעכדיקן קאַפּעליוש, וואָס פֿון הינטער אים האָט זיך אים אַראָפּגערוקט אויפֿן נאַקן אַ ווײַסע געשטריקטע יאַרמולקע. דער אַלטער קאַפּטאַן איז געווען אונטערגעגאַרטלט מיט אַ ווײַסן שאַלעכל. די ברוסט האָט אויסגעזען ברײַט און איז געווען צום טייל, פֿון אויבן, פֿאַרדעקט מיט דער לאַנגער, פּלאַטשיקער, ווײַסער באָרד. די גרויע ברעמען זענען געדיכט אָנגעהאָנגען איבער די אויגן, און האָבן געגעבן זײַן פּנים אַן אויסדרוק פֿון שטרענגקייט. זײַנע באַקן און שטערן זענען אויך געוואָרן אַזוי רויט ווי בײַ לייזערן.

— דרך ארץ! — האָט ער אַ דונער געטאָן מיט אַן אומגעריכט־שטאַרקן קול.

און לייזער האָט זיך ווי אַ רוק געטאָן מיט זײַן בענקל ווײַטער אַוועק פֿון טיש. מיט דער חוצפּה פֿון איינעם, וואָס האָט מורא, כאָטש ער ווייס אויף געוויס, אַז ס׳איז נישטאָ פֿאַר וואָס מורא צו האָבן, האָט ער געזאָגט:

— דאָרטן זענען דאָ אַ סך טויבע... דאָרטן וועסטו שרײַען...

ר׳ זלמן האָט זיך אַ הייב געטאָן פֿון אָרט, אַ נידעריקער, אַ קערנדיקער. דער שטול הינטער אים האָט זיך איבערגעקערט. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אָן די ברעגן פֿון טיש און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ צו לייזערן. זײַן פּנים איז געווען שרעקלעך. אין די אויגן איז אים אָנגעלאָפֿן בלוט, די לאַנגע באָרד האָט געציטערט.

— דרך ארץ!!! — האָט ער אַ דונער געטאָן ווילד. — הפֿקר?!...

די סעקונדע פֿון זײַן שווײַגן דערנאָך איז געווען נאָך מוראדיקער ווי דער געשריי. זיי האָבן אַליין נישט באַמערקט ווי זיי האָבן זיך אַלע געשטעלט אויף די פֿיס. נאָר מענע איז געבליבן זיצן. אפֿשר — ווײַל די פֿיס זענען בײַ איר געווען געשוואָלן און ס׳איז איר נישט אַזוי גרינג געווען אויפֿצושטיין. אָבער נאָך מער איז דאָ געווען פֿון איר שטענדיקער טבֿע, בעת אַ באַגעגעניש מיט אַ סכּנה אָדער מיט אַ פֿרעמדן כּוח — צוזאַמענצוצי׳ען זיך, אַרײַנגיין אין זיך ווי מעגלעך טיפֿער און וואַרטן אײַנגעשפּאַרט, מיט אַן אינעווייניקסטן, נישט אַרויסגעוויזענעם ווידערשטעלן זיך, וואַרטן און נישט רירן זיך. מאיר פֿונק איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון זײַן צימער, און דער שפּרונג האָט זיי ווי אויפֿגעוועקט פֿון אַ שלאָף. אסתּר האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום ברודער:

— לייזערקע, גיי אַוועק! — האָט זי געשריגן נישט מיט איר קול. — איך וועל דיר פֿלעטן דעם קאָפּ אויב דו גייסט נישט אַוועק!

ער האָט שטומפּיק־דערשראָקן געקוקט אויפֿן טומל, וואָס האָט זיך געטומלט אין שטוב, און פֿאַרן מאַך פֿון אירע הענט איז ער אָפּגעטראָטן צו דער טיר פֿון דער הינטערשטער שטוב.

ביי עלקען האָבן געציטערט די באַקן פֿאַר אויפֿרעגונג און כעס. איר פּנים האָט געקראָגן אַ ברודיק־בלאַסע באַפֿאַרבונג. זי האָט זיך נאָך אַ מאָל גענאַרט אין איר האָפֿענונג צו זען נקמה אינעם אַלטן. אַנשטאָט דעם האָט דאָס אויסגעזען ווי זיין נצחון. אומפֿאַרזיכטיקערהייט האָט זי זיך אויך אַריינגעמישט:

— שאַ־שאַ! — האָט זי געמאַכט מיט אַ בייזער. — וואָס איז דאָרטן אַזוינס? קוילע מיינע גענדז . . . וואָס איז דאָ דער גוואַלד? וואָס האָט ער געזאָגט אַזוינס? קוקט זיי אָן, ווי אַלע זענען אָנגעפֿאַלן אויפֿן קינד! משוגעים! אויף מיין וואָרט — משוגעים! . . .

— מומע, מישט זיך נישט! — האָט קאַלט געזאָגט חיה.

עלקע האָט נישט באַמערקט די וואָרנדיקע נאָטקע אין איר קול.

— איך מיש זיך טאַקע יאָ, — האָט זי געמאַכט פֿאַרעקשנט. — וואָס וועסטו מיר טאָן, אַז איך מיש זיך?... וואָס האָט ער איינך געזאָגט, ר' זלמן . . . דאַכט זיך, ער האָט געזאָגט אַ גאַנץ גלייכע זאַך, און איך וויים גאָר נישט, וואָס איר זענט אויף אים אָנגעפֿאַלן אַזוי ווי אַ ווילדע חיה . . .

— אַרויס! — האָט זיך צו איר אַ דריי געטאָן ר' זלמן.

ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן חשבון פֿון דעם וואָס ער טוט. עפּעס האָט אים געפֿירט און ער האָט געהאַט אַ געפֿיל, אַז ער איז שטאַרק און וואָס ער טוט איז ריכטיק. און אויף אַ מאָדנעם אופֿן איז אויסגעקומען, אַז ער האָט באמת גוט געטראָפֿן אין ציל.

עלקע האָט אַ צאַפּל געטאָן. זי האָט זיך אַ דריי געטאָן צו דער שוועסטער.

— דו הערסט, מענע, דו שוויגסט? מען טרייבט מיך פֿון דיין הויז!

דאָס איז נאָר געווען אַ הקדמה. דערנאָך האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל:

— איך וויל דאָס הערן פֿון דיין מויל, מענע! דו שוויגסט? איך וויל זען, ווי דו וועסט אַליין אַרויסטרייבן דיין פֿלייש און בלוט. אָט איך וועל גיין... מיין פֿוס וועט דאָ מער נישט זיין ביי איינך! קבצנים! שלעפּערס! איר וועט קומען צו מיר אין יאַטקע בעטן דריי אונצעס פֿלייש אויף באָרג אויף שבת! אַ מכּה וועל איך איינך געבן!

— אַ מכּה מיינע שונאים! — האָט געמאַכט מענע מיט האַרץ.

זי האָט אַצינד שוין נישט געוווּסט מיט וועמען צו האַלטן. זי האָט געוואָלט אַרויסגיין מיט געוואַלדן און מיט קללות קעגן דעם שווער, זי האָט געוואָלט שרייען, אַז ער מאַכט זי קראַנק, זיין זיין דאָ אַליין אין שטוב איז אַזאַ אָפּקומעניש, וואָס זי קאָן דאָס מער נישט איבערטראָגן, און ס'איז איר געווען

קלאָר, אַז זי דאַרף זיך שטעלן אויף דער זײַט פֿון דעם זון און פֿון דער שוועסטער. אָבער עלקעס רייד האָבן זי אַזוי אויפֿגעקאָכט און צעטומלט, אַז זי האָט זיך מער נישט געקאָנט זאָגן אויף געוויס מיט וועמען און קעגן וועמען זי איז.

בעת מעשׂה איז ר׳ זלמן אַוועקגעגאַנגען פֿון טיש, ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן מיט אַ מין דײַטלעכער פֿאַראַכטונג צו די מענטשן אין שטוב, האָט מיט ציטערנדיקע הענט אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף די אַקסלען דעם מאַנטל מיטן שמאָלן קאָלנער פֿון שוואַרצן סאַמעט, נישט אַרײַנטוענדיק די הענט אין די אַרבל, האָט גענומען אין האַנט דעם גראָבן געלן שטעקן מיט דעם גרויסן קײַלעכדיק־אויסגעדרייטן הענטל, און איז שטיל אַרויס פֿון שטוב. אסתּר האָט נישט געזען זײַן אַרויסגיין. לייזער האָט דאָס אָבער גוט געזען, און נאָך אײדער ער האָט פֿאַרמאַכט די טיר הינטער זיך האָט ער באַוויזן אים נאָכצוּוואַרפֿן אַ וואָרט, געגנוג הויך, אַז דער זיידע זאָל דערהערן:

— מושבֿ זקנים!

דער רוקן פֿונעם אַלטן ייִדן האָט אַ ציטער געטאָן, ווי פֿון אַ זעץ פֿון הינטן, די טיר האָט זיך פֿאַרמאַכט מיט אַ קלאַפּ. אסתּר איז אים נאָכגעלאָפֿן אין קאָרידאָר מיט אַ געשריי:

— זיידע, זיידע!

ער האָט זיך נישט אָנגערופֿן. ער האָט זיך געשעמט פֿאַר די שכנים און איז צוריק אַרײַן אין שטוב.

בײַ לייזערן איז דורכגעפֿלויגן אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַז ס׳איז פֿאַר אים בכלל אפֿשר נישט כּדאַי צו בלײַבן דאָ — עס קאָן אַרײַנגיין ווער פֿון די שכנים און זען אים, אַז ער איז דאָ. ער האָט גענומען דעם הוט מיט די הענטשקעס און שטילערהייט אַרויסגעגליטשט זיך פֿון שטוב.

און עלקע האָט זיך ערשט פֿאַנאַנדערגערעדט ווען זי האָט דערזען, אַז ר׳ זלמן איז אַוועק. זי האָט אויסגערעכנט אַלע טובֿות, וואָס זיי האָבן געהאַט פֿון איר, נישט פֿאַרגעסן קיין איין איינציקע, קיין פֿאַרצעניאַריקע, און האָט געסטראַשעט:

— אַז דו וועסט אים אַרײַנלאָזן אין שטוב צוריק, דעם אַלטן כּלבֿ, וועט מײַן פֿוס דאָ מער נישט זײַן בײַ אײַך, דו הערסט, מענע?

פֿונק איז צוריק אַרײַן צו זיך, דאָס האָט פֿאַנאַנדערגעבונדן די הענט אסתּרן. בעת ער איז דאָרט געשטאַנען לעבן דער טיר פֿון זײַן צימער און האָט זיך נישט אַרײַנגעמישט, און נאָר געקוקט, האָט זי געלייענט אין זײַנע אויגן, אַז ער האַלט מיטן זיידן, אַזוי ווי זי, און קוקט פֿײַנטלעך אויף דער מומען, און אויב ער מישט זיך נישט אַרײַן איז דאָס נאָר ווײַל אים, אַ פֿרעמדן, פּאַסט נישט אַרײַנמישן זיך אין משפּחה־ענינים. אָבער איר האָט געשטערט,

וואָס ער שטייט דאָ און קוקט פֿון דער זײַט. אַצינד האָט זי זיך ווײַטער צוגעהערט צו דער מומעס רייד.

— לאָז מיך צורו, עלקע, — האָט געזאָגט מענע אײַנגעהאַלטן.

זי האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט צו קריגן זיך מיט דער רײַכערער שוועסטער.

נאָר עלקען האָט איר נאָכגיביגקייט צוגעגעבן היץ:

— מ י ך טרײַבן פֿון שטוב! איך וועל אים באַווײַזן, דעם אַלטן פֿערד!

— מומע, איר'ט אויפֿהערן צו רעדן? — איז צו איר צוגעלאָפֿן מיט אַ כּעס אסתּר.

— אָפּנעמען זאָל בעסער בײַ דיר די צונג! — האָט זיך אויפֿן שטעל אָפּגערופֿן די קצבֿטע.

— אַלע בייזע פֿינצטערע חלומות צו דײַן קאָפּ! — האָט געפּלאַצט מענע. — גייט אַוועק פֿון מײַן שטוב! דו הערסט, אָדער ניין?

— איך וועל אַוועקגיין, נישקשה, די פֿיס זענען בײַ מיר גאַנץ, — האָט באַלד געענטפֿערט עלקע, וועלכע איז געווען פֿון אַלע מאָל געניט אין אַזעלכע טורנירן, — און דו זאָלסט זיצן מיט געליימטע פֿיס, און נישט דערלעבן מער קיין מאָל צו גיין.

אסתּר האָט זיך אַ וואַרף געטאָן צו דער מומען גרייט איר אויסצודראַפּען די אויגן, נאָר חיה האָט זי אָפּגעשטופּט. זי איז שוין לאַנג געשטאַנען לעבן עלקען און האָט אויף עפּעס געוואַרט מיט אַ פֿאַרביסענעם באַשלוס אין פּנים, מיט בייז־שוימענדיקע אויגן און גרויסע קײַלעכדיקע, מאַט־בלוילעכע וויסלעך. אַצינד האָט זי אָנגעכאַפּט די צעקאָרטשעטע יידענע פֿאַר די פּלייצעס און זי געגעבן אַ שטויס צו דער טיר.

— איך וואַרף דיך אַראָפּ פֿון קאָרידאָר . . . דו הערסט? — האָט זי געזאָגט מיט אַ דערשטיקטן קול.

איר קול האָט עפּעס אָנגעוואָרפֿן אַן אימה אויף עלקען. זי האָט געכאַפּט דעם שאַל און די גרויסע פֿאַטשיילע און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב. פֿון דרויסן אָבער האָט זי נאָך אַ מאָל אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ און אַרײַנגעשריִען:

— אַ שוואַרץ יאָר אויף אײַך אַלעמען! אין דר'ערד זאָלט איר ליגן נאָך הײַנטיקן יאָר, אמן!

— דו! . . . אויף דיר! . . . — האָבן איר געענטפֿערט אין איין קול די מאַמע מיט די טעכטער.

# 8

די נאַכט איז געווען קאַלט און קלאָר, איבערגעדעקט פֿון אויבן מיט אַ פֿול־אויסגעשטערנטן הימל. פֿון מערבֿ־זײַט האָט אָן אויפֿהער געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. פֿונעם הערן אַליין פֿון זײַן הודיענדיקן פֿלי איז בײַ ר׳ זלמנען אַריבער אַ פֿראָסט איבערן רוקן. ווען ער איז אַרויס פֿון הינטערן הויז אויפֿן וועג האָט אים דער ווינט אונטערגעכאַפּט און שיער נישט געוואָרפֿן פֿון די פֿיס. צערודערט און צעטראָגן פֿון דעם, וואָס איז אָט ערשט פֿאָרגעקומען אין דער היים, און נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וווהין ער גייט, האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום ווינט, אַרויפֿגעקלאַפּט טיפֿער אויפֿן קאָפּ דעם קײַלעכדיקן קאַפּעלוש, אײַנגעוויקלט זיך שטײַפֿער אינעם אַלטן אויסגעריבענעם מאַנטל, און אויפֿגעשטעלט דעם קאָלנער, וואָס האָט אים קוים געגרייכט ביז די אויערן. דער ווינט האָט אים מיט כּוח געשטויסן אין רוקן, זײַנע פֿיס האָבן זיך געשטרויכלט און געבויגן פֿאַר שוואַכקייט. אויך דער שטעקן האָט זיך געטרייסלט אין זײַנע ציטערנדיקע הענט און טאַפּנדיק געטאַנצט איבער דער אויבערפֿלאַך פֿון דער פֿאַרהאַרטעוועטער ערד.

לינקס פֿון וועג האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ לאַנגער און ברייטער, אָפֿענער טאָל, וואָס אין זײַן רחבֿות איז נישט געווען קיין אָפּהאַלט פֿאַרן פֿרײַען אַרומ־יאָגן זיך פֿונעם ווינט. רעכטס איז געלאָפֿן אַ שורה נידעריקע, אין איין שטיק צוזאַמענגעשמאָלצענע הײַזער. דער ברייטער וועג האָט זיך טונקל געווײַסט צווישן דער שוואַרצלעכער טיפֿקייט פֿונעם טאָל און די פֿינצטערע ווענט פֿון די הײַזער.

בײַ ר׳ זלמנען אין קאָפּ האָבן זיך ווי אין היץ אויסגעמישט אין אַ הויפֿן און זיך אַרומגעטראָגן בילדער פֿון דער קריגערײַ און דעם טומל, פֿון וועלכע ער האָט זיך אַצינד אַרויסגעריסן. עס האָבן זיך געהערט רייד, עס האָבן זיך געזען מענטשן און זאַכן. נאָר ווען פֿונעם שטראָם פֿון די זעונגען האָט זיך אַרויסגעשיילט און אָפּגעשטעלט זיך אַנטקעגן אים מיט אַ חוצפּהדיקן שמייכל אויף די ליפּן דאָס פּנים פֿון זײַן אייניקל — האָט עפּעס ווי געפּלאַצט בײַ אים אין מוח: אַ בליץ האָט דורכגעבליצט, אַ דונער האָט אַ דונער געטאָן:
„דרך־ארץ! . . . הפקר־יונג! . . .״

ר׳ זלמן איז געגאַנגען גלײַך פֿאָרויס, בלינד פֿאַר אויפֿרעגונג, נישט פֿרעגנדיק זיך ווו ער גייט, ווען ער וועט זיך אומקערן, און צי ער וועט זיך בכלל אומקערן? זײַנע פֿיס האָבן געטראָגן פֿעסטער, דאָס אַלטע בלוט איז דערוואַרעמט געוואָרן פֿונעם פֿײַער, אין וועלכן עס האָט זיך געבראָטן זײַן נשמה; עס האָט איצט געפֿלאָסן רווישיקער אין די אָדערן, דער שטעקן האָט געקלאַפּט אָן דער קאָרע פֿון דער ערד הילכיק און בייז, ווי אַן איין־איינציקער הונגעריקער צאָן אין אַן אַלטן ציינלאָזן מויל מיט פֿאַרהאַרטעוועטע יאַסלעס. דער שטראָם פֿון די זעונגען איז געלאָפֿן זײַן וועג, זײַנע כוואַליעס זענען אָנגעקומען און אַוועקגעגאַנגען, נאָך זיי אַנדערע, און ווידער אַנדערע — און די זעונגען זענען געבליבן כסדר די אייגענע. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין דער טיף און צוריק אַרויפֿגעשווומען, געמישט זיך, געפּלאָנטערט זיך — און געטאַנצט אויפֿן אויבן־אויף פֿונעם שטראָם. דאַן האָבן זיך ווידער פֿונעם לויפֿנדן תהו ובהו אַרויסגעטיילט צוויי שוואַרצע, שוואַרץ־שוימענדיקע, בייזע און כיטרע אויגן מיט צוויי גראָבע באַקן, אויף וועלכע דאָס פֿלייש האָט געציטערט — און ווידער האָט אין זײַן מוח עפּעס געפּלאַצט, ווידער האָט אַ בליץ געטאָן אַ בליץ און עס האָט אַ דונער געטאָן אַן אינעווייניקסטער דונער: „אַרויס אישה!״

— האַ, זלמן, ווו טראָגט דאָס דיך, ווי אַ וויכער? — האָט אים עמעצער אַרײַנגעשריִען אין אויער אַרײַן.

ר׳ זלמן האָט זיך אָפּגעשטעלט ווי געפּלעפֿט. ער איז געווען פֿאַרשוויצט פֿונעם קאַלטן ווינט און האָט שווער געאָטעמט. ער האָט נישט געוווסט אויף וועלכער וועלט ער איז. לעבן אים איז געשטאַנען דער אַלטער שוסטער, דער לאַטוטניק ברוך שיבקאַ.

— נו, וואָס איז . . . איך גיי . . . — האָט עפּעס געגרעדט מיט אַ פֿאַר־דיכעטן קול, נישט ווויסנדיק וואָס ער רעדט, ר׳ זלמן.

— גייסט? — האָט געמאַכט דער שוסטער שפּאַסנדיק. — אַרויס אַ ווײַלע דורכלופֿטערן זיך? . . . קיל — אַ מחיה! . . . קום זשע אַרײַן צו מיר — אָט דאָ באַלד, אין „בית ישראל״.

ר׳ זלמן האָט זיך איצט ערשט אַרומגעזען, אַז זיי שטייען אין ווינקל פֿון „מאה שערים״, ווו דער וועג פֿאַרנעמט זיך קיין „בית ישראל״. אויף דעם וועג האָט זיי דער ווינט געבלאָזן אין דער לינקער זײַט. אומזיסט האָט זיך ר׳ זלמן געוויקלט אין זײַן אַלטן אויסגעטראָגענעם מאַנטל — דער ווינט האָט זיך געוואָרפֿן אויף אים מיט אַ קאַלטער רציחה און האָט אים דורכגענומען דורך און דורך. ר׳ זלמן האָט זיך געהויקערט און שווער אָנגעלענט זיך אויפֿן שטעקן. ער האָט געקלערט פֿון זײַן אַנומלטיקן גיכן גיין און פֿון דער צעהיצט־קייט — און מורא געהאַט פֿאַר אַ פֿאַרקילונג. אַ פֿאַרקילונג אין זײַנע יאָרן . . . וויפֿל דאַרף ער?

— קום גיכער, ברוך! — האָט ער געזאָגט מיט כּעס.

— אָט־אָט, שוין . . . אָט זענען מיר ! . . .

ברוך איז געווען פריילעך. ער האָט מונטער צוגעהונקען מיט זײַן קורצן פיסל.

— אַ וואָזשנער וויכער ! — האָט ער באַמערקט אין אַ טאָן פון אָפּשאַצונג און הסכמה. — ס׳וועלן שוין ווידער זײַן רעגנס. אַזאַ ווינט מוז אָניאָגן וואָלקנס.

ער האָט צוגעטאַנצט און ווײַטער געזומען אונטערבאָמקען דאָס לידל, וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים הײַנטיקן אָוונט, און וועלכן ער האָט איבערגעריסן צוליב דער באַגעגעניש מיטן אַלטן שמש:

„גיכער, גיכער, ווי אַ וויכער — און די באָבע יאָכנע גייט !״

„גיכער, גיכער, ווי אַ וויכער — און די באָבע יאָכנע גייט !״

ברוך איז אַרײַנגעפאַלן אין שטוב מיט אַ ליאַרעם:

— נעכע, אַ גלעזל וואַרעמס ! . . . ראַטעווע אַ ייִדישע נשמה ! . . .

— נו, נו, מאַך נישט אַזעלכע קולות ! — האָט זיך מיט אַ רויִקן גוטמוטיקן שמייכל אָפּגערופן נעכע.

ר׳ זלמן איז געזעסן אויף אַ שטול לעבן טיש און האָט געציטערט. עס האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

נעכע איז שוין געגאַנגען מיטן הייסן קאָכער און מיט די גלעזער צום טיש. ברוך האָט אַ טאַנץ געטאָן איר אַנטקעגן:

— נעכע, קיין משקה האָבן מיר נישט ?

— בײַ דיר וועט עפּעס בלײַבן ! — האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. אָבער זי איז אַרויס אין קלייטל און געבראַכט משקה.

פונעם אַראַק און פונעם קאָכעדיקן טיי האָט זיך ר׳ זלמן דערוואַרעמט. טראָפּנס שוויס האָבן געגלאַנצט אויף זײַן שטערן. דאָס שטיבל איז געווען קליין און נידעריק. שטיקלעך לעדער און אַלטע שיך זענען געווען אָנגעוואָרפן אויף דער ערד. אין מיטן שטוב איז געשטאַנען אַ קליין טישל און אויף אים שוסטער־געצײַג, הילצערנע טשוועקלעך, אַ פאַרשמאַלצענער פאַרטוך, אַ הילצערנער פורעם. לעבן טישל — צוויי דרײַפוסיקע בענקלעך מיט גלאַט אויסגעריבענע אינווייניק אײַנגעבויגענע דעקלעך. אַנטקעגן דער אַרײַנגאַנגס־טיר איז געווען נאָך אַ טירל, וואָס האָט געפירט אין אַן ענג קעמערל — זייער שלאָפצימער.

ברוך איז געווען אַ ייִד פון אַ יאָר זיבן און זעכציק, אַ דאַרער, אַ פלאַטשיקער, ווי אַ פיש, דאָס ווײַסע בערדל האָט געסטאַרטשעט קליין און שאַרף, ווי אַ ברעטל, די בעקלעך זענען געווען רויט, ווי די עפּעלעך, מיט אַן עלטער־רויטקייט. באַזונדער האָבן זיי געבליט נאָכדעם ווי ער פלעגט נעמען אַ ביסעלע משקה. און דאָס פלעגט זיך מאַכן נישט זעלטן.

נעכע איז געווען אַ קליינע, דאַרע אַלטיטשקע, דאָס פּנים אין קנייטשן, די אויגן שטראַלנדיקע מיט אַ רויִקער, לאַכנדיקער גוטסקייט.

— הוליע, קבצן! — האָט געשריִען ברוך, קלאַפּנדיק נעכען איבער דער פּלייצע: אַט אַזוי זענען מיר — דיעד דאַ באַבאַ!... נישט געזאָרגט, זלמן!

און ר' זלמן האָט זיך דערפֿילט דאַ — מיט די צוויי אַלטע גוטע פֿריַנד — היימלעך, דערוואַרעמט און אָפּגעשוואַכט. זיַן געווייִנלעכע איַנגעהאַלטענע שווײַגעוודיקייט האָט אים פֿאַרלאָזן. ער האָט דערציילט דאָס וואָס ביַ זיי איז פֿאַרגעקומען דעם אָוונט און דאָס, וואָס ער האָט חושד געווען, וואָס איז געווען הינטער דעם פֿאַרגעקומענעם. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער, אָנגעזאָפּטע מיט כּעס און ווייטיק, אַזוי ווי קיַקלענדיק שווערע שטיינער פֿון איין אָרט אויפֿן אַנדערן.

— די וועלט איז געוואָרן הפֿקר... איבעריקע יאָרן לעב איך... נישטאָ אַלטער... דער טערק האָט אים געפּטרט... על קידוש השם... און זי ליגט און קרעכצעט — און רק אויף מיר מיט די אויגן... אַלע מאָל געווען אַ שלאַנג — קוקט ווי אַ שפּין — וואָלט מיך אויפֿגעגעסן מיטן קוק... און די אַנדערע קומט און רעדט זי אָן... חיהקע דרייט זיך ערגעץ אַרום טאָג און נאַכט. דעם טאַטן באַגראָבן, די מאַמע קראַנק — אַ פֿריַע וועלט... נאַר אסתּרקע... און דער שרץ, דער סאָלדאַט... ווען אַלטער וואָלט דאָס געזען... ליג, ליג אין דיַן רו, מיַן זון... דיַן אַלטער טאַטע בענקט נאָך דיר... ער וועט אין גיכן קומען צו דיר... דו צו אים — נישט... דער הפֿקר־יונג! דער הולטאַי!... „מושבֿ זקנים!" שריַט ער מיר נאָך און לאַכט... פֿון קיין כּבוד־אָבֿ ווייס ער נישט... אויסגעשניטענע יאָרן זאָל ער האָבן... אויסגעשניטענע יאָרן, הולטאַי!...

ביַ ר' זלמנען האָט געציטערט דער קאָפּ פֿאַר כּעסיקער אויפֿרעגונג. דעם לעצטן אויסגעשריי „מושבֿ זקנים" האָט ער נישט געקאָנט מוחל זיַן לייזערן.

— שאַ, שאַ, גענוג, זלמן! — האָט אים ברוך געוואָלט באַרויִקן. — ווייסט דאָך ווי עס שטייט געשריבן: אַ מענטשן דערקענט מען אָן דריַ זאַכן: בכּיסו, בכוסו, בכּעסו? בכּוסו — דאָס איז וועגן מיר געזאָגט — איך נעם גלײַך אַ כּוסה, אַט אַזאַ טבֿע האָב איך, וואָס, נישט, נעכע?... בכּעסו — דאָס איז וועגן דיר: דו ביסט אַ ייִד אַ כּעסן, ביד חזקה... שוין דאַכט זיך נישט קיין ייִנגל, זלמן... ווייסט דאָך, מענטשן זענען אַזעטקע און אַזעטקע... דער זאָגט, יענער זאָגט... גיב אַ שפּיַ און צערײַב!... אַ ייִנגל אַ סמאַרקאַטש האָט געזאָגט... גייסטו שוין אַרום, ווי אַן אינדיק — בכּעסו... און בכּיסו — דאָס איז וועגן אונדז ביידן, דאָ זענען מיר ביידע גליַך, וואָס, נישט אַזוי, נעכע?... נישט געזאָרגט, זלמן... מירן נעמען נאָך צו גלעזלעך?...

ר׳ זלמן האָט גענעכטיקט ביי ברוכן. צו אַ שמאָלער הילצערנער באַנק האָט נעכע צוגעשטעלט ברוכס אַרבעטס־טישל און נאָך אַ גוזמא פון בענקלעך און נאַפּט־קעסטלעך, און אַרויפגעלייגט אויף דעם אַ שטרויזאַק. ס׳איז געווען נישט זייער גלייך און גלאַט, אָבער מען האָט געקענט איבערשלאָפן אַ נאַכט, אויב ס׳וועט זיך נישט צעפאַרן. ברוך איז געווען גאָר שטאַרק צופרידן מיטן געלעגער. „אַ קייסער וואָלט דאָ געמעגט שלאָפן", האָט ער געמאַכט מיט התפעלות.

ר׳ זלמן האָט לאַנג נישט געקענט דערוואַרעמען די דורכגעפרוירענע גלידער, כאָטש נעכע האָט אים אַרויפגעלייגט פון אויבן אַ באַרג מיט שמאַטעס. אין דער פרי אָבער האָט ער זיך אויפגעכאַפּט נאַס פון שווייס. ער איז נאָך לאַנג געלעגן האַלב מיט אָפענע און האַלב מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַן אָפּגע־שוואַכטער, אַ צעבראָכענער, מיט אַן אויסגעלאָשן האַרץ און מיט נידעריק־קריכנדע מחשבות.

ווען ער איז געקומען אַהיים זענען די קינדער שוין געווען אַוועק צו דער אַרבעט. מענע אַליין איז געשטאַנען אין קיך ביים אייוועלע און האָט זיך גע־מאַכט, אַז זי זעט אים נישט ווי ער גייט אַריין אין שטוב. ער איז אָבער באַלד צוריק אַרויס און געבליבן שטיין אויף דער שוועל פון דער קיך.

— מענע, — האָט ער געזאָגט שטרענג, מיט אַ מין אונטערגעשטראָכענער תקיפות, — איך האָב איבערגעטראַכט מכּוח אַלץ. פון מיין זייט איז קיין מניעה נישטאָ... אויב מען וועט מיך נאָר אַריינבעטן. איך וועל היינט גיין צו די גבאים.

— ווי איר ווילט, שווער, איך זאָג גאָר נישט, — האָט געענטפערט מענע.

זי האָט נישט געקוקט אויף אים. זי האָט אַראָפּגענומען מיט אַ לעפל דעם ברודיקן שוים, וואָס איז אָנגעלאָפן ביי די בּרעגן פונעם קאָכנדיקן טעפל.

— איך ווייס, אַז דו זאָגסט גאָר נישט! — האָט ער זיך אָפּגערופן מיט אַן איינגעהאַלטענער ביטערניש.

ער האָט איר געוואָלט דערקלערן, אַז ער איז נעכטן געווען אין כּעס נישט ווייל מען האָט גערעדט, אַז ער זאָל גיין אין מושב זקנים, נאָר מחמת לייזער איז געווען אַזוי גראָב און האָט אים געלאַכט אין פּנים און מחמת עלקע האָט זיך געקוויקט, קוקנדיק אויף זיין בזיון. אָבער איצטער האָט ער נאָך אַ מאָל און קלאָרער ווי ווען עס איז דערזען, אַז די שנור איז אויך מיט זיי, און ס׳איז נישטאָ מיט וועמען אַריינצולאָזן זיך — און ער איז געשטאַנען אויף דער שוועל, אַ שוויינגנדיקער, אַן אָנגעכמורעטער, וואַרפנדיק אויף איר בייזע בליקן פון אונטער די געדיכטע ווייסע ברעמען.

פון זיין רעדן מיט די גבאים, וואָס ער האָט מיט זיי גערעדט יענעם טאָג, און אויף מאָרגן, און די אַנדערע וואָך, איז גאָר נישט אַרויסגעקומען. זיי האָבן

אים נישט אָפּגעזאָגט מיט קיין פֿולן מויל און האָבן אויך נישט צוגעזאָגט אויף געוויס. לויט די תּקנות זענען זיי געווען מחויבֿ אַרײַנצונעמען אומזיסט יעדן אַלטן ייִדן, וואָס נויטיקט זיך אין דעם. אויף דעם האָבן זיי געקליבן געלט איבער דער וועלט. נאָר אויסער די זקנים זענען געווען נאָך פֿאַרשיידענע מענטשן פֿאַרינטערעסירט אין די הכנסות פֿונעם אַנשטאַלט: די גבאים, די שרײַבער, וואָס האָבן געפֿירט די ביכער און געשריבן קיין חוץ לארץ די שנאָר־בריוו, די שמשים. יעדן איינעם פֿון זיי איז עפּעס וואָס צוגעפֿאַלן פֿון די רווחים פֿון „זייער" אַנשטאַלט — און דער „עפּעס וואָס" איז געווען אַ סך מער ווי דער וואָסערדיקער גריופּן־גריץ און דאָס דאַרע שטיקל דורא־ברויט, וואָס די זקנים האָבן געקראָגן. דעריבער האָבן די פֿאַרוואַלטער געזוכט אַרויס־צוציִען פֿונעם זקן בײַ זײַן אַרײַנטרעטן וואָס מער געלט, און האָבן אויסגעמיטן ווי ווײַט מעגלעך אַרײַנצונעמען אָרעמע אַלטע ייִדן, און בפֿרט ירושלימדיקע, פֿון אַ פּראָסטער פֿאַמיליע, וואָס איר מצבֿ איז זיי געווען גוט באַקאַנט.

זיי וואָלטן אים דאָך אַרײַנגענומען סוף כּל סוף, ווען ער וואָלט צוגעשטאַנען און נישט אָפּגעטראָטן, ווי דער מנהג פֿון די ירושלימדיקע איז, ווען ער וואָלט געקלאָגט און געוויינט איבער זיי און זיי נישט געלאָזט לעבן. נאָר אויף דעם איז ר' זלמן געווען צו שטאָלץ. ער האָט גערעדט צו זיי מיט אַ הויכן קול, און דער סוף איז געווען, אַז ער האָט זיך מיט זיי גאָר צעקריגט און אָפּגעזידלט ר' מנשהן, דער קאַסירער פֿון אַנשטאַלט, און אויפֿגעהערט צו גיין זיך משתּדל זײַן.

אין איינעם פֿון יענע טעג — שבת פֿאַרנאַכט איז דאָס געווען — איז אסתּר געגאַנגען שפּאַצירן מיט מאיר פֿונקן. זיי זענען אַרויס אויפֿן וועג צום מושבֿ זקנים. דער וועטער האָט זיך יענע וואָך אויסגעבעסערט. דער וועג איז דאָס רובֿ געווען טרוקן. נאָר ערטערווײַז זענען נאָך פֿאַרבליבן פֿלעקן בלאָטע. אין מזרח איז דער הימל געווען ריין. שטיקער וואָלקנס זענען זיך צעקראָכן אין צפֿון און דרום פֿון הימל. נאָר אין ווײַטן מערבֿ איז געשטאַנען ווי אַ באַרג אַ שוואַרצע וואָלקן־מאַסע. און די מאַסע האָט זיך אָנגערוקט און פּאַמעלעך אַראָפּגעבויגן זיך צו דער שטאָט. עס האָט אויסגעזען, אַז בײַ נאַכט וועט ווידער אַראָפּ אַ שטאַרקער רעגן. דערווײַלע זענען געשוווּמען פֿון מערבֿ־זײַט זיי אַנט־קעגן גאָר נידעריק שטראָמען פֿון עפּעס, וואָס איז געווען מוטנע־גרוי און שיטער, און וואָס הינטער דעם האָט זיך פּאַמעלעך דערנעענטערט צו ירושלים דאָס שוואַרצע און געדיכטע. דער ווינט האָט געבלאָזן זיי אין פּנים, און זיי זענען אומיסטן געגאַנגען אים אַנטקעגן, מיט צעהיצטע פּנימער, מיט רויטע באַקן, און האָבן געלאַכט פֿריילעך־אויפֿגערעגט, ווי ווען מען ראַנגלט זיך אויף צו כּלומרשט מיט עמעצן אַ שוואַכערן, און יענער וויל נישט צוגעבן, אַז ער איז שוואַכער און וואַרפֿט זיך מיט כּעס נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אין געשלעג. אַזוי האָט זיך דער ווינט געוואָרפֿן אויף זיי, צונויפֿגעקליבן זיך מיט די כּוחות און ווײַטער געוואָרפֿן זיך, און זיי האָבן אים געלאַכט אין פּנים, און מיט

פֿאַרויס־געבויגענע קעפּ, צוהאַלטנדיק די הוטן מיט די הענט, דורכגעלייגט זיך אַ וועג דורך אים.

צוריק זענען זיי געגאַנגען פּאַמעלעך, רוענדיק. זיי האָבן זיך געלאָזט שטויסן אין רוקן פֿונעם ווינט. ער האָט זיי געהודיעט אין די אויערן. אסתּרס גרוי קליידל איז געווען פֿון הינטן ווי צוגעקלעפּט צו אירע פֿיס, אונטער די קני, און פֿון פֿאָרנט האָט זיך דאָס אויפֿגעבלאָזן ווי אַ זעגל פֿון אַ שיף, און געריסן זיך אין דער הויך און פֿאָרויס, און געלאָזט זען די ווײַסע שפּיצן פֿון איר אונטערקליידל און די ברוינע זאָקן ביז די קני. אסתּר האָט געלאַכט און האָט זיך געמאַכט אַזוי ווי זי וואָלט זיך אײַנגעשפּאַרט — אַזוי ווי עמעצער וואָלט זי אונטערגעשטופּט בעת זי וויל נישט גיין. אין אַזעלכע מינוטן איז זי געווען שטאַרק געפֿעלן מאירן. איר געלעכטער איז געווען אַ זאַפּטיקער ברוסט־געלעכטער, אַ מונטערער, אַ פֿול־קלאַנגיקער, און צוגלײַך אַזאַ ווײַבלעכער, אַז ער האָט דורכגענומען, גלעטנדיק און ציִענדיק זײַן מאַנצבילישע נשמה. אירע באַקן זענען געווען גערויטלט, אין די אויגן האָבן געטאַנצט פֿרייטלעכע פֿײַער־לעך, אַ לאָקן שוואַרצע האָר האָט זיך אַרויסגעשלאָגן פֿון אונטערן שוואַרצן הוט צום שלייף. די שווערקייט, וועלכע ער האָט געפֿילט מיט איר אין אַנדערע מאָמענטן, ווען זי איז געזעסן מיט אים בײַ אים אין צימער און געקוקט אויף אים מיט גרויסע בעטנדיק־מאַמעדיקע אויגן און אַזוי ווי געבונדן אים מיט אָט דעם קוק אירן צו עפּעס, צו וואָס ער האָט זיך נישט געוואָלט בינדן, אָדער נישט געוווסט אויף געוויס, צי ער זאָל זיך בינדן צי נישט — די שווערקייט איז איצטער פֿאַרשוווּנדן פֿון צווישן זיי. אים האָט זיך געוואָלט איצטער אויפֿ־הויבן זי, און לויפֿן מיט איר איבער אַ גלאַטן, גלאַטן אײַז־פֿעלד, מיט גליטש־אײַזנס אויף די פֿיס. ער איז געווען אַ גוטער גליטשער.

די מוסקלען פֿון זײַנע לאַנגע, שטאַרקע הענט האָבן זיך אָנגעצויגן. די קולאַקעס האָבן זיך פֿאַרמאַכט ווי צוואַנגען. זײַן גײַסטיקע אויפֿרעגונג האָט געוואָלט אַריבערגיין אין מוסקל־כּוח, אָבער דער מוסקל־כּוח האָט אויך נישט געהאַט קיין אויסגאַנג.

— בײַ אונדז אין רוסלאַנד איז איצטער שניי און אײַז... ווײַסער שניי פּאַלט, אסתּרקע, — אַצינד האָט זיך אים זייער פֿאַרוואָלט אָנרופֿן זי „אסתּרקע״, ווי אַלע אין שטוב רופֿן זי — און ער האָט דאָס געטאָן, און האָט מיט פֿרייד געקלערט פֿון דעם, וואָס פֿאַר אַ באַדײַטונג דאָס האָט, און האָט מיט ליכטיקע אויגן געענטפֿערט אויף איר פֿלינקן, אומרויִקן אַרויפֿקוקן צו אים. — מען פֿאָרט אויף שליטנס. זיי האָבן נישט קיין רעדער, נאָר אײַזערנע, גלאַטע, קײַלעכדיקע פֿון פֿאָרנט פּאָסן. זיי שנײַדן דעם ווײַסן שניי און פֿליִען גרינג, ווי דער ווינט. זיי סקריפּען, דער שניי כּאָרכלט, כּרעמזלט זיך . . . אָר־אָו . . . ס'איז פֿריילעך! דו האָסט קיין מאָל נישט געזען קיין שניי, אסתּרקע?

אסתּר האָט שוין אַראָפּגענומען פֿון אים די אויגן. זי האָט געקוקט אַראָפּ, דורכן ציטערנדיקן נעפּל פֿון די צוויי גרויסע טראָפּנס, וואָס האָבן זי געצוווּנגען

אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ. זי האָט פֿאַרשטאַנען. זי האָט אַרויסגעלייענט אויף זײַן פּנים, זי האָט געהערט אין זײַן קול דעם ענטפֿער, אויף וועלכן זי האָט אַזוי לאַנג, מיט אַזוי פֿיל פּײַן געוואַרט. און איצטער איז זי געווען גליקלעך. זי האָט געקוקט אַראָפּ אַ רויטע, אַ צעטראָגענע, און נישט געהערט וואָס ער פֿרעגט.

דעמאָלט האָט זיי אָנגעיאָגט און אַריבערגעיאָגט אַ יונגער מאַן פֿון אַ יאָר דרײַסיק, וואָס האָט געטראָגן שוואַרצע ברילן, אַ פּעס אויפֿן קאָפּ און אַ הויכן, שטייענדיקן, ווײַס־געפּרעסטן קאָלנער. דאָס איז געווען דער שרײַבער פֿון מושבֿ זקנים, פּנחס קלאָפּער, וואָס האָט געשמט אין שטאָט פֿאַר אַ געבילדעטן יונגן מאַן, ווײַל ער האָט געשריבן שנאָר־בריוולעך אויסער אין העברעיִש אויך אין פֿראַנצויזיש און דײַטש, און ייִדן מבֿינים האָבן געזאָגט, מיט התפּעלות, אַז יעדער וואָרט זײַנער איז אַ פּערל. אסתּר האָט אים אָפּגעשטעלט.

— זײַט אַזוי גוט, ר׳ פּנחס!

זי האָט גענומען טענהן וועגן דער לאַגע בײַ זיי אין דער היים און וועגן דעם ענין פֿון איר זיידן, און אויף זײַנע אויסמײַדנדיקע תּשובֿות, אַז דאָס געהערט צו די גבאים און ער קאָן אין דעם קיין דעה נישט זאָגן, האָט זי געלאַכט צו אים מיט דעם בעטנדיק־פֿאָדערנדיקן מיידלשן געלעכטער, וואָס זי האָט זיך מיט דעם אינסטינקטיוו באַנוצט, ווען זי האָט געוואָלט עפּעס אויספֿירן נישט בײַ אַ היימישן, נאָר בײַ אַ פֿרעמדן מאַנצביל, און האָט חנפֿענדיק געזאָגט, אַז צווישן זיי רעדנדיק ווייסן זיי דאָך, אַז דאָס ווענדט זיך נישט אין קיין אַנדערן, נאָר אין אים. ער האָט צוגעשוויגן, נישט צוזאָגנדיק, נישט וועלנדיק עפּעס טאָן פֿאַר ר׳ זלמנען, נישט זעענדיק וואָס ס׳וועט אים אַרויס־קומען פֿון דעם, אָבער אויך נישט וועלנדיק לייקענען, אַז ער וואָלט געקאָנט טאָן, דערבײַ האָט ער פֿאַרשנדיק באַטראַכט דעם בחור, וואָס איז געגאַנגען מיט איר.

מאיר איז געווען אַ הויכער, שיינער שאַטין, ער האָט געטראָגן אַ נײַעם דעם ווינטער געקויפֿטן ברוינעם מאַנטל, און כאָטש ער האָט שוין געטראָגן אַ פּעס אויפֿן קאָפּ איז געווען נישט שווער צו דערקענען נאָך זײַן שטעל און קוק, אַז ער איז נישט קיין היגער, מסתּמא פֿון די רוסישע. בײַ זיי איז איצטער בײַ אַלעמען געוואָרן אַ מאָדע צו טראָגן פּעסן. דער שרײַבער פֿון מושבֿ זקנים האָט בײַ זיך באַשטימט, אַז דער בחור דאַרף זײַן פֿון ציוניסטישן משׂרד, אָדער פֿון דער באַנק. נאָר אַזוי ווי ער האָט צוליב די עסקים פֿון זײַן אַנשטאַלט געקענט די היגע פּקידים, איז בײַ אים געבליבן, אַז דאָס מוז זײַן גאָר אַ יפֿוער. פּנחס קלאָפּער איז געווען אַ דורכגעטריבענער יונג און האָט ליב געהאַט צו באַווײַזן פֿאַר „זיי" וואָס ער קלערט און ווי ער פֿאַרשטייט. דאָס האָט אים געשטופּט צו פֿאַרפֿירן מיטן בחור אַ ברייטן שמועס וועגן מושבֿ זקנים און אַגבֿ באַווײַזן, אַז ער פֿאַלט נישט אַראָפּ אין שׂכל פֿון יענע, פֿון די חוץ־לאַרצדיקע.

— איר רעדט וועגן דער לאַגע, אין וועלכער איר זענט פאַרבליבן נאָכן טויט פון אײַער פאָטער, — האָט ער זיך אָפּגערופן צו אסתּרן, קוקנדיק בעת מעשׂה צו פונקן, — און בײַ אַנדערע איז בעסער? גיט אַ קוק אַרום . . . וואָס זשע רעדט איר וואָס? ר׳ זלמן איז אַליין שולדיק, וואָס ער האָט זיך אײַנגע־שפּאַרט, אַז מען זאָל אים אַרײַננעמען גאָר אומזיסט. ערשטנס, זאָגט ער, האָט ער נישט פון וואַנעט צו נעמען, און צווייטנס, זאָגט ער, איז נאָך די תּקנות מוז מען אים אַרײַננעמען אומזיסט. וואָס הייסט, מען מוז? קיין מוז איז נישטאָ. ווען מיר זאָלן זיך אַזוי לאָזן וואָלטן מיר באַלד אַ האַלבע שטאָט געדאַרפט אַרײַננעמען!

— עס זענען דאָך פאַראַן נישט קיין זקנים אויך! — האָט זיך מאיר פונק צעלאַכט. קלאַפּער האָט אַ שמייכל געטאָן בנעימותדיק, ווײַזנדיק אַ שורה קליינע, שאַרפע ציינער:

— די יונגעלײַט — גלייבט מיר, אַז בײַם הײַנטיקן טאָג פּאַסן זיי פאַרן מושב זקנים נישט ווייניקער, ווי די אַלטע! געוויינטלעך, אײַך וואָלט איך נישט אַרײַנגענומען!

— כאַ־כאַ־כאַ!... — האָט פרייליך געלאַכט פונק.

— געוויינטלעך, — האָט דער שרײַבער גערעדט ווײַטער, — ר׳ זלמן האָט זיך אַליין קאַליע געמאַכט, וואָס ער האָט זיך געקריגט מיט די גבאים. אַזאַ ייִד, ווי ר׳ זלמן — אַלע קענען אים, מען וואָלט נישט געמאַכט קיין גרויסע רייד... איבער וואָסערע צען נאַפּאָלעאָן מאַכט מען נישט אַזאַ רעש... און ווידער — אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ — מען וואָלט דורכגעקומען, אייגענע מענטשן...

— בײַ אײַך רעדט זיך דאָס אַזוי גרינג אַרויס פון מויל, ר׳ פּנחס, — האָט אַ געשריי געטאָן אסתּר — צען נאַפּאָלעאָן! פונוואַנען זאָלן מיר נעמען צען נאַפּאָלעאָן?

— איך וועל אײַך זאָגן, אדון... אַנטשולדיקט, איך ווייס נישט אייער נאָמען — האָט זיך אַ קער געטאָן פּנחס קלאַפּער צום סטאָליער.

— פונק.

— פונק? — האָט איבערגעפרעגט דער שרײַבער פון מושב זקנים, טראַכטנדיק — אַ יפו׳ער?

— ניין, אַ היגער.

— יאָ... — עס איז פאַר אים געווען טשיקאַווע: אַ היגער און ער קען אים נישט! — איר מיינט דאָך אַוודאי, אַז מיר קריגן געלט פון דער וועלט אויסצוהאַלטן די זקנים?... האָט איר אַ טעות, ליבער פרײַנט. אויף אַזוינע זאַכן גיבן נישט אונזערע ייִדעלעך. אַ האַלבן גראָשן, אַ גראָשן — מהיכי תּיתי! אָבער נישט מער!... דער יסוד פון די מוסדות חסד אין

ירושלים איז גאָר אַן אַנדערער... ס׳איז אַזוי ווי אַ באַנק, להבדיל, אַ ייִד האָט פֿײַנט צו וואַרפֿן זײַן געלט אויפֿן ווינט — ער וויל דאָס אַרײַנלייגן אין אַ ראַיעלן געשעפֿט. אַ ייִד פֿון אַמעריקע, למשל, צי פֿון דײַטשלאַנד, צי פֿון אונגאַרן — אַז ער באַקומט אַ בריוול פֿון אונז, צי פֿון אַ בית יתומים, צי פֿון אַ שפּיטאָל — רעכנט איר, אַז ער וועט זיך דאָס אַזוי כאַפּן צו שיקן פֿינף, צי צען, צי גאָר פֿופֿציק נאַפּאָלעאָן אויף אויסצוהאַלטן עפּעס אַ זקן, אָדער אויסגעבן אַ יתומה, אָדער קויפֿן רפֿואות פֿאַר אַ חולה? נו, און דערנאָך, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען ער וועט שטיין פֿאַרן בית דין של מעלה, וועט ער גיין זוכן דעם זקן, די יתומה? וואָס דאַרף ער די קאָפּ־דרייעניש? ער וויל גיין אויף אַ זיכערער בריק. ער שיקט אַרײַן צען דאָלער מען זאָל זעצן אַ מנין ייִדן זאָגן קדיש פֿאַר זײַן טאַטן, אָדער פֿופֿציק דאָלער פֿאַר דרײַ מנינים: אַ מנין אין דער חורבֿה־שול, אַ מנין אויף דער מוטער רחלס קבֿר און אַ מנין אין מירון, לעבן צפֿת... איי וואָס, דאָרטן אין ירושלים וועט מען פֿאַרן געלט אויסהאַלטן זקנים און אויסגעבן יתומות — דאָס אַרט אים נישט. ער האָט זיך באַוואָרנט מיט דירעקטע וועקסלען.

— און טאָמער זאָגט ער אַליין קדיש? — האָט געפֿרעגט פֿונק, שטאַרק פֿאַרינטערעסירט פֿון דער אָריגינעלער באַלויכטונג פֿון דער זאַך.

— זעט איר, דערפֿאַר ליגן טאַקע אין דר׳ערד די פּוילישע כּוללים, — האָט געזאָגט מיט נצחון פּנחס קלאַפּער. — אַ פּוילישער ייִד וועט איבערגעבן אַ פֿרעמדן זאָגן קדיש פֿאַר זײַן טאַטן? מען זאָל אים צוצאָלן!... אַ דײַטש — אַ דאָקטאָר, אַ סוחר, אַ... אַ שוואַרץ יאָר ווייס וואָס — קלערט ער בײַ זיך, אַז ער קאָן גאַנץ גרינג פֿאַרגעסן ווען ער האָט יאָרצײַט, אָדער קיין צײַט נישט האָבן אַרײַנלויפֿן אין שול אויף פֿינף מינוט זאָגן קדיש — טאָ נאָט אײַך פֿופֿציק מאַרק, הונדערט מאַרק — זעצט אַ מנין ייִדן אין ירושלים!...

— ר׳ פּנחס, איז ווי זשע וועט זײַן מיטן ייִדן? — האָט אים איבער־געשלאָגן אסתּר מיט אומגעדולד.

אַלע זײַנע רייד זענען איר פֿאַרגעקומען נאָר ווי אַן אומנויטיקער פֿאַר־קריכן אין דער זײַט.

— איך זאָג דאָך אײַך: אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ — מיר וועלן דורכקומען, הערט, אדון פֿונק, — האָט ער זיך ווידער אויסגעדרייט צו אסתּרס מיטגייער, — בײַ ייִדן זאָגט זיך אַ ווערטל: יעדער ייִד האָט דרײַ ביסעלעך: אַ ביסעלע ייִדישקייט — ער מעג זײַן גאָר אַ גרויסער אַפּיקורס, אָבער אַמאָל, יום כּפּור, גייט ער פֿאָרט אַרײַן אין אַ שול, אָדער עס ווערט אים אומעטיק אויפֿן האַרצן און ער גיט אַ זינג אַ ייִדישן ניגון; אַ ביסעלע רחמנות — אָט ווי ער זאָל נישט זײַן אַן אַכזר גיט זיך בײַ אים דאָך אַמאָל אַ ריר דאָס האַרץ; אַ ביסעלע געלט — ער מעג זײַן דער גרעסטער קבצן, אָבער ערגעץ וואו, בײַם ווײַב אין זאַק, צי בײַ זיך אין פּערינע וועט זיך דאָך עפּעס בײַ אים

פאַרוואַלגערן. וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ ייִד זאָל גאָר, טאַקע גאָר נישט האָבן קיין גראָשן ?...

און ער האָט געקוקט אויף פונקן ערנסט, מיט אַ גלאַנץ אין די אויגן, וואָס האָט זיך באַהאַלטן הינטער די שוואַרצע שייבעלעך פון זײַנע ברילן, און וואָס האָט ווי געוואָלט זאָגן: „אויב דו פאַרשטייסט — פאַרשטיי, אויב נישט — איז נישט כּדאַי צו דערקלערן".

— אַ קעפּל! — האָט זיך אָפּגערופן פונק צו אסתּרן מיט התפּעלות, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך צעשיידט מיטן שרײַבער פון מושבֿ זקנים און פאַרנומען זיך פון יפו'ער גאַס לינקס, — אַזוי האָב איך דאָס קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען!

— אָהאָ, ער דרייט מיטן גאַנצן אַנשטאַלט! — ער איז זייער אַ געביל־דעטער! — האָט אסתּר געזאָגט מיט גרויס כּבֿוד.

זי האָט אויסגעמיטן צו געברויכן אַזעלכע ווערטער, וואו זי וואָלט אים געדאַרפט אירצן אָדער דוצן. זי האָט זייער אים געוואָלט זאָגן „דו" און האָט נישט געוואַגט.

און דאַן האָט ער זי גענומען פאַר אַ האַנט און געמאַכט ווייך, ענדיקנדיק מיטאַמאָל אַלע ספקות:

— דאַג'ע נישט, אסתּרקע! מיר וועלן קריגן די עטלעכע נאַפּאָלעאָן.

זי האָט שווײַגנדיק צוגעדריקט צו זיך זײַן האַנט. איר האַרץ האָט געשלאָגן שטאַרק, פול מיט דאַנק, און מיט עפּעס, וואָס איז געווען פיל מער און שטאַרקער, ווי דאָס דאַנק־געפיל.

# 9

דערווײַלע איז ר׳ זלמן נאָך אַלץ געבליבן אין דער היים. ער איז נאָך מער אַרײַן אין זיך. פֿאַרטאָג פֿלעגט ער אַוועקגיין אין בית מדרש, אָן צו טרינקען אַ גלאָז טיי, און קומען צוריק אַרום אַכט, ווען די קינדער זענען שוין געווען אַוועק צו דער אַרבעט. דעמאָלט פֿלעגט ער נעמען אַ שטיקל ברויט און טרינקען אַ גלאָז לעבלעכן טיי. אסתּר האָט געזען מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ, אַז ער ווערט שוואַכער פֿון טאָג צו טאָג. זי האָט זיך געבעטן בײַ אים, ער זאָל רחמנות האָבן אויף זיך און אויף איר — זי קאָן נישט צוזען ווי ער פֿאַרהונגערט זיך. און וואָס וועלן לייט זאָגן?

ער האָט זיך נישט געלאָזט רײדן:

— איך עס גענוג, אסתּרקע! גיי, גיי, דו ביסט אַ גוט קינד!

און אין שטוב איז בײַ זיי גראָד געוואָרן בעסער. עס איז ווי אַליין פֿון זיך געקומען. חיה האָט אָפּטער געבראַכט מיט זיך גוטע זאַכן. מענע האָט זיך גענומען אויסצאָלן פֿון די חובֿות אין קלייטל, פֿאַר די קוילן, פֿאַר דער דירה, און דערבײַ זענען נאָך כּסדר געלעגן עטלעכע איבעריקע מעדשידיס אין שופֿלאָד. פֿונוואַנען דאָס אַלץ האָט זיך גענומען — וועגן דעם האָט מענע געקלערט פֿאַר זיך, און נישט געוואָלט קלערן. אסתּר האָט געהאַט אירע געדאַנקען, און האָט אויך נישט גערעדט. נאָר בײַנאַכט, ווען זי פֿלעגט זיך אויפֿכאַפּן מיט אַ ווילדן געשריי, פֿון וועלכן אַלע אין שטוב פֿלעגן זיך פֿלעגט זי אַמאָל אָנכאַפּן אַ מין יאוש און עקל צו אָט דער גרויסער און פֿעטער מויד, און זי פֿלעגט זיך פֿון איר אָפּרוקן צום ברעג פֿון בעט אַזוי, אַז זי זאָל זיך נישט אָנרירן צו איר. און ס׳איז איר אָפּטער געקומען דער געדאַנק וועגן קריגן פֿאַר זיך אַ באַזונדערע בעט.

נאָר ר׳ זלמן האָט וועגן דעם נישט איבערגעקלערט. ער איז געווען פֿאַרטאָן אין זײַנע מחשבֿות וועגן זיך, וועגן זײַן לעבן, וועגן דעם סוף פֿון זײַן לעבן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף איין זאַך: ער עסט אויף דאָס ברויט פֿון יתומים — פֿון זײַנע אייניקלעך די יתומים. ער האָט נאָך אַלץ געהאָפֿט, אַז ער וועט צווינגען די גבאים אַרײַננעמען אים אין מושבֿ זקנים.

בײַטאָג האָט אים דער דאָזיקער געדאַנק געשטאַרקט. ער איז געגאַנגען זען זיך מיט מענטשן און באַשולדיקן די גבאים. ער האָט געפירט אַ מלחמה פון עקשנות מיט זײַן שוואַכקייט און הונגער. אָבער בײַנאַכט פלעגט ער זיך אַמאָל אויפכאַפּן מיט אַ ווילדן געשריי, פון וועלכן אַלע אין שטוב פלעגן זיך אויפוועקן דערשראָקן, און פלעגט ליגן דערנאָך מיט אָפענע אויגן, מיט אַ שווידער אין גאַנצן לײַב, מיט אַ ווייטאָגדיק־קלאָפּנדיקן אַלטן האַרץ. דעמאָלט האָט ער געוואוסט אויף געוויס, אַז זײַן קריג מיט די גבאים, זײַן עקשנות אַנטקעגן די קינדער, זײַן כּעס, זײַן באַליידיקן זיך, זײַן וועלן אויספירן — אַז דאָס זענען אַלץ נאַרישקייטן, גאָר פּוסטע זאַכן... ער איז אַלט און שוואַך, די כּוחות גייען אַוועק מיט יעדן טאָג, דער סוף איז נאָענט — שוין גאָר נאָענט...

— רבונו של עולם, האָב רחמנות, — האָט ער געמורמלט, ווי אין אַ פאַרגעסנקייט, — רבונו של עולם, נאָך נישט... נאָך נישט איצטער... נאָך אַ יאָר!... איין יאָר, סך הכּל!...

אויפן שטערן האָט אים אַרויסגעשלאָגן אַ קאַלטער שוויס. אויף די אויערן, אויף דער באָרד זענען אים אַראָפּגערונען זודיק־הייסע, זודיק־קאַלטע טרערן. ר׳ זלמן האָט געוויינט אָן אַ קול אין דער פינצטערער ווינטער־נאַכט.

חיה איז דעמאָלט געווען אָפטער אין דער היים. נישט זעלטן פלעגט זי זיך אומקערן פון גאַס צו האַלבן טאָג, אָדער נאָך פריִער, און בלײַבן זיצן אין שטוב ביז פאַרנאַכט. דערנאָך פלעגט זי אַוועק אויפן גאַנצן אָוונט, אָדער גאָר נישט קומען אַהיים ביז אויף מאָרגן אין דער פרי. מענע האָט געפּרוּווט מיט איר רעדן, נאָר זי האָט איר שטענדיק אָפּגעהאַקט:

— לאָז מיך צורו, מאַמע!

באַהאַלטענערהייט האָט זי געבראַכט דער מאַמען פּושקעלעך נעסטלי־מילך און אייער. מענע האָט דאָס זשעדנע צוגענומען. פון זינט זי איז קראַנק געוואָרן זענען אַלע אירע געדאַנקען געווען נאָר וועגן איר געזונט. איר איז געווען קלאָר, אַז דאָס איבעריקע וועט זיך שוין ווי עס איז אַליין פון זיך אויסבעסערן. און איצט האָט זי געפילט, ווי דאָס געזונט קומט איר צו מיט יעדן טאָג. זי איז דעריבער נישט צוגעשטאַנען צו פיל צו חיהן. זי וויל נישט רעדן — איז נישט! אַבי זי פאַרדינט, גאָט צו דאַנקען. און זי האָט כיטרע גע־שוויגן, באַהאַלטן די אייער מיט די נעסטלי־מילך הינטערן קאַמאָד און קיינעם נישט געזאָגט פון דעם. דער מאָגן איז בײַ איר גוט געוואָרן, די געשווילעכץ פון די פיס איז אַראָפּ, דאָס פּנים איז ווידער געוואָרן גלאַט און פאַרביק — זי האָט אויסגעזען מיט צען יאָר יונגער. איצט האָט זי זיך געפרייט, וואָס עלקע קומט נישט מער. די סוחרטע וואָלט גלײַך אָנגעהויבן צו שמעקן — ווי? פונוואַנען? גלײַכער, אַז מען איז פונדערווײַטנס!... אַזוי שווײַגט זי אויך נישט. די ייִדענעס אין מאַרק האָבן איר שוין דערציילט, אַז עלקע גייט און באַרעדט זיי. און וועגן חיהקען, זאָגן זיי, רעדט זי גאָר מיאוסע רייד.

— מיאוס זאָל איר ווערן דאָס לעבן, טאַטע אין הימל! — האָט מענע אויפגעהויבן די אויגן צום באַלקן.

און זי האָט געשאָלטן די שוועסטער מיט טויטע קללות.

וועגן חיהן אָבער האָט מען געשמועסט אַלץ אָפּטער און די רייד זענען געוואָרן מער באַשטימטע. ר׳ זלמן איז איינמאָל אין אָוונט געקומען פון בית מדרש מיט אַ גאָר פאַרחושכטן פנים.

— מענע, דו האָסט געהערט וואָס מען זאָגט וועגן חיהקען? — האָט ער געפרעגט מיט אַ באַזונדערער האַרטקייט אין קול.

אסתּר האָט אויפגעציטערט. זי האָט זיך אָנגעשטעלט אויפן זיידן מיט אַ דערשראָקענעם פנים. מענע האָט זיך צוזאַמענגעצויגן אינעווייניק און אַריין אין זיך, ווי אַלעמאָל, ווען זי האָט געפילט אַ סכנה פון דרויסן.

— וואָס איז דען? — האָט זי געפרעגט מיט אַ פאַרשטיינערטן פנים.

— וואָס איז דען, — האָט ער איבערגעזאָגט מיט ביטערניש, — אַ מוטער ביסטו?...

און דאַן האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ דער כעס, וועלכן ער האָט מיט אַזוי פיל זאָרג געטראָגן פון בית מדרש ביז אַהיים, נישט אַרויסגעבנדיק דאָרטן פאַר קיינעם, נישט פאַרלירנדיק אויפן וועג קיין טראָפּן. זיין פנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט — טונקל־רויטע, אַלטע בלוט — די הענט און פיס האָבן אים געציטערט. ער איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, אַ נידעריקער, אַ ברייטער אין ברוסט, אַ גרויער, דער קאָפּ אַריינגעזונקען אין די פּלייצעס, די אויגן ברענענדיקע, און האָט געשריען מיט אַ משונהדיקן קול, מיט אַ מין הייזעריקן קוויטש, און געטופּעט מיט די פיס, און געטרייסלט זיך אַזוי, אַז אסתּר האָט אַלץ מורא געהאַט ער זאָל נישט פאַלן אין מיטן שטוב. און כאָטש ער איז געווען נידעריק און אַלט און געהויקערט, האָט זיך אין יענער מינוט געדאַכט, אַז ער גרייכט מיטן קאָפּ ביז צום באַלקן און פילט אָן מיט זיך די גאַנצע שטוב.

— אַ מוטער ביסטו?... ווייסטו, אַז זי איז אַ נפקא געוואָרן? אַ נפקא!... מיין אַלטערס קינד!... מיט גוים געשעפּטן... אַ נפקא!... דו פאַרשטייסט דאָס, בהמה?... דו האָסט געהאַט אויגן?... האָסט אַכטונג געגעבן אויף דיין טאָכטער? וואו איז זי? אַהער־צו רופט זי, זאָג איך אייך! אסתּר!...

— זי איז נישטאָ אין דער היים, — האָט אסתּר געזאָגט דערשראָקן.

— נישטאָ? ווען איז זי דאָ? ביינאַכט איז זי דאָ? איך פרעג דיך, מענע: ביינאַכט איז זי דאָ? טאָ זאָל זי מער נישט קומען! איר הערט, וואָס איך זאָג אייך: זי זאָל דאָ אין שטוב נישט אַריינגיין, דעם טאַטנס הויז נישט פאַראומריינען. זאָל זי ליגן דאָרט ביי איר גוי... אפשר האָט זי זיך שוין געשמדט אויך? — איז אים איינגעפאַלן אַ נייער געדאַנק. — איך פאַרשילט

זי אויף אייביקע יאָרן... די קללה פֿון איר זיידן זאָל זיך פֿון איר קיינמאָל נישט אָפּטאָן... זי איז געשטאָרבן... מענע, דײַן טאָכטער איז געשטאָרבן!... אסתּר, דײַן שוועסטער איז געשטאָרבן!... איך וועל נאָך איר זיצן שבֿעה!...

אסתּר האָט אויסגעבראָכן אין אַ כליפּענדיקן געוויין.

מענע איז אַלץ געזעסן ווי אַ פֿאַרשטיינערטע. זי האָט זיך דערמאָנט אָן די אייער און נעסטלי־מילך, און קיכלעך, וואָס זי האָט באַהאַלטן הינטערן קאָמאָד, וואָס חיהקע האָט איר הײַנט געבראַכט. דאָס אַלץ וועט מער נישט זײַן. זיי וועלן ווײַטער לעבן מיטן בלויען דורא־ברויט און וואַסערדיקן בלעטער־זופּ. און דאָס נעמט זיך אַלץ פֿון אים, פֿון אָט דעם אַלטן, וואָס גיט גאָרנישט, וואָס זיצט בײַ זיי אויפֿן האַלז שוין גאַנצע צען יאָר, וואָס זי קאָן אים נישט אָנקוקן, וואָס זי קאָן נישט זען, ווי ער דיכעט אַפֿילו, וואָס ער האָט פֿאַרטריבן פֿון שטוב איר לייבלעכע שוועסטער, און איצטער האָט ער פֿאַרשאָלטן איר טאָכטער.

זי האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון בעט, וואו זי איז געזעסן, און האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן אים, אַ הויכע, אַ פּלאַטשיקע, מיט אַ ברייטן פֿאַרשטיינערטן פּנים, און האָט גענומען רעדן, קוקנדיק פֿאַרבײַ אים, צו דער לופֿט, און ווענדנדיק זיך ערגעץ אין דער וועלט אַרײַן. איר קול איז געווען אומבאַלעבט, מאָנאָטאָן ווי אַלע מאָל, און נאָר אין דעם ציטער, וואָס איז איבער אים פֿון צײַט צו צײַט אַריבערגעלאָפֿן, האָט מען געקאָנט דערקענען, אַז אינעווייניק אין איר קאָכט אַ פֿאַרשטיקטע אויפֿרעגונג.

— מענטשן זאָלן האָבן אַ טבֿע צו שטופּן די נאָז אומעטום וואו מען דאַרף נישט. מען זאָל רק זוכן פֿון אונטער דער ערד ווי צו מאַכן אַן איבערקערעניש אין הויז. שעמען מעגן זיי זיך אין זייער ווײַטן האַלז אַרײַן!... טפֿו אויף מײַנע שונאימס קעפּ!... אַן אַלטער ייִד, וואָס שוין פֿון צען יאָר, ווי ער האָט נישט פֿאַרדינט קיין פּאַרע, וואָס זיצט אויפֿן האַלז בײַ די קינדער און זיי האַלטן אים מיט גרויס כּבֿוד — נישט ווי בײַ לײַט — זאָל אים נאָר זיצן אין קאָפּ אָנצוצינדן אַ שׂרפֿה אין הויז, און שילטן זיך מיט טויטע קללות... נישט גענוג האָט מען געטאָן פֿאַר אים!... מענטשן האָבן נישט קיין בושה און קיין חרפּה... דעם זון באַגראָבן נעמט ער זיך איצטער צו די אייניקלעך. נישט געקאָנט זען מען זאָל די פּופּציק נאַפּאָלעאָן קריגן פֿריִער מיט אַ וואָך — וואָלט אַלטער נישט אַוועק פֿון אונז יונגערהייט... וואָס האָב איך געקאָנט טאָן, אַ שוואַכע ייִדענע, מיט קראַנקע פֿיס?... דער זון אין דר׳ערד אַרײַנגעלייגט און אַליין פֿירט ער מלחמות... איצטער גענומען זיך אַריבערטראָגן פּליאָטקעס פֿון קלויז... אַז מען זאָגט אים שלעכטס אויף זײַנס אַן אייגן קינד קומט אים צו אַ שטיק געזונט... אַן אַנדערער וואָלט אים די ציינער אַרויסגענומען, דעם וואָס רעדט... די שנור און די אייניקלעך זענען אים אַ דאָרן אין אויג... זעט, דאַכט זיך, גאַנץ גוט, ווי די מיידלעך ווערן אויסגעריסן,

האָרעווענדיק פֿאַרן הויז, פֿאַר אים. נישטאָ צו מאַכן גרינגער. טאָמער האָט מען געזאָגט אַ וואָרט וועגן מושבֿ זקנים איז הימל עפּן זיך... געכאַפּט דעם שטעקן און אַנטלאָפֿן אויף אַ גאַנצע נאַכט... און טאָמער שוין יאָ מסכּים געווען לפּנים — איז גלײַך געגאַנגען און צעקריגט זיך מיט די גבאים... מיינט, אַז מען פֿאַרשטייט נישט די שטיק... לייזערקען שוין אַרויסגעטריבן פֿון שטוב, עלקען אַרויסגעטריבן, איצטער — חיהקען... לײַטישער געלעכ־טער!... מאָרגן וועט ער הייסן גיין מיר מיט אסתּרקען. מײַנע שׂונאים זאָלן נישט דערלעבן צו זען דעם נחת... חיהקע וועט דאָ בלײַבן — איר הערט, שווער? — איצטער האָט זי שוין געשריען מיט אַ מין משונהדיק־שאַרפֿן קול, ווי פֿון אַ קופּערנעם רערל: — זי וועט דאָ בלײַבן. אויב אײַך געפֿעלט נישט מעגט איר ווײַטער נעמען דעם שטעקן... און ווער ס'שילט מײַן טאָכטער זאָלן די קללות פֿאַלן אויף זײַן קאָפּ... אויף זײַן קאָפּ! אויף זײַן לײַב און לעבן... אַלע וויסטע חלומות, רבונו של עולם!... צו אים זאָל דאָס אויסגיין!...

יענעם אָוונט איז ר' זלמן ווײַטער געקומען צו זײַן אַלטן גוטן ברודער, דעם לאָטוטניק, ברוך שיבקאָ. ער האָט זיך שווער אַנידערגעזעצט אויפֿן שמאָלן הילצערנעם בענקל, אָנגעלענט זיך מיטן רוקן אָן וואַנט, און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפֿן ברוסט. זײַן פּנים איז געווען אויפֿגעלאָפֿן מיט גראָבע קנייטשן פֿון אַ ברודיקן ערד־קאָליר. זײַן ווײַסע באָרד איז פֿלאַטשיק געלעגן איבער די לאַצן פֿונם אויבערמאַנטל. אין די הענט האָט ער געהאַלטן דעם שטעקן.

ער האָט אויפֿגעהויבן די אויגן — גרויסע, אָפּגעשטעלטע, אויסגעלאָשענע, אַלטע אויגן — צו ברוכן און נעכען, וואָס זענען געשטאַנען לעבן אים אומ־רויִק, און געזאָגט שטיל:

— ברוך, איך בין ווידער געקומען צו דיר.

ברוך האָט אין אויפֿרעגונג צוגעקלאַפּט מיטן קורצן פֿיסל אָן דער פּאָדלאָגע:

— אַדרבה, אַדרבה... בכּבֿוד גדול... ביסט בײַ אונז אַן אָנגעלייגטער גאַסט, זלמן!

און נעכע האָט אונטערגעשפּאַרט די רעכטע באַק מיטן קולאַק און געקוקט אויף אים מיט גוטסקייט און רחמנות, און צוגעשאָקלט מיטן קליינעם פּנימל, וואָס איז אויך געווען ווי אַ צונויפֿגעקוועטשטער, אײַנגעקנייטשטער קולאַק.

— איך וועל אײַך אויפֿקאָכן אַ קענדל טיי, ר' זלמן... גאָט איז אַ טאַטע, מער נישט, ווי ער!...

— איך וועל בײַ דיר זיצן שבֿעה, ברוך, — האָט געזאָגט ר' זלמן.

דאָס מאָל איז ר' זלמן שוין נישט געקומען צוריק צו זײַן שנור און אייניקלעך.

און אין שטוב איז מען געווען צופיל פאַרנומען מיט די אייגענע צרות און אויפרעגונגען מען זאָל זיך קאָנען אָפּגעבן מיטן עלנטן מענטשן, וואָס איז מער ביי זיי נישט געווען פאַר די אויגן, וואָס האָט אַריבערגעטראָגן זיין אַלטן גוף ערגעץ אין אַן אַנדער ווינקל כדי דאָרטן אויסצולעבן זיינע לעצטע טעג. אסתר נאָר איז געקומען צו אים אויף איבערמאָרגן, אין באַגלייטונג פונעם יונגן סטאָליער, דעם שכן זייערן, און האָט געווײנט פאַר אים, האָט אים געקושט און געשלעפּט צוריק אַהיים. ער האָט זי געגלעט איבערן קאָפּ און האָט אויך מאָדנע־פאַרהאַקט אַ כליפּע געטאָן — און דאָס האָט זי געמאַכט שרײַען פאַר געוויין — פון יאָרן שוין ווי ער האָט זי קיין גלעט נישט געגעבן, און ווײנענדיק האָט זי אים קיין מאָל פריער נישט געזען. אָבער וועגן צוריק־גיין האָט ער געזאָגט פעסט און בייז:

— ניין!

און דאַן האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין דרויסן — זי מיט מאירן — און מאיר האָט איר געזאָגט, אַז פאַר ר׳ זלמנען איז דאָ, ביי ברוכן, טויזנט מאָל בעסער צו זיין, ווי אין דער היים, אָדער אין מושב זקנים. און דאָס וואָס זיין עסן קאָסט אין דער היים, אָדער וואָס מען וואָלט געדאַרפט איינצאָלן אין מושב זקנים וועלן זיי דאָס בעסער געבן ברוכן, און ר׳ זלמן וועט ביי אים האָבן אַ רויִקן לעבן, און זיי וועלן אים קומען זען. זיי זענען געגאַנגען צוריק און האָבן אַרויסגערופן ברוכן, און ברוך האָט אַרויסגערופן נעכען — און די זאַך איז באַלד דערלייזדיקט געוואָרן אויפן בעסטן אופן.

נאָר אסתר האָט געהאַט אין יענע טעג נאָך גרעסערע דאגות, ווי דער זיידע. אין די גאַסן זענען שוין צום צווייטן מאָל געווען פאַנאַנדערגעקלעפּט די ליסטעס מיט די נעמען פון די נייע אָטאָמאַנער, וואָס דאַרפן זיך צושטעלן צום דינסט. צווישן די אָפּגעדרוקטע נעמען איז געווען אויך זיין נאָמען. עס האָט זיך נאָך אַלץ נישט געגלויבט, אַז די מענטשן, וואָס זענען אָקאָרשט געווען רוסישע, פון חוץ־לארץ געקומענע, און וואָס האָבן דאָס רוב גאָר נישט פאַרשטאַנען די היגע שפּראַכן, וועט מען פאַרשפּאַרן אין קאַזאַרמע צוזאַמען מיט די לייזיקע טערקן און שיקן ערגעץ אין מדבר אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ ווילדן אומריינעם טשאַוויש צו גראָבן ערד און וואַלגערן זיך אין בלאָטע, ביז זיי וועלן זיך אָוועקלייגן פון הונגער אָדער אַ קרענק, און מער שוין נישט אויפשטיין. פון לייזערן און אַנדערע, וואָס זענען צוריקגעקומען, האָט זי געוואוסט וועגן דעם ווי עס לעבט זיך דאָרטן די ייִדן. אמת, אויף דער מלחמה שיקט מען זיי נישט — אויך אַ שטיקל נס — מען זאָגט, אַז צו זיי — צו די ייִדן און קריסטן — האָט מען נישט קיין פאַרטרויען, ווייל מען איז זיי חושד, אַז אין האַרצן האַלטן זיי מיטן ענגלענדער, און וואָלטן געוויס אַריבערגעלאָפן, ווען מען וואָלט זיי געשיקט שלאָגן זיך געגן אים. דעריבער שיקט מען זיי נאָר אויף אַרבעט ווייט פון דער מלחמה. אָבער די אַרבעט איז אַזוי שווער און דאָס עסן אַזוי שלעכט, אַז זיי פאַלן דאָרטן ווי די פליגן. אין דער פרי גיט מען אַ

הויפן מעל און בײַ נאַכט אַ הויפן מעל — און ווערג זיך. מען באַקט האַלב רויע פלעצלעך און מיט דעם לעבט מען. און אַ גאַנצן טאָג אַרבעט מען ווי די אָקסן, און די טשאַווישן שטייען איבערן קאָפּ מיט בײַטשן. לייזער האָט דערציילט, אַז איינמאָל זענען זיי געקומען צום אָפּיציר און זענען אים געפאַלן צו די פיס מיט אַ געוויין: „מיר קומען צו דיר ווי צו אַ טאַטן. אויסער דיר האָבן מיר קיינעם נישט, — מיט ווייכע רייד האָבן זיי אים געוואָלט נעמען, — פאַרבעסער אונז דאָס עסן! זעסט דאָך אַליין, מיר פאַלן פון די פיס... אָט זענען שוין עטלעכע געשטאָרבן. אַז אַלע וועלן אויסשטאַרבן — מיט וועמען וועסטו אַרבעטן? גיב אונז נאָר אַביסל בעסער עסן מיר זאָלן קאָנען לעבן און אַרבעטן!"

און דער אָפּיציר, וואָס האָט געגנבֿעט פון זייער עסן און פאַרקויפט און גוט פאַרדינט אויף דעם, האָט אַ פיר געטאָן מיטן פוס איבערן זאַמד און געזאָגט מיט אַ געלעכטער: „איר זענט אַזוי ווי דער זאַמד אונטער מײַנע פיס... פגרט אויס וויפיל אייער האַרץ גלוסט... מאָרגן שרײַב איך — שיקט מען מיר צו הונדערט אַנדערע אַזעלכע ווי איר!" און מאיר האָט איר נישט איינמאָל געזאָגט, אַז בעסער וואָלט ער געגאַנגען אויף דער מלחמה — דאָרטן גיט מען כאָטש גוט עסן און טרינקען, און מען קאָן לעבן, אויב מען ווערט נישט געהרגעט פון אַ קויל.

בעסער... וואָס איז בעסער? דאָס האַרץ האָט זיך אין איר איבערגעקערט און אין קאָפּ איז שוין געווען אַזאַ טומל, אַז זי האָט מער נישט געוואוסט, וואו זי איז אין דער וועלט. זי האָט אים אַרומגענומען ווען זיי זענען געווען אַליין בײַ אים אין צימער, און האָט ביטער געוויינט בײַ אים אויף דער ברוסט: זי וויל נישט ער זאָל אַוועקגיין!... זי וויל דאָס נישט!... זי קאָן נישט זײַן אָן אים.

און חיהקע האָט אויך געזאָגט, ער זאָל נישט גיין. מען קאָן אים אויך קריגן אָן עסטרײַכישן פאַפירל, אַזוי ווי לייזערן. ערשטנס, ער האָט נישט געדינט, און צווייטנס — ער איז נישט קיין היגער, די מוכטאַרס קענען אים אַפילו נישט אין פּנים... משוגע דאַרף מען זײַן אַליין פון דער העלער הויט צו קריכן אין גרוב אַרײַן!...

נאָר מאיר פונק האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט ווי קאָן מען זיך אויס־באַהאַלטן. ער איז געווען זיכער, אַז לייזערן וועט מען אויך באַלד פאַקן. און דאָן דאָס זיצן און ציטערן... און ווי וועט ער גיין צו דער אַרבעט? אין „בצלאל" קומט מען אַלע ווײַלע זוכן די אַנטלאָפענע תימנער. קיין גרייטע קאַפּיטאַלן אויף צו זיצן אין שטוב האָט ער נישט. און פון זיי וועט ער זיך אויך דאַרפן אַרויסקלייבן.

— מילא, איך וועל זען ווי אַלע וועלן טאָן, — פלעגט ער זאָגן אסתּרן.

און צוזאַמען מיט דעם האָט זי געהאַט צרות און קאָפּדרייעניש מיט דער מאַמען. מענע איז ווידער פּלוצלונג און זייער שאַרף קראַנק געוואָרן אויפן מאָגן. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין אָפּפירונגען און די אַלע היימישע מיטלען, וואָס מען האָט ביז אַהער געטאָן. זי איז געלעגן אויפן בעט אַ בלאַסע, מיט אַ פאַרגעלטן לימענע־פּנים, און האָט געקרעכצט. זי האָט זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ, אַז דאָס איז איר געקומען פונעם שווער, וואָס ער האָט איר אָנגעוואונשן. עס איז איר טיילמאָל געקומען אויפן געדאַנק שיקן אסתּרן איבערבעטן אים, דעם אַלטן פרומען שמש, וואָס איז געוויס מער חשוב בײַ גאָט, ווי זי, און אפשר האַלט נאָך אַלטער אויך מיט אים דאָרטן... נאָר זי האָט דאָס נישט געטאָן אויס עקשנות. „בעסער דער טויט ווי גיין צו אים בוקן זיך"... האָט זי געמורמלט מיט אירע בלוטלאָזע ליפּן. און מיט אַ שטילן מאָנאָטאָנעם קול, מיט אַ פאַרשטיינערטן פּנים און נישט־ווינקענדיקע אויגן האָט זי לאַנג און גענוי געשאָלטן אים מיט אַלע קללות, וואָס זי האָט זיך נאָר געקאָנט דערמאָנען אָדער צוקלערן, נישט קוקנדיק צי זי איז געווען אַליין, אָדער ס'איז נאָך ווער געווען אין שטוב... און כאָטש זי האָט מיט אַזאַ זיכערקייט גערעדט, אַז דאָס האָט זיך צו איר גענומען פון אַ בייזער פאַרווינשונג, האָט זי פאַר זיך, באַהאַלטענערהייט, געוואוסט, אַז זי האָט זיך פאַרדאָרבן דעם מאָגן מיט אַ טוכלער איי, וואָס זי האָט געזשאַלעוועט אַרויסוואַרפן... נאָר זי האָט מיט אַ מין הילצערנער עקשנות נישט אויפגעהערט צו לייגן די שולד אויף ר' זלמנען.

פינף טעג איז זי אָפּגעלעגן אָן עסן. בײַנאַכט, אויפן זעקסטן טאָג, האָט זי געפּילט אין שלאָף מאָדנע ווייטאָקן אין די פיס. מיטן בראָך־טאָג האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און געוואָלט אַראָפּגיין פון בעט — די פיס זענען געווען ווי קלעצער — געשוואָלן הויך איבער די קני. זי האָט מער נישט געהאַט קיין שליטה איבער זיי. זי האָט געקאָנט נעמען אַ פוס מיטן האַנט און אויפהויבן אים — ווי נאָר זי האָט אים אָפּגעלאָזן איז ער געפאַלן צוריק, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר נישט געווען קיין גליד פון איר לײַב. זי האָט אָנגעהויבן צו שרײַען דערשראָקן און האָט אויפגעוועקט אסתּרן.

אסתּר האָט געבראַכט דעם אַפּטייקער, וואָס האָט געוואוינט אינם הײַזל, אַרומגעצוימט מיט העל־בלויע שטאַכעטן, אין צווייטן עק פון דער שכונה. דער אַפּטייקער איז געווען פון אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק, מיט אַ שוואַרץ נידעריק געשוירן, קײַלעכדיק בערדל אַרום דעם גאַנצן פּנים, און מיט גלאַנציקע, קײַלעכדיק־אַרומלויפנדיקע קליינע אייגלעך. אסתּרן איז געווען נישט אָנגענעם צו זען, ווי ער טאַפּט די נאַקעטע, געשוואָלענע פיס פון איר מאַמען און ס'איז איר דערבײַ געקומען אויפן זכרון, ווי פאַר צוויי יאָרן האָט זי אים באַגעגנט אין אָוונט נישט ווײַט פון זײַן הויז, און ער האָט זי פּלוצלונג צוגעקוועטשט צום פּאַרקאַן און מיט אַ זשעדנער האַנט אָנגעכאַפּט בײַ דער ברוסט. זי האָט זיך דעמאָלט באַפרײַט פון אים מיט אַ שטאַרקן שטויס אין זײַט אַרײַן און איז אַנטלאָפן... איצט איז זי געשטאַנען לעבן אים בײַ דער

מאַמעס בעט און האָט אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט אים מיט די אויגן. און דערנאָך, ווען ער האָט אויפֿגעדעקט דער קראַנקער די העמד און גענומען קוועטשן דעם אײַנגעפֿאַלענעם בויך, וואָס די הויט האָט זיך אויף אים אויס־געלייגט אין לויזע קנייטשן, איז זי רויט געוואָרן אין פּנים און גענומען קוקן אין פֿענצטער. דער אַפּטייקער האָט געשטעלט פֿראַגן און אויסגעהערט די ענטפֿערס מיט דער וויכטיקייט פֿון אַ פּראָפֿעסאָר, האָט אויסגעהערט דעם פּולס, באַטראַכט די צונג, צוגעזאָגט געבן אַ פּראָשעק — און צולעצט האָט ער דאָך געעצהט צו פֿירן זי אין שפּיטאָל.

אסתּר האָט אַ האַלבן טאָג נישט געאַרבעט ביז זי האָט זיך דערשלאָגן מען זאָל צונעמען די מאַמע אין שפּיטאָל. און פֿאַרנאַכט, ווען זי איז געקומען פֿון דער אַרבעט, האָט אויף איר שוין געוואַרט אַ בשׂורה: מאיר פֿונק איז דעם טאָג געגאַנגען צושטעלן זיך ווען מיליטער־דינסט צוזאַמען מיט די איבעריקע נײַע אַטאַמאַנער, און מען האָט זיי שוין מער נישט אָפּגעלאָזן. זי איז געווען פֿאַרדרייט מיט דער מאַמען פֿון פֿאַרטאָג אָן און האָט אים גאָרנישט געזען און נישט געוואוסט, אַז ער וועט זיך הײַנט צושטעלן. אַצינד זענען זיי אַלע געזעסן פֿאַרשפּאַרט אין אַ הויף לעבן יפֿו'ער טויער, וואָס האָט דעמאָלט געדינט פֿאַר אַ צײַטווײַליקער מיליטערישער טורמע. ס'איז שוין געווען פֿינצטער, ווען זי מיט חיהן זענען געגאַנגען צו אים מיט אַביסל עסנוואַרג און מיט זײַן מאַנטל, וועלכן ער האָט אין דער פֿרי נישט מיטגענומען מחמת דער וואַרעמקייט פֿון טאָג. בײַם טויער פֿונעם הויף איז געשטאַנען אויף דער וואַך אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס, און צוויי טשאַווישן האָבן פֿרידלעך געשמועסט, רויכערנדיק זייערע ציביקעס.

— מאיר פֿונק? — האָט געפֿרעגט איינער פֿון זיי, — נישטאָ דאָ אַזאַ!

— דאָ! דאָ! — האָט אַ געשריי געטאָן אסתּר, — עפּעס, טו מיר אַ טובֿה, רוף אים אַרויס! ער האָט אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן. איך האָב אים געבראַכט עסן און דעם מאַנטל אויף בײַנאַכט.

— דאָס קאָן מען אים איבערגעבן, — האָט געמאַכט דער טשאַוויש, נעמענדיק בײַ איר פֿון האַנט די זאַכן.

— איך וויל דאָך אים אָבער זען! — האָט זי אויסגערופֿן. — די מאַמע איז קראַנק, אין שפּיטאָל, איך דאַרף אים זאָגן...

— וואָס איז ער דיר, אַ ברודער? — האָט איר געצויגן די אָדערן דער טשאַוויש.

— אַ ברודער, — האָט געענטפֿערט אסתּר.

— און זי ווער איז? — האָט ער אָנגעוויזן אויף חיהן.

— מײַן שוועסטער.

— אויב דײַנע איז זײַנע אויך, — האָט לאַגיש באַמערקט דער טשאַוויש,

— טאָ פֿאַרוואָס שטייט זי אַזוי ווי ס'וואָלט איר גאָרנישט געאַרט?

— מײַן פרײַנט, — האָט געמאַכט חיה, קאַלט צולאַכנדיק, ווי אַראָפּ־לאָזנדיק זיך צום טשאַוויש, — וואָס טויג דיר צו רעדן פיל? רוף אים אַרויס, מיר וועלן אים געבן די זאַכן און זאָגן וואָס מיר האָבן צו זאָגן, און אַוועקגיין, — און זי האָט אים דערלאַנגט דרײַ צענערלעך און דרײַ צענערלעך זײַן חבר.

דער טשאַוויש איז פויל צוגעגאַנגען צום טויער און אַרײַנגעשריען אין אָפענעם הילצערנעם פענצטערל:

— מאיר פונק!... די שוועסטער רופן אים.

פון הויף אינעווייניק האָט זיך געהערט, ווי די סאָלדאַטן שרײַען:

— מאיר פונאַק!... מאיר פונאַק!... די שוועסטער רופן דיך.

אין לאָך פון פענצטערל האָט אַ געל געטאָן אַ מענטשישער פּנים.

— מאיר! — איז מיט אַ ריס צוגעלאָפן אסתּר.

ער האָט זיך באַמיט אויסצוזען מונטער:

— מיר שפּאַצירן דאָ אַרום איבערן הויף. ס'איז גאַנץ גוט צו שפּאַצירן. מיר זענען אַלע צוזאַמען. גוט, וואָס דו האָסט מיר געבראַכט דעם מאַנטל. ס'איז דווקא נישט קאַלט. בײַנאַכט אָבער קאָן זײַן קאַלט. אין שטוב אינעווייניק ווילן מיר נישט אַרײַנגיין. דאָרטן זיצן אַראַבער און אויף זיי קריכן אַרום גאַנצע מחנות. ס'איז נישט כּדאַי וועגן איין נאַכט. מאָרגן וועט מען אונז ברענגען צום „קאָלאָראַסי" (אָפיציר, וואָס נעמט אויף די רעקרוטן). ווער ס'האָט געלט אויף אויסלייזן זיך איז זײַן גליק — וועט ער זײַן פרײַ, ווער נישט — וועט גיין אין קאַזאַרמע...

זיי האָבן זיך איבערגערעדט נאָך אַ פּאָר מינוט. זי האָט אים דערציילט וועגן דער מאַמען, וואָס מען האָט זי אַרײַנגענומען אין שפּיטאָל. זי האָט עפּעס געזאָגט וועגן אויסלייז־געלט — זי וועט זען עפּעס טאָן — אָבער אין די אויגן זענען איר אָנגעלאָפן טרערן און דער קול האָט זיך אָפּגעהאַקט פּאַר געוויין. „מען דאַרף נישט, אסתּר", — האָט ער אַ געשריי געטאָן אויפגערעגט. ער האָט נישט געהאַט קיין האָפענונג זיך אויסצולייזן און ער האָט נישט געוואָלט זיך נאַרן.

— נו, גענוג! — האָט זיך געגעבן אַ בייזער דער טשאַוויש, און פונקס פּנים איז פאַרשוואונדן פונעם פענצטערל.

די שוועסטער זענען געגאַנגען אַהיים. הײַנטיקע נאַכט האָט אסתּר נישט געוואָלט שלאָפן אַליין. חיה איז געבליבן מיט איר, אָבער זי איז געווען בייז און אָנגעבלאָזן. זי האָט נישט געוואָלט פאַרשטיין אסתּרס לײַדן — זי האָט נאָר געזען די שטערונג, וואָס קומט אַרויס פאַר איר פון דעם נײַעם עסק, און האָט געקאָכט איבער דעם גאַנצן אָוונט. זי האָט געוואוסט, אַז סוף כּל סוף וועט מען בײַ איר פאַרלאַנגען הילף. די מעגלעכקייט דערפון האָט זי נאָך מער אויפגעבראַכט.

# 10

אין דער פרי איז מאיר פונקן נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז די נעכסטע נאַכט וועט ער פאַרברענגען אָן שלאָף, אונטערן פרײַען הימל, אונטער אַ קליין טריפנדיק רעגנדל, וואַלגערנדיק זיך אויף די שטיינערנע „באַלאַטעס" פון אַ פאַרשלאָסענעם הויפֿ, באַוואַכט פון סאָלדאַטן מיט ביקסן, ערגעץ אין אַ ווינקל הינטערן שכמ'ער טויער.

זיבן אַזייגער אין דער פרי איז ער געווײנלעך געגאַנגען צו דער אַרבעט. עס איז געווען סוף שבת. דער טאָג האָט זיך אויסגעגעבן אַ שיינער, אַ וואַרעמער. ער האָט געטראַכט וועגן מענען, וועלכע מען האָט געדאַרפט אַריבערפירן אין שפיטאָל, און האָט שטאַרק רחמנות געהאַט אויף אסתרן, וואָס אויף אירע פלייצעס ליגט זיך די גאַנצע לאַסט פון די שטוב־דאגות. ווען ער וואָלט נישט געווען געבונדן מיט דער אַרבעט וואָלט ער איר געקאָנט אַ סך העלפן דעם פאַרמיטאָג.

אין דעם ווערקשטעטל האָט אויף אים אַ וואַרט געטאָן די אויפרעגונג פונעם טאָג. די אַרבעטער האָבן געאַרבעט נאָר לפנים, דער משגיח האָט אונטער־געטריבן נאָר פון יוצא וועגן. אַלע ווײַלע האָט דער אָדער יענער פון זײַנע חברים אַוועקגעלייגט דעם האַמער און געזאָגט:

— ווי זשע וועט זײַן? הײַנט איז דער לעצטער טערמין!

דאָס קלאַפן פון די האַמערס איבער די קעפלעך פון די טשוועקעס, דאָס הובלעווען און זעגן פלעגט תיכף אויפהערן, און פון איין טיש צום אַנדערן זענען געפלויגן באַמערקונגען און סבֿרות:

— מען זאָגט, אַז קיין אויסלייז־געלט וועט מען מער נישט נעמען.

— וואָלט איך נאָר געהאַט צו געבן — וואָלט דאָס געווען מײַן לעצטע דאגה.

— פינף נאַפּאָלעאָן גיט מען צושטייער פונעם אַמעריקאַנער געלט, פון „ועד העזרה", — האָט אָנגעזאָגט דער משגיח, ר' גרשון.

— יאָ, און נאָך צוואַנציק וואו נעמט מען? — האָט געפרעגט מאיר, — און אין צוויי חדשים אַרום די צווייטע צאָלונג.

— נו, פאַר צוויי חדשים גיט מען זיך אַן עצה, — האָט געזאָגט שמעון, דער אַרבעטער, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער באַמערקונג פון יאַנקלען, וואָס האָט אָנגעהויבן דעם שמועס: אפשר וועט פאַר דער צייט די מלחמה אויפהערן.

— יאָ, אויפהערן, שוין געהערט די נחמה! — האָט איראָניש געזאָגט יאַנקל.

אַ זייגער צען איז דער משגיח אַרויס אין גאַס און קומענדיק צוריק אָנגעזאָגט, אַז חברה קלייבן זיך אויף יפו׳ער גאַס צו גיין פון דאָרטן אַלע צוזאַמען צום קאַלאַראַסי. די אַרבעטער פון דער סטאָלערײַ זענען געווען אַטאַמאַנער פון געבורט, דער משגיח אויך. נאָר פאַראַיאָרן, ווען מען האָט די אַטאַמאַנער געררופן דינען, זענען זיי געגאַנגען, ווי פילע אַנדערע פון די היגע ייִדן האָבן דאָס געטאָן, און האָבן זיך אָטאָמאַניזירט פונדאָסנײַ. אַציִנד האָבן זיי נישט געוואוסט ווי נאָך אויסדרייען זיך.

פונק האָט מער נישט געקאָנט אײַנשטיין אין דעם ווערקשטעל. ער האָט אַוועקגעלייגט די געצײַג און אַוועק אַהיים. ער האָט געוואָלט רעדן מיט אסתּרן איידער ער וועט טאָן אַ שריט. ער האָט געוואוסט, אַז ביז מיטאָג וועט זי שוין נישט גיין צו דער אַרבעט צוליב דעם עסק מיט דער מאַמען, און האָט דעריבער געהאָפּט זי צו טרעפן אין דער היים. נאָר ער האָט זיך גענאַרט אין דער האָפענונג. די שטוב איז שוין געווען פאַרשלאָסן. ווײַזט אויס זי האָט שוין אַוועקגעפירט די מאַמען אין שפיטאָל און צוריק נישט געקומען.

ער איז ווידער אַרויס אויפן גאַס. אויף דער וואַנט פון אַ קלייט איז געווען אָנגעקלאַפּט די ליסטע מיט די נעמען. נעמען פון אַ סך באַקאַנטע. און אָט איז זײַן נאָמען. עס שטייט בפירוש אַז הײַנט איז דער לעצטער טאָג. ווער ס׳וועט הײַנט נישט קומען — וועט מען אים פאַררעכענען פאַר אַ דעזערטיר.

ער איז אַרויס אויף יפו׳ער גאַס. דאָ, לעבן טויער פון דער קליינער שכונה „עזרת ישראל“, אַנטקעגן דעם געסל, וואָס פירט צו „משכנות“, איז געשטאַנען אַ הייפל יונגעלײַט: פקידים, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, עטלעכע משגיחים פון „בצלאל“ און אַ פּאָר אַרבעטער אין פעסן.

— אַהער! אַהער! — האָבן זיי געשריען צו פונקן נאָך פון דער ווייטן. און פונק איז צוגעגאַנגען.

מען האָט אים אַרײַנגענומען אין קאָמפּאַניע מיט פרייליכע אויסרופן. חברה האָט זיך געפילט געהויבן און אַ ביסל געשפּאַנט, ווי מענטשן, וואָס זענען אַרויס שפּאַצירן אין אַ וועלדל און האָבן זיך אַראָפּגעשלאָגן פון וועג און ווייסן נאָך נישט, צי מען זאָל דאָס נעמען ערנסט אָדער ווי אַ שפּאַס, און ווילן נישט איינער פאַרן אַנדערן באַווײַזן די דאגה און פאַרדאַכט, וואָס נעסטן זיך בײַ זיי אין האַרצן, און מונטערן זיך און מאַכן זיך לוסטיק.

דער טאָג איז געווען אַזאַ ווייכער און ליכטיקער. די זון האָט געשטראַלט מיט יונגע פרילינגס־שטראַלן. די שטאָט האָט זיך געבאָדן אין לויטער־העלע

און בלוי־בלויע לופט־וועלן. דער אָטעם פון אָנקומענדן פרילינג האָט באַוויזט די גאַס און די מענטשן. אַלץ איז געווען אַזוי פראָסט און געוויינלעך. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין גאַס, דאָרטן וואו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַזוי פיל מאָל פריִער אויך — כסדר באַקאַנטע, מענטשן פון איין קרײַז — אויף צו פלוידערן עטלעכע מינוט, בײַטן זיך מיט די נײַעס, וואָס דער אָדער יענער האָט געהערט — און וועלן זיך באַלד ווידער פאַנאַנדערגיין יעדער צו זײַנע געשעפטן. מער נישט, וואָס אַ טערקישער סאָלדאַט האָט זיך דאָ צווישן זיי פאַרמישט. עפּעס איז אין דעם געווען אַ שטערונג, און ס'האָט דערמאָנט אָן אַ הינטל, וואָס איז אַרײַנגעקראָכן אין אַ היגערשטײַג. אָבער ער האָט קיינעם נישט געטשעפּעט, און דער עולם האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק. דערווײַלע זענען פון ערגעץ אויסגעוואַקסן נאָך צוויי סאָלדאַטן. איינער פון דער חבֿרה האָט געוואָלט צוגיין אין קלייטל קויפן ציגאַרעטן — און אפֿשר האָט ער געמיינט אָפּטראָגן זיך שטילערהייט? — האָט אויף אים אַ סאָלדאַט זיך אַ בייזער געטאָן און נישט געלאָזט אים גיין. עס איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז די סאָלדאַטן זענען דאָ נישט גלאַט אַזוי, נאָר אויף צו היטן זיי. זיי האָבן זיך ווײַטער געמאַכט נישט וויסנדיק, נאָר אויפן האַרצן איז געוואָרן קאַלאַ־מוטנע. עס האָט זיך געוואָלט לכל הפּחות, אַז זיי זאָלן נישט זײַן דאָ אַזאַ שיטער הייפל פון פופצן־צוואַנציק מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך דאָ אָנקלייבן אין די הונדערטער. עס האָט זיי פאַרדראָסן, וואָס אַנדערע קומען נישט, און עס האָט זיך געקלערט, אַז אפֿשר האָבן זיי געטאָן אַ נאַרישקייט, וואָס זיי זענען פליגן, וואָס האָבן זיך געזעצט אויף אַ זיסן און קלעפּיקן בלעטל פליגן־סם, זיי האָבן געזען נאָך איינעם און האָבן אים גערופן מיט לוסטיקע צורופן, און האָבן דערנאָך געשפּאַסט און געזאָגט: „נאָך אַ העכט!" זיי זענען געווען ווי די פליגן, וואָס האָבן זיך געזעצט אויף אַ זיסן און קלעפּיקן בלעטל פליגן־סם, וואָס מיט זייער שיכורן אַרומפויזען איבערן בלעטל אַהין און אַהער פאַרנאַרן זיי כסדר נײַע און נײַע קרבנות פון זייערע ברידער.

צולעצט, ווען עס האָבן זיך שוין אָנגעקליבן אַ דרײַ־פיר צענדליק מענטשן, האָבן די סאָלדאַטן אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— יאַלאַ!

איינער פון זיי האָט זיך געשטעלט פון פאָרנט, די צוויי אַנדערע — פון הינטן; און די גאַנצע חבֿרה האָט אַוועקמאַרשירט, באַוואַכט פון אומבאַקאַנטע דרײַ מענטשן פון אַ פרעמד פאָלק מיט אַ פרעמדער שפּראַך, וואָס זענען געווען אָנגעטאָן אין ברודיקע קליידער פון אַ גרוילעכן און געלבלעכן ערד־קאָליר, און האָבן געהאַט אין די הענט ביקסן. די דרײַ מענטשן האָבן גאָרנישט גערעדט, זיי האָט נישט געאַרט, וואָס די געפירטע מענטשן האָבן זיך גע־פלאָנטערט צווישן זיך, ווי אַ סטאַדע שאָף, געטומלט, געלאַכט, געמאַכט זיך מונטער און פריילעך, בפרט, ווען מען האָט זיי אין אָנהויב געפירט דורך די ייִדישע גאַסן. די הינטערשטע האָבן אָנגעיאָגט די פאָדערשטע, נאָר ווען איינער

האָט זיך אָפּגעטיילט, אָדער זיך צופֿיל פֿאַרזאַמט, אָדער אַרויסגעלאָפֿן צופֿיל פֿאָרויס, האָבן די סאָלדאַטן אים געיאָגט צוריק אין הויפֿן, געשריִען און געקוקט בייז, אַזוי ווי אָט־אָט און זיי וועלן זיך אַרויפֿוואַרפֿן אויף אים און מאַכן פֿון אים קאַשע מיט די הענטלעך פֿון זייערע ביקסן.

פֿון יפֿו׳ער גאַס האָבן זיי זיך פֿאַרנומען אויף דער שפּיטאָל־גאַס, דערנאָך לינקס און אַראָפּ איבערגעהאַקט פֿון דער אַנדערער זײַט דעם וועג צו מאה שערים און אַראָפּ צו דער „סאַראַיע״, וועלכע האָט זיך שוין דאַן אַרויסגעקליבן פֿון איר לאַך אין דער אַלט שטאָט און אַריבער אין דאָמיניקאַנער מאָנאַסטיר, לעבן שכמ׳ער טויער.

אויפֿן גאַנג איז פֿונקן געקומען אין געדאַנק ווי פֿאַראיאָרן, סאַמע בײַם אָנהויב פֿון דער מלחמה, האָט מען מאָביליזירט און גערופֿן צום דינסט די אַלטע אָטאָמאַנער. דעמאָלט האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אויפֿן פּלאַץ, וואָס פֿאַר דעם חכם באַשיס הויז, עטלעכע הונדערט מענטשן, אַשכּנזים און ספֿרדים, און מען האָט זיך אויך געמאַכט מונטער, און מען איז אויך געגאַנגען מיט דעם אייגענעם וועג, צום רעקרוטן־ביורא. נאָר דעמאָלט איז מען טאַקע אויף אַן אמתן געווען מונטער — קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ געשיכטע אויף יאָרן, מען האָט פֿון טאָג צו טאָג געוואַרט צו הערן, אַז די ענגלענדער האָבן שוין אַרויסגעזעצט מיליטער אין יפֿו און גייען אויף ירושלים. עס זענען אָבער אויך געווען מענטשן פֿון פּראָסטן פֿאָלק, פֿון די ספֿרדים און חלבּ׳ער, וואָס האָבן זיך אָנגענומען מיט דער מלחמה־אויפֿרעגונג און וואָס זענען געווען זיכער, אַז דער סולטאַן איז שטאַרק און וועט מנצח זײַן, און האָבן זיך געוואָלט שלאָגן פֿאַר זײַן גדולה, און אויסצייכענען זיך, און דערבײַ אויך מעגלעך קריגן אַ חלק פֿונעם מלחמה־רויב. און די יונגע ספֿרדישע בחורים האָבן גלאַט געוואָלט באַווײַזן, אַז זיי זענען וואוילע יונגען און האָבן קיין מורא נישט פֿאַר זעלנערײַ. זיי האָבן זיך אָנגעטאָן אין די בעסטע יום טובֿ־קליידער, האָבן אָפּגעפּוצט די שיך ביזן זיבעטן גלאַנץ, אַרומגעגאָלט זיך ריין און גלאַט, באַשפּריצט זיך מיט שמעקעדיקע וואַסערן און אײַנגעוויקט די האָר אין אַ שוועדער פּאָמאַדע. נאָר דעמאָלט איז מען געגאַנגען פֿרײַ, אָן אַ באַוואַכונג, אָן אַ קאָנוואָי פֿון באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן. זיי, די פֿרעמדע — דאַן זענען זיי נאָך געווען פֿרעמדע — האָבן זיך אויך געמישט. זיי האָבן זיך געפֿילט אַ ביסל שולדיק, וואָס אָט די אַלע ייִדן גייען אויף דער מלחמה און זיי בלײַבן זיצן אין דער היים. זיי האָבן זיך אָנגעקליבן אַ היפּש ביסל און געגאַנגען באַגלייטן די מאָביליזירטע חבֿרים ביז צום רעקרוטן־ביורא. אויפֿן וועג האָט מען געשריִען און געזונגען לידער. עס איז אויסגעקומען אַ גאַנצע פּאַטריאָטישע מאַניפֿעסטאַציע.

נאָכדעם האָבן זיי זיך אַפֿילו געדרייט דעם קאָפּ וועגן מאַכן אַ ייִדישן באַטאַליאָן פֿון פֿרײַוויליקע. רם און גבֿעוני, די רעדאַקטאָרן פֿון דער צײַטונג „הדרך״, זענען געשטאַנען בראש פֿון דער זאַך. מען האָט געמאַכט אַ רשימה.

עס האָבן זיך פֿאַרשריבן אַ וואָסערע פּופּציק מענטשן. ער איז אויך געווען צווישן. נאָר ס'איז פֿון דעם גאָרנישט אַרויסגעקומען. מען האָט זיי אָפּגעזאָגט, ווײַל זיי זענען געווען פֿרעמדע.

ער האָט פֿאַרגלײַכן דעם דעמאָלטיקן גאַנג מיט דעם איצטיקן. אַ סך, אַ סך האָט זיך געענדערט פֿון יענער צײַט: קיין לידער האָט מען איצטער נישט געזונגען, קיין „הידד"־געשרײַען האָבן זיך נישט געהערט. קיינער האָט זיי נישט באַגלייט, אויסער דרײַ סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיי געיאָגט, ווי אַ סטאַדע שאָף. זיי זענען געווען פֿאַרנאַרטע און אָפּגענאַרטע מענטשן. זיי האָבן נאָך געמאַכט אַן אָנשטעל פֿון מונטערקייט און אומבאַזאָרגטקייט אָבער זיי האָבן שוין גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס עס וואַרט אויף זיי. זיי האָבן געוואוסט, אַז מען נעמט זיי נישט אויף דער מלחמה, נאָר אויף אַרבעט — שווערע, נידעריקע אַרעסטאַנטן־אַרבעט, בײַ דערנידערנדיקע באַדינגונגען. זיי וועלן דאַרפֿן אַרבעטן אונטער אַ בײַטש, אָן עסן, אָן שיך און קליידער. הײַנט וואָלט זיך שוין קיינער פֿון זיי נישט פֿאַרשריבן אין אַ רשימה פֿון פֿרײַוויליקע! און דער סוף פֿון דער מלחמה — דאַכט זיך, אַז מען מעג שוין אויפֿהערן קלערן פֿון אַ סוף.

מען האָט זיי אַרײַנגעפֿירט אין אַ הויף. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ ווינקל, רעכטס פֿון אַרײַנגאַנג. דער באָדן איז דאָ געווען געדעקט מיט ברייטע, גלאַטע שטיין־טאָוולען, אַזוי ווי אַ גוט אויסגעלייגטער טראָטואַר אין אַ גרויסער שטאָט. אַרום זענען געווען ביימער. צווישן די ביימער זענען געלאָפּן ריינע שטעגלעך, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום גרינע פֿלעקן פֿון גראָז און פֿלאַנצונגען. די פֿראַנצויזישע מאָנאַכן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַלע הנאות פֿון דער וועלט, האָבן געוואוסט ווי צו מאַכן זיך נאָך בײַם לעבן אַ שטיקל גן עדן — אַן ערדישן פֿאַרהויז צום קומענדן הימלישן גאָרטן. די טערקן זענען שוין איצטער אַרויסגעקראָכן פֿון זייערע פֿינצטערע לעכער אין דער אַלטער שטאָט און האָבן פֿאַרטריבן די פֿראַנצויזן פֿון זייער ערדישן גן עדן. דאָ האָבן זיך איצטער אַרומגעדרייט טערקישע שרײַבערלעך, פּאָליציי־לייט, סאָלדאַטן און סתם פֿאַרדעכטיקע פּערזאָנען פֿון אַן אומבאַשטימטער באַשעפֿטיקונג.

אַ ווײַלע זענען די נײַע אָטאָמאַנער געשטאַנען אינעם ווינקל פֿון הויף, צוזעצנדיק זיך אויפֿן שטיינערנעם טראָטואַר, וואָס איז געגאַנגען בײַ דער וואַנט. זיי האָבן זיך נאָך אַלץ געפֿילט, אָדער געוואָלט פֿילן האַלב פֿרײַ: אָט וועט דער באַאַמטער אַרויסקומען, וועט אײַנשרײַבן זייערע נעמען אין אַ בוך און דאַן וועלן זיי גיין אַהיים.

ענדלעך האָט מען זיי אַרײַנגעפֿירט אין אַ גרויסן ליידיקן צימער מיט אײַזערנע גראַטעס אין די פֿענצטער. אַ פּאָר הילצערנע בענק זענען געווען אין צימער. צום טייל האָט מען זיך געזעצט אויף די בענק, צום טייל איז מען געבליבן שטיין אויף די פֿיס, אָדער געזעצט זיך אויף דער ערד. אין טיר האָט זיך געשטעלט אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס — זיי זענען געווען אַרעסטאַנטן.

די צײַט איז געגאַנגען און געגאַנגען. זיי האָבן זיך געפֿילט שטאַרק מיד פֿון דער וואַרטעניש און אומבאַשטימטקייט פֿון דער לאַגע. אָבער ענדלעך איז געקומען אַ שרײַבער מיט אַ ליסטע נעמען און מען האָט זיי אַלעמען אויסגערופֿן און איבערגעציילט.

— יאַלאַ!

מען האָט זיך געאײַלט אַרויסגיין. מען האָט זיך געשטופּט אין טיר. מען איז געווען צופֿרידן — איצטער וועט מען סוף כּל סוף ערגעץ קומען. אפֿשר וועט מען זיי אינגאַנצן אָפּלאָזן? אינגאַנצן — דאָס איז אוממעגלעך, אָבער אויף דערווײַלע, כאָטש אויפֿן הײַנטיקן טאָג. דערנאָך וועט מען זען.

איצטער, די מינוט, האָבן זיי געוואָלט זײַן פֿרײַ, קאָנען אַ גיי טאָן וואו עס ווילט זיך, קאָנען אַרײַנקוקן אַהיים.

מען האָט זיי אַרויסגעפֿירט פֿון טויער און געבראַכט איבערן גאַס צום הויף, וואו ס'איז געווען דער רעקרוטן־ביוראָ. דער הויף איז געווען אַרומ־געצאַמט מיט אַ נידעריקן, שטיינערנעם צאַם. דאָרט האָבן זיך אַרומגעדרייט סאָלדאַטן. מיט פּלאַטשיקע טרעפּ זענען זיי אַרויף צו אַ ברייטער וועראַנדע. דאָ זענען זיי געבליבן שטיין. זיי זענען געווען בײַם קאָלאָראַסי, דעם אָפֿיציר, וואָס האָט אויפֿגענומען די נײַע רעקרוטן און די צוריקגעבראַכטע דעזערטירן.

זיי זענען געשטאַנען אויף דער וועראַנדע — אַ המון פֿון הונדערט און אפֿשר הונדערט און פּופֿציק מענטשן פֿון אַלערליי עלטער — פֿון צוואַנציק ביז פֿינף און פֿערציק יאָר. פֿונק האָט זיך אָנגעלענט אין דער הויכער אייזערנער פּאַרצוימונג, וואָס האָט אים דערלאַנגט ביזן האַלז, און האָט געקוקט אַרום זיך. אונטן איז געלאָפֿן אַ ברייטע, ווײַסע, שטויביקע גאַס, וואָס האָט פֿון איין זײַט געפֿירט צום שכמ'ער טויער, און פֿון דער אַנדערער — צו דער „אַמעריקאַנער קאָמונע" און צום קבֿר פֿון שמעון הצדיק. איבערן גאַס האָט מען געזען דעם הויכן, פֿון שווערע פֿירקאַנטיקע שטיינער געמויערטן פּאַרקאַן פֿונעם פֿראַנ־ציזישן מאָנאַסטיר, פֿון וועלכן זיי זענען אָקאָרשט געקומען. עס האָט זיך געזען דער שאַרפֿער רוקן פֿונעם דאַך פֿון מאָנאַסטיר מיט אַ צלם פֿון אויבן.

אויפֿן הויף אונטן זענען געווען אַ סך מענטשן. אַלטע פּעלאַכן און יונגע פּעלאַכטעס, וואָס זענען געקומען געוואויר ווערן וועגן זייערע זין און מענער, זענען געזעסן אויף די שטיינער פֿונעם נידעריקן צאַם, אָדער אויף דער ערד דערבײַ. שטאָטישע, גוט אָנגעטאָנענע אַראַבער האָבן זיך געהאַלטן פֿון דער ווײַטנס, אין אַ ווינקל פֿון הויף, אָדער אין אַ געסל אין דרויסן. ייִדן מיט בלאַסע פּנימער און ייִדענעס מיט פֿאַרוויינטע, אַרויסגעקראָכענע אויגן, מיט בינטלעך אין די הענט, האָבן אָן אַ ציל אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן ברייט־לאַנגן הויף. אַנדערע זענען אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן פּאַרקאַן, דאָרט וואו ער איז געווען העכער, און געפּרוווט אַרײַנקוקן דורך די פֿענצטער אינעווייניק, — ביז איינער פֿון די סאָלדאַטן פֿלעגט זיי אַראָפּטרײַבן.

מיטאַמאָל איז אַריבער אַ קלאַנג, אַז קיין אויסלייז־געלט נעמט מען נישט מער. די גאַנצע אײַנפֿירונג פֿון אויסלייזן זיך מיט געלט ווערט בטל. ביז אַהער האָט אַ גרויסער טייל פֿון די געפֿאַנגענע זיך געטרייסט מיטן געדאַנק וועגן אויסקויפֿן זיך. אַנדערע האָבן אַפֿילו מיט זיך געהאַט דאָס געלט. די האָבן די גאַנצע צײַט באַטראַכט די גאַנצע זאַך, ווי אַ שפּאַס — און האָבן געטראַכט מיט פֿאַרגעניגן וועגן דעם, ווי זיי וועלן אין אָוונט דערציילן אינעם קרײַז פֿון זייערע נאָענטע אָדער גוטע ברידער וועגן די געשעענישן פֿון טאָג. די פֿריילעכקייט איז אָבער איצט אַראָפּ פֿון זייערע פּנימער, מיטאַמאָל אָפּגעווישט געוואָרן מיט דער נישט גאַר איידעלער האַנט פֿונעם טערק. זיי האָבן נאָך נישט געגלויבט. וואָס הייסט נישט נעמען? ווי מאַכט מען דאָס פּלוצלונג בטל? זיי זענען דאָך פֿאַרבליבן אין לאַנד און האָבן זיך אָטאָמאַניזירט מיטן געדאַנק, אַז אויב עס קומט צום דינען וועלן זיי זיך אויסלייזן. און זיי האָבן זיך געזאָגט, אַז ס'וועט זיך נאָך געפֿינען אַ וועג: ווי קאָן דאָס זײַן דער טערק וועט זיך אָפּזאָגן פֿון צו נעמען געלט? און דאָך זענען זיי איצינד געווען בײַ זיך אַראָפּגעפֿאַלן.

פֿון דער טיר לינקס איז אַרויס אַ נידעריקער, באַיאָרנטער אָפֿיציר, אַ געגאָלטער, מיט גראָבע און שפּיציקע, גרויע וואָנסעס, און האָט זיך בייז אָנגעשטעלט אויפֿן המון ייִדן. דאָס איז געווען דער קאָלאַראַסי. אויף דער ווערטאַנדע איז געוואָרן שטיל. דער קאָלאָראַסי האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן אויף טערקיש צו אַ הויכן, רויט־באַקיקן, ברייט־ברוסטיקן טשאַוויש, וואָס האָט זיך פֿאַר אים אויסגעצויגן, גלײַך ווי אַ שטעקן, און יענער איז מיט אַ גיכן, שנײַדנדיקן טראָט אַראָפּ אונטן אין הויף.

די, וואָס זענען דאָרט געווען פֿאַרזאַמלט און געוואַרט אויף זייערע געפֿאַנגענע קרובֿים, האָט עפּעס ווי אַ הייב געטאָן פֿון זייערע ערטער. זיי זענען געשטאַנען מיט בלאַסע, אויסגעצויגענע פּנימער און מיט גרויסע, דער־שראָקענע אויגן געעגבערט דאָס פּנים פֿונעם רעקרוטן־אָפֿיציר. אַנדערע האָבן זיך געשאָקלט, אַזוי ווי עפּעס אינעווייניק וואָלט זיי געשטויסן צוצולויפֿן צו אים. עטלעכע פּעלאַכטעס זענען דאָך צו אים צוגעגאַנגען מיט אַ קלאָג, מיט יאָמערדיקע טענות.

— האַ? וואָס? — האָט ער זיך שאַרף געשטעלט אַנטקעגן זיי.

זיי האָבן ווײַטער געיאָמערט.

— אַוועק! — האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט רציחה.

און אַזוי ווי זיי זענען נאָך אַלץ געשטאַנען פֿאַר אים און געקלאָגט, האָט ער פּלוצלונג גאָר אָן ווערטער גענומען זיי בריקען מיט די פֿיס אין בויך. עס האָבן זיך דערהערט שאַרפֿע געשרייען פֿון ווייטאָק, איינע פֿון די פּעלאַכטעס האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, מיט אַ פֿאַרקרימט פּנים, אײַנגעדרייט אין דרײַען, האַלטנדיק זיך מיט די הענט פֿאַרן בויך. די אַנדערע זענען זיך

צעלאָפּן. דער עולם, וואָס אין הויף, האָט זיך געטוליעט אין די ווינקעלעך, צו די שטיינער פֿון צאַם. ווער ס'איז געווען נעענטער צום טויער פֿון הויף איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן פֿון דער אַנדערער זײַט. אַרום דעם קאַלאַראַסי איז געוואָרן גאָר פּוסט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט צעבליצטע אויגן און איז מיטן פֿרי:ערדיקן שאַרפֿן, שנײַדנדיקן טראָט אַרויף צוריק אויף דער וועראַנדע. די געפֿאַנגענע זענען געשטאַנען אַצינד פֿאַרשטילט, צונויפֿגעקוועטשט אין אַן אומבאַוועגלעכן הויפֿן, דורכגענומען מיט אימה, וואָס האָט זיי געקילט דאָס בלוט אין די אָדערן.

מאיר פֿונק האָט זיך געפֿילט אַלץ מער און מער דערנידעריקט און פֿאַרלאָרן אין דעם המון פֿון ציטערנדיקע מענטשן, פֿון וועלכע ער איז געווען איינער, אַנטקעגן דעם אַלטן קלײנעם טערק, וועלכער האָט אויף זיי אַלעמען אָנגעוואָרפֿן דעם פּחד. ער האָט נאָך אַלץ געזען דעם בריקע מיטן פֿוס, און די זעונג האָט זיך אָפּגערופֿן בײַ אים אינעווייניק אין בויך מיט אַ מאָדנעם געפֿיל פֿון דרייעניש, אַזוי ווי ער וואָלט אַליין געקריגן דעם קלאַפּ. די הענט האָבן זיך בײַ אים אויסגעצויגן — לאַנגע, שטאַרקע, מיט געשפּאַנטע מוסקלען — און די קולאַקעס האָבן זיך צוזאַמענגעקוועטשט, האַרטע ווי האַמערס. ווען ער זאָל באַגעגענען אָט דעם מענטשל בײַ נאַכט אין אַ פֿינצטער געסל, וואָלט ער אים אַ האַמער געטאָן איין מאָל איבערן שייטל פֿון קאָפּ. דאָס וואָלט פֿאַר אים געווען גענוג. ווען ער זאָל...

ער האָט זיך מיט אַ מאָל דערפֿילט שוואַך און צעבראָכן, און איז געוואָרן ווי אַלע — אַ זאַך, אָן אייגענעם ווילן אום צו טאָן עפּעס וואָס ער וויל.

ער האָט זיך צוגעהערט. עפּעס האָט זיך שוין דאָ געטאָן. מען האָט אויסגערופֿן נעמען. ער האָט קוים פֿאַרשטאַנען וועגן וואָס. דאָס איז געווען אַ צעטל פֿון מענטשן, וועגן וועלכע מען האָט אויסגעפּועלט נאָך פֿרי:ער, מען זאָל זיי לאָזן אויף אַרבעט אין שטאָט. זיי זענען געווען אַ פּאָר צענדליק, אפֿשר וויי:ניקער. מען האָט זיי אַרויסגערופֿן און אָפּגעלאָזן. מאָרגן אין דער פֿרי האָבן זיי געדאַרפֿט קומען צו דער אַרבעט. דערנאָך האָט מען ווידער אויס־גערופֿן נעמען פֿון די איבעריקע.

— יאַלאַ! יאַלאַ!

וואָס נאָך? וואוהין איצטער?

מען האָט זיי אַראָפּגעטריבן אין הויף, אויפֿן גאַס. איצטער האָט מען זיי שוין אויסגעשטעלט אין שורות — צו פֿיר אין אַ שורה. סאָלדאַטן זענען איצט אויך געווען מיט זיי מער: איינער פֿון פֿאָרנט ווי פֿרי:ער, נאָר בײַ די זײַטן עטלעכע, און זיי האָבן געהיט מען זאָל זיך האַלטן אין שורות, און די וואָס זענען אַרויס פֿון דער שורה האָט מען מיט זידלערײַען און שטוסאַקעס צוריק־געשטעלט אויף זייער אָרט. אַראַבישע פֿאַרבײַגייער האָבן דאָס געזען און זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דעם מיט צופֿרידענע פּנימער — סוף כּל סוף האָט מען

די ייִדן אויך געפֿירט אין סטאַדעס, אַזוי ווי מען פֿירט זייערע יעדן טאָג. און שקצים זענען נאָכגעלאָפֿן און געשריִען:

— יאַהוד! יאַהוד!...

מיט דעם איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז זיי זענען שוין טאַקע אויף אַן אמתן אָטאָמאַנער, מענטשן אָן רעכט, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פֿונעם טערק אויף חן און אויף אומחן. די אייראָפּעיִשע שכינה האָט זיך פֿון זיי אָפּגעטאָן. אָט אַפֿילו די אַראַבער האָבן דאָס שוין דערפֿילט און נישט קענענדיק זיך אַליין אויפֿהויבן, פֿרייען זיי זיך כאָטש אויף דער דער־נידעריגונג פֿון די אַנדערע.

זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם שכמ׳ער טויער און אַריַין אין שטאָט. מען האָט זיי אַריַינגעיאָגט לינקס אין אַ קליינעם און שמאָלן, שטיינערנעם הויף. פֿונק האָט פֿון אין דער פֿרי אָן גאָרנישט נישט געהאַט אין מויל און האָט דאָס גאָרנישט געפֿילט. די שטילע אינעווייניקסטע צעטומלטקייט, וואָס האָט אים אַרומגעכאַפּט, ווען ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער איז מער נישט פֿריַי צו טאָן וואָס ער וויל, נאָר מוז פֿאָלגן וואָס אַנדערע הייסן, האָט אים נאָך אַלץ געהאַלטן פֿאַרקוועטשט דאָס האַרץ און האָט פֿאַריאָגט פֿון אים דעם הונגער און דורשט און יעדן געדאַנק פֿון אַ קערפּערלעכן גענוס.

אינעם ענגן הויף האָט געקאָכט, ווי אין אַ פֿאַליש צום לייענען. אַנדערע, פֿון די וואָס האָבן אַ טבֿע אומעטום און בײַ אַלע אומשטענדן אויסצוזוכן פֿאַר זיך שטילערהייט אַ בעסערן ערטל, האָבן זיך געפּרואווט אַריבערקלײַבן אויפֿן פּאַסעק גראָז אַנטקעגן דער שטיינערנער פּלאַטפֿאָרמע. די סאָלדאַטן האָבן דאָס באַמערקט און האָבן זיי אָוועקגעטריבן צוריק — דאָס גראָז האָט מען נישט געטאָרט טרעטן, דאָס גראָז איז געווען נויטיק פֿאַר די פֿערד. עס זענען אויך געווען בעלנים אַריַינצוקוקן אינעם הויז, וואָס אויפֿן הינטערשטן פּלאַן פֿון הויף. דאָרט איז געווען פֿינצטער, ווי אין אַ קאַסטן. אַ שווערער ריח פֿון פֿוילעניש, פֿון אומריינעם לייב און פֿון אַ פֿאַרשטיקטער לופֿט האָט געטראָגן פֿון אינעווייניק. מיט דער הילף פֿון אָנגעצונדענע שוועבעלעך האָט מען דערזען מאָדנע בּרואים, אײַנגעוויקלטע אין שמאַטעס, אויסגעלייגטע אויף דער ערד, אויף די הילצערנע בריקן. דאָס זענען געווען די תּושבֿים פֿונעם הויז, וואָס האָבן געהאַט דעם זכות, וואָס זיי זענען פֿריִער דאָ אַהער געקומען. זיי האָבן זיך געאײַלט דאָס מאָל צו לייגן זיך פֿרי שלאָפֿן, פֿאַרנעמענדיק די „בעסטע" ערטער, וואָס בײַ די ווענט, אויס מורא, אַז די נײַ־געקומענע זאָלן זיי נישט פֿאַרכאַפּן. אָבער די אויסקוקער פֿון די נײַ־געקומענע זענען אַרויסגעשפּרונגען פֿון דאָרטן ווי אָפּגעבריטע. סײַדן מען זאָל זיי צווינגען מיט געוואַלד — מיטן אייגענעם ווילן וועלן זיי נישט גיין דאָרטן נעכטיקן. בעסער שוין ליגן אויפֿן גאָס, אויף די שטיינער!

און אונטן, אין דורכגאַנג, וואָס צווישן דעם פּאַסעק גראָז, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפּיטערט די פֿערד, און דער שטיינערנער בימה, וואו דער

גאַנצער עולם האָט זיך געטומלט — אין דעם דורכגאַנג האָבן געשנאָרט צווישן די סאָלדאַטן מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַן אונטערנעמערישן גײַסט — ייִדן־מעקלערס, ייִדן־קאָכלעפֿל, ייִדן־געשעפֿטנמאַכער, און קלוגיטשקע, שמייכלענדיקע, אָנגענעמע ייִדן, וואָס האָבן זיך פֿאַוואָליע געסטאַרעט וועגן זיך אַליין. די קאָכלעפֿל און מעקלערס און געשעפֿטסלײַט זענען באַלד געוואָרן בײַ די סאָלדאַטן גאַנצע מאַכערס: זיי זענען געשטאַנען בײַם טויער און אַרויסגערופֿן צום טירל די, צו וועלכע עס זענען געקומען קרובים צום זען זיך; זיי האָבן זיך איבערגערעדט מיט די פֿון דער פֿרײַ געקומענע און האָבן איבערגעגעבן די געבראַכטע זאַכן, עסנוואַרג און נײַעס; זיי האָבן געהאַנדלט מיט די סאָלדאַטן וועגן ברענגען טאַבאַק, שנאַפּס און פֿאַרבײַסן. און די קלוגיטשקע האָבן זיך שטילערהייט אויסגעקויפֿט בײַ די היטער, מיט באַקשישן און חניפֿות, און געפּועלט מען זאָל זיי לאָזן גיין אַהיים נעכטיקן בתּנאַי, אַז מאָרגן פֿאַרטאָג וועלן זיי זײַן צוריק.

און דער גרויסער המון האָט זיך ווי אַ צערודערטע סטאַדע בהמות אָן אַ שום ציל און אָן אַ זין אַרומגעשטויסן און אַרומגעבלאָנקעט אַהין און אַהער איבער דער שטיינערנער פּלאַטפֿאָרמע פֿונעם הויף. צום טייל האָט מען זיך צוגעזעצט אויף די שטיינער, צום טייל האָט מען זיך אַוועקגעלייגט, אײַנגעוויקלט אין מאַנטלען און פּעלערינעס. אומעטום איז מען געזעסן צו צוויי, צו דרײַ און מען האָט געקײַט. אין איין אָרט האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אַ חבֿרה פֿון לוסטיקע יונגעלײַט — נישט גאָר יונגע, אָבער אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט בײַ זיך גרייט די פֿופֿציק נאַפּאָלעאָן אויסלייז־געלט. פֿון שטאָט האָט מען זיי געבראַכט אַ ידיעה, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן — מאָרגן וועט מען בײַ זיי צונעמען דאָס געלט און מען וועט זיי לאָזן פֿרײַ. אמת, אין סטאַמבול האַנדלט מען וועגן בטל מאַכן אינגאַנצן די אויסלייזונג, אָבער אָפֿיציעל איז נאָך די ענדערונג נישט דורכגעפֿירט. דער קאָלאָראַסי איז גלאַט אַ מחמיר — אויף אייגענער אַחריות. אָבער מען האָט זיך משתּדל געווען און געפּועלט. און די נישט גאָר יונגעלײַט מיט די קליינגערס אין די בײַטלען האָבן אויפֿגעהערט מורא צו האָבן. אַצינד איז פֿאַר זיי געוווען נאָר איין אויפֿגאַבע: צו פֿאַרברענגען די מאָדנע נאַכט אויפֿן הויף ווי מעגלעך פֿריילעכער און באַקוועמער. קאַלט איז זיי נישט געווען. צו אָוונט צו האָט זיך אַפֿילו דער הימל אָנגעכמורעט און ס׳האָט אַ טריף געטאָן אַ קליין רעגנדל, אָבער ס׳האָט באַלד אויפֿגעהערט. מען האָט זיי געבראַכט מאַנטלען, וואַרעמע זשאַקעטן, קאָלדרעס. דורך די מעקלערס האָבן זיי געקראָגן ווײַן און קאָניאַק און האָבן געטרונקען. וכטובֿ לבֿ המלך בײַן האָבן אַנדערע פֿון זיי אַרומגעטראָגן גלעזלעך י״ש און געטיילט צווישן דעם עולם.

און די נאַכט איז געקראָכן פּאַמעלעך, אַ נעפּלדיק־נאַסלעכע קילע נאַכט פֿון הילולה און קלאָג, פֿון אַ פּוסטער שרײַענדער שיכּרות און פֿון אַ שטילן, פֿאַרשוויגענעם, אינעווייניק נאָגנדיקן טרויער, פֿון אַ געבראָכנקייט פֿון יאוש.

# 11

נאָך דער זעונג מיט אסתּרן בײַם טויער פֿון געפֿענגעניש האָט פֿונק אַרומגעשפּאַנט אַן אומרויִקער איבער דער לענג פֿונעם הויף. ער האָט געטראַכט וועגן דער זעונג, וועגן אסתּרן און חיהן און זייער פֿאַמיליע, וועגן דעם פֿאַרלאָפֿענעם ווילדן טאָג און וועגן דעם טאָג, וואָס וועט קומען מאָרגן. בײַם געדאַנק וועגן דעם האָט אים פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ. דאָס איז נישט געווען קיין טראַכטן, וואָס זאָל האָבן פֿאַר זיך אַ וואָסערן ציל און צו עפּעס פֿירן. די געדאַנקען און בילדער האָבן אים באַוועלטיקט און אים געיאָגט פֿון איין עק הויף צום אַנדערן. דער אומרו, וואָס בײַ אים אין האַרצן, האָט נישט געגעבן קיין מנוחה זײַנע גלידער. ער האָט געמוזט שפּאַנען און שפּאַנען כּדי אויסטראָגן, אויסשעפּן אָדער כאָטש פֿאַרמאַטערן די אויפֿרעגונג, וואָס האָט אים געמאַטערט.

דאָס פּעקל עסן, וואָס אסתּר האָט אים געבראַכט, איז נאָך אַלץ געלעגן נישט גערירט. ער האָט דאָס אָנגעטאַפּט מיט די הענט יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיי אַרײַנגעשטעקט אין די קעשענעס פֿון זײַן מאַנטל. און דעמאָלט האָט ער געקלערט פֿון דער, וואָס האָט דאָס אים געבראַכט צו טראָגן. ער האָט זיך פֿאַרגעוואָרפֿן, וואָס ער האָט אַזוי גראָב אַ געשריי געטאָן צו איר בײַם טויער: „מען דאַרף גאָרנישט נישט טאָן! מען דאַרף גאָרנישט!“ עס איז אויף אַן אמתן נישט געווען גראָב, ער האָט דאָס נישט געמיינט גראָב — ס'איז נאָר געווען געזאָגט האַרט, אין אויפֿרעגונג. אָבער זי איז געבליבן דאָרט שטיין מיט טרערן אין די אויגן, מיט געוויין. ווען ער וואָלט איצטער געקאָנט קומען אַהיים כאָטש אויף אַ שעה, אויף איין האַלבער שעה, נאָר זאָגן איר, אַז ער האָט נישט געמיינט צו זײַן גראָב צו איר, גאָר פֿאַרקערט... מען זאָגט, אַז אַנדערע האָט מען אָפּגעלאָזן. אפֿשר וואָלט מען אים אויך געלאָזן, ווען ער זאָל פּרוּוון.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין עק פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע, וואָס צו דער זײַט פֿון דעם טויער. אונטן אין דורכגאַנג זענען געזעסן סאָלדאַטן. פֿון די מעקלערס און מאַכערס האָט זיך מער קיינער נישט געזען. דער זייגער איז שוין געווען נאָך צען. צום טייל זענען זיי שוין מיד געוואָרן און געלייגט זיך

שלאָפֿן אָדער צוגערוקט זיך צו דער פֿריילעכער חבֿרה, וואָס האָט באַשטימט דורכצוהוליען די נאַכט. עטלעכע זענען בכלל פֿאַרשוואונדן געוואָרן — מסתמא אויך געפֿועלט בײַ די סאָלדאַטן, מיט וועלכע זיי זענען שוין געוואָרן שטאַרקע גוטע ברידער, מען זאָל זיי אָפּלאָזן ביז אין דער פֿרי. ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין די טונקעלע נאַכט־פּנימער פֿון די סאָלדאַטן און געקלערט ווי טרעט מען צו צו זיי. עפּעס האָט זיך נישט אַרויסגעשטעלט קיין מעגלעכקייט. מען האָט געדאַרפֿט רעדן מיט איינעם באַזונדער און זיי זענען דאָ גראָד געזעסן עטלעכע צוזאַמען. ס'איז אַן עסק...

פֿונקן האָט זיך איבערגעוואָלט. ער האָט ווײַטער געגומען אַרומשפּאַנען. אַ ווײַסער, רויער נעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפֿן הויף. אונטן אויף די שטיינער זענען געלעגן הויפֿנס מענטשן — צעבראָכענע, אײַנגעשטילטע פֿאַר מידקייט און צער. וואו נישט וואו האָט זיך געהערט אַ געדיכט שנאָרכן. איינער איז געלעגן אויף דער ערד, קלאַפּנדיק מיט די ציינער, ציטערנדיק מיטן גאַנצן לײַב — עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַן אָנפֿאַל פֿון פֿיבער־קעלט. און לעבן אים האָבן זיך צונויפֿגעלייגט אין אַ הויפֿן, איבערגעפֿלאָכטן מיט די קערפּערס אין אַ קנויל צוליב וואַרעמקייט, די חבֿרה, וואָס האָט בײַ זיך באַשטימט צו מאַכן פֿון דער נאַכט אַ פֿריילעכע הוליאַנקע. זיי האָבן זיך שוין אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען, זיי האָבן שוין געטומלט און געפּילדערט, און געוווערטלט זיך ביז צו דער זעט — איצטער האָבן זיי זיך צוזאַמענגערוקט מיט די קעפּ און האָבן זיך געקוויקט מיט נבֿול פּה. איינער האָט דערציילט און די איבעריקע האָבן געשמאַק געהירזשעט, אָדער אויסגעגאָסן זיך אין אַ קוועלנדיק, שיטער געלעכטערל, אַזוי ווי דרייצניעריקע מיידלעך, ווען מען דערציילט זיי די מעשׂה מיטן פֿויגל, וואָס ברענגט די קינדער צו די מאַמעס.

פֿונק האָט פֿון אויבן, פֿאַרבײַגייענדיק, געהערט זייער הירזשען און קוועלן, און געזען ווי זייערע פֿיס דריגען און זייערע הינטנס טרייסלען זיך פֿאַר תּענוג. אים האָט אָפּגעעקלט קוקנדיק אויף זיי. דאָרט אין דורכגאַנג זענען געשטאַנען טערקן, מענטשן פֿון אַ פֿרעמדער ראַסע, געקומענע פֿון אַ ווײַטער ווײַט, באַוואָפֿנטע, שטאַרקע, שווײַגנדיקע. זיי זענען נישט קיין סך, אפֿשר אַ צענדליק, אָבער זיי זענען בײַ זיך זיכער, — און דאָ אינעווייניק איז מען אויך אין דעם זיכער — אַז זיי קאָנען צעשלאָגן, צעברעכן און צעשמעטערן די פֿאַר הונדערט ייִדעלעך, און קיין איינער פֿון זיי וועט נישט אויפֿהייבן קיין האַנט.

פֿונק האָט ווײַטער געזען פֿאַר די אויגן אסתּרן, ווי זי איז געבליבן שטיין בײַם טויער, מיט אַ פֿאַרשטיקטן געוויין, בעת מען האָט אים אַוועקגעיאָגט צוריק.

אסתּר... אסתּרקע... וואָס איז זי פֿאַר אים אסתּרקע?... זי איז אים נאָענט. עפּעס אַ נאָענטקייט איז פֿאַראַן צווישן זיי, בפֿרט אין די לעצטע טעג.

פֿריִער איז אים געווען שווער די דערנענטערונג. אַביסל שווער. זי האָט אים קיינמאָל נישט אָפּגעשטויסן. פֿאַרקערט, אין אָנהויב ווען ער האָט נאָר גענומען בײַ זיי דעם צימער, איז זי געווען ווי אַ נײַער שײַן פֿאַר אים. זי איז אים כסדר געשטאַנען פֿאַר די אויגן. ער האָט געהערט איר קול פֿון דער צווייטער שטוב — און דער קול איז געווען אַ ווייכער און גלעטנדיקער, אַזאַ ווײַבלעכער קול, וואָס האָט זיך אים אַרײַנגעגנבֿעט אין דער נשמה און געוואונען זײַן האַרץ. זי איז געווען פֿריש און פֿריילעך און יונג, און האָט געהאַט אַ גוט האַרץ. וויפֿל מאָל איז ער געלעגן בײַ נאַכט אַ צײַט אָן שלאָף און געטרוימט, אַז אָט־אָט עפֿנט זיך אויף די טיר פֿון זײַן צימער און זי קומט אַרײַן, פּאַמעלעך, שטיל — גלאַט אַזוי, זי דאַרף עפּעס האָבן צו אים, זי האָט דאָ עפּעס פֿאַרגעסן בײַ טאָג — און ער נעמט זי פֿאַר דער האַנט... מער גאָרנישט, נאָר ער נעמט זי פֿאַר דער האַנט און קוקט איר אין די אויגן...

אין דער פֿרי פֿלעגט ער זיך אײַלן אויפֿשטיין כּדי כאַפּן אויף איר אַ קוק אײדער זי גייט אַוועק צו דער אַרבעט. אויף דער נאַכט פֿלעגט ער זי אָפּהיטן אויפֿן קאָרידאָר כּדי זאָגן איר אַ וואָרט, אַ לאַך טאָן מיט איר בעת זי קומט אַהיים...

איין מאָל, אַ זומער־פֿאַרנאַכט, זענען זיי געזעסן אויפֿן קאָרידאָר, אויפֿן שוועל פֿון דער דרויסן־טיר. זי האָט זיך פֿאַנאַנדערגערעדט וועגן זיך, וועגן אירע קינדערשע יאָרן. אונטערן שטראָם פֿון די זכרונות און אונטער דער ווירקונג פֿון זײַן נאָענטקייט איז איר פּנים געוואָרן באַלעבט מער ווי געוויינלעך, די באַקן האָבן זיך גערויטלט און פֿון די אויגן האָט געשטראַלט אַ הייסע און דאָך אין אַ נעפּל געשלייערטע שײַן. זי האָט דערציילט פֿון דער „אַלטער שטאָט", וואו זי איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן. די הײַזער פֿון אַ גאַנצער גאַס זענען דאָרטן ווי איין הויז, די הויפֿן ווי טיפֿע ברונעמס, שטיינערנע אַלטע מויערן אַרום און אַרום. די געסלעך אויך שטיינערנע און אַזעלכע שמאָלע — נאָר פֿאַר אַ מענטשן אויף דורכגיין. אײדער זיי האָבן זיך אַרויסגעקליבן קיין „נחלת יהודה" האָט זי קיינמאָל נישט געזען קיין בלאָטע, קיין אמתע צעווייקטע בלאָטיקע ערד, אַזוי ווי דאָ אַרום זייער הויז אין ווינטער. דאָרטן אין דער אַלטער שטאָט איז קיינמאָל נישטאָ קיין בלאָטע: די רעגנס באַוואַשן די שטיינער, דאָס וואַסער רינט אַראָפּ און די שטיינער טריקענען זיך אויס. וואו נישט וואו בלײַבן נאָך אויף אַ טאָג קליינע וואַסערלעך צווישן די שטיינער... אַלערליי געננג און קאָרידאָרן פֿאַרייניקן די הײַזער, און די דעכער פֿון אויבן באַרירן זיך איינע מיט די אַנדערע און זענען אַלע ווי איין דאַך. קליינערהייט איז זי געווען אויף אַלע דעכער פֿון זייער שכונה, ווי בײַ זיך אין דער היים. דער טאַטע האָט אויף איר נישט איין מאָל אָנגעשריִען זי זאָל נישט קריכן איבער די דעכער — זי קאָן אַראָפּפֿאַלן, חלילה. אָבער עס האָט זי געצויגן צום דאַך. זי פֿאַרשטייט נישט ביזן הײַנטיקן טאָג ווי זי האָט זיך נישט אַראָפּגעקייקלט פֿון דאָרטן — אַזאַ גראָביטשקע קײַקעלע, ווי זי

איז דאַן געווען. בפרט האָט איר געצויגן צו די אָפּצאַמונגען צווישן די דעכער פון צוויי הײַזער — אַזעלכע ברייטע נישט קיין הויכע אָפּצאַמונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן ווי פון קריגלעך, אויסגעלייגטע אין עטלעכע שורות, איין שורה איבער דער אַנדערער, לויטן אַראַבישן שטייגער, כּדי די ווײַבער זאָלן קאָנען קוקן פון דאַך, נישט געזען דורך די ליימענע רערלעך, וואָס זענען געווען אָפן פון בײדע זײַטן. די דעכער זענען פאַר זיי געווען ווי ווערענדעס און באַלקאָנען, אַ פּלאַץ צום פאַרברענגען. אסתּר האָט ליב געהאַט אַרויפצוקלעטערן אויף אָט די קריגל־ווענטלעך און זיצן אויף זיי רײַטנדיק. איין מאָל האָבן די יידן די שכנים, וואָס האָבן דאָס געזען, דערציילט וועגן דעם דעם טאַטן — נו, נו, האָט זי שוין געהאַט אַ חלק... פריער פלעגט איר דער טאַטע אויך געבן אַמאָל אַ קלאַפּ, אַ שטופּ, אָבער דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, וואָס ער האָט זי אַוועקגעלייגט אויף די קני און גוט אָפּגעשמיסן... זי האָט געמאַכט אַזעלכע געוואַלדן, אַז די גאַנצע שכונה איז זיך צוזאַמענגעלאָפן ווי אויף אַ שׂרפה. און דערנאָך האָט זי זיך ווידער באַהאַלטן אויף אַ דאַך און איז דאָרטן אָפּגעלעגן דעם גאַנצן טאָג. וויפל מען האָט זי געזוכט, גערופן — זי איז געלעגן ווי אַ שטיין. ערשט אין אָוונט האָט זי חיהקע געפונען. מען האָט זי אַראָפּגעבראַכט אונטן און אַרײַנגעלייגט אין בעט. און דער טאַטע האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף איר בייז, אָבער גאָרנישט געזאָגט.

זי האָט זיך אָפּט אומגעקוקט אויף אים בעתן דערציילן און האָט צו אים געשמייכלט גלעטנדיק, און איז געווען פריילעך אויפגערעגט. און ער האָט איר געענטפערט מיט אַ געצוואונגענעם צולאַכן און האָט זי געגעסן מיט די אויגן פון דער זײַט. עס האָט אים געגעבערט אַן אומקלאָרער פאַרלאַנג צו זײַן מיט איר נעענטער, נאָך נעענטער, צו קומען צו עפּעס גאָר אַן אַנדערער נאָענטקייט. זיי האָבן זיך באַרירט מיט די קני. אַ ציטער פון אינעווייניקסטער צערודערטקייט האָט אים אַ שלאָג געטאָן איבערן לײַב. ער האָט אָפּגערוקט זײַן קני אויס מורא זי זאָל נישט דערפילן דעם ציטער פון זײַן קני. דערנאָך האָבן זיך זייערע קני ווידער באַרירט. זי האָט קיין זאַך נישט געמערקט. איר קני האָט זיך שטאַרקער אָנגעשפּאַרט אָן זיינער. ער איז אויפגעשטאַנען. אין שטוב איז קיינער נישט געווען. מענע איז אַראָפּ אונטן אין קלייטל, וואו זי האָט געהאַט אַ געוויינהײַט צו זאַמען זיך אַ האַלבע שעה. דער קאָרידאָר איז געווען ווי אויפן גאַס — אַרום און אַרום מענטשן. ער האָט געהאַט אַ געדאַנק, אַז איצטער וואָלטן זיי געקאָנט זײַן אין שטוב, אין צווייען, בײַ איר אין צימער, און אַ פאַרלאַנג עס זאָל זײַן אַזוי. ער איז לאַנגזאַם איבערגעטראָטן די שוועל און געגאַנגען צו זיך, נישט זאָגנדיק איר קיין וואָרט. זי איז אויפגעשטאַנען נאָך אים: „קומט זיך דורכגיין, פונק! — האָט זי אים גערופן, גייענדיק הינטער אים. — אַזאַ שיינער אָוונט!" ער האָט זיך אַ קנייטש געטאָן מיט אומגעדולד. זי האָט אים לאַכנדיק געשלעפּט פאַרן אַרבל. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די פיס אין בריק. זי האָט אים געשלעפּט מיט בײדע הענט און נישט געקאָנט רירן

פֿון אָרט. „איר מיינט איר זענט אַזאַ שטאַרקער?" — האָט זי אַ געשריי געטאָן און האָט אים אומגעריכט געגעבן אַזאַ שטויס, אַז ער האָט זיך אַ בויג געטאָן און געמוזט איבערשטעלן די פֿיס כּדי נישט צו פֿאַלן. „אָ, איר גייט מיט פֿאַלש־קייטן!" האָט ער געזאָגט צו איר און האָט זי געכאַפּט פֿאַר די הענט. זיי האָבן זיך געראַנגלט. ער האָט זי צוגעשלעפּט צו זײַן בעט און אַ וואָרף געטאָן. עפּעס איז זי דאַן געבליבן ליגן אָן באַוועגונג, מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. נאָר ווען ער האָט זי אַלץ נישט אָפּגעלאָזן און האָט זיך מער אויף איר אָנגעזעצט איז זי מיטאַמאָל פֿאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ שטאַרקער רויטקייט, דאָס גאַנצע פּנים, ביזן האַלז, ביז די פּלייצעס, און האָט זיך גענומען ווילד רײַסן פֿון זײַנע הענט: „לאָזט מיך אָפּ!... איך וויל נישט!... איך וויל נישט!..." זי איז אַרויס־געלאָפֿן.

צוויי טעג נאָך דעם האָט זי אים אויסגעמיטן. דערנאָך האָבן זיי זיך ווײַטער באַגעגנט אויפֿן קאָרידאָר, גערעדט, געלאַכט. יעדן אָוונט זענען זיי געגאַנגען שפּאַצירן. ווען זי איז געווען אין דער היים האָט זי אַלע ווײַלע געפֿונען אַן אויסרייד אויף אַרײַנלויפֿן צו אים אויף אַ מינוט. איין מאָל, בײַם איבערטאָן די זאָקן, האָט ער געפֿונען, אַז זיי זענען פֿאַרריכט, גאַנץ. דאַכט זיך, אַז זיי זענען פֿריִער געווען צעריסן אין די פּיאַטעס. אַ צווייטן מאָל האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז זײַן צעריסענע העמד איז פֿאַרנייט. ער האָט געפֿרעגט בײַ איר אָפּשר וויס זי פֿונוואַנעט דאָס קומט. זי האָט געלאַכט. ער האָט געשריִען, אַז ער האָט זי געפּאַקט. זי האָט געלאַכט נאָך מער — שוין פֿון אַ חודש צײַט ווי זי פֿאַרריכט אים די וועש און ער האָט זיך קוים געכאַפּט. ער האָט אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט אויף אירער און האָט שטיל געגלעט אירע פֿינגער. דאָס מאָל האָט זי די האַנט נישט צוגענומען. זי איז נאָר געזעסן שווײַגנדיק, אַראָפּגעלאָזן די אויגן און בלאַס אין פּנים. פּלוצלונג האָט אים עפּעס אַ ברען געטאָן אין האַנט — אַ קאַלטער ברען פֿון אַן אַראָפּגעפֿאַלענער טרער. ער האָט אַ ציטער געטאָן פֿאַר אומגעריכטקייט, און זי האָט גענומען לאָכן דורך די טרערן און איז אַרויס פֿון זײַן צימער.

פֿון יענעם מאָל אָן האָט זיך עפּעס איבערגעדרייט אין זייערע באַציונגען. זי האָט אים אָפּגעוואַרט אויפֿן קאָרידאָר, זי האָט אים גערופֿן שפּאַצירן, זי האָט אים געקוקט אין די אויגן, געהיט זײַן שמייכל, זי איז אים נאָכגעלאָפֿן אויף טריט און שריט. און ער איז געוואָרן רויִקער און קעלטער. די פֿריִער־דיקע שאַרפֿקייט פֿון זײַן טרוימען וועגן איר איז אַוועק, ווי נישט געווען. ער האָט זיך געלאָזט קוקן אין די אויגן, ער איז פֿויל געגאַנגען מיט איר שפּאַצירן — אָבער טאָמער איז זי נישט געקומען איז אים רופֿן האָט אים נישט געאַרט. איר נאָכגיין נאָך אים איז אים געווען שוין אַ ביסל צו לאַסט. ער האָט זיך גענומען פֿאַרטראַכטן וואָס פֿון דעם וועט זײַן. קיין פֿרײַע ליבע וועט ער מיט איר נישט שפּילן. און חתונה האָבן מיט איר — וואָס איז זי אים פֿאַר אַ חבֿרטע, אַ פּראָסטע ירושלימדיקע מיידל, אַ טאָכטער פֿון אַ שמש, אָן אַ ברעקל בילדונג,

קוים וואָס זי קאָן לייענען, און איז פול מיט ווילדע, פאַנאַטישע איינגלויבענישן. ווי וועלן זיי זיך איינלעבן? זי וועט פאַר אים זיין אַ שטענדיקע לאַסט. ער וועט זיך מאַכן אומגליקלעך אויפן גאַנצן לעבן.

ער האָט זיך דעמאָלט געגומען דערוויטערן פון איר. „אויס רחמנות צו איר", — האָט ער זיך געזאָגט. אָבער ער האָט נישט רחמנות געהאַט אויף איר מיידלשער פיין, אויף אירע שלאָפלאָזע נעכט.

און אפשר איז נאָך געווען אַ סיבה פאַר דער דערוויטערונג? צפורה בלומענטאַל... ניין, ער האָט זי נישט ליב געהאַט. דאָס וואָרט „ליב־נישט ליב" פאַסט גאָרנישט אַהער. אויסער פאַראַכטונג און עקל האָט ער צו איר גאָרנישט געפילט.

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זי איז יענעם אָוונט געזעסן ביי אים אויף די קני, און ווי זי האָט אַ קנופּ געטאָן בלומען... אַ הייסע כוואַליע פון ליידנ־שאַפט האָט אין אים אַ קאָך געטאָן אויפן גאַנג, אין מיטן פון דער מאָדנער, כאַאָטישער נעפּל־נאַכט, אויפן שטיינערנעם הויף פון דעם געפענגעניש. הא, ווען ער וואָלט זיך מיט איר געראַנגלט און וואָלט זי אַוועקגעלייגט אויפן בעט, וואָלט ער זי נישט אָפּגעלאָזט ווי אסתרן!... וואָס, וויטער וועגן איר?

ער האָט צאָרנדיק אַ טופּע געטאָן מיטן פוס. גענוג! זיין וועג איז באַשטימט.

— אסתרקע!... אסתרקע!... — האָט ער געמורמלט מיט טרוקענע ליפּן. — איצטער וועל איך וויסן ווי צו שעצן דיך... איך זאָל זיך נאָר אַרויס־רייסן פון דאַנען... דו וועסט זען, אסתרקע...

אים האָט אָנגעכאַפּט אַ שטילע פרייד איבער דעם וואָס זיין האַרץ האָט זיך צוריק אומגעקערט צו אסתרן. די לעצטע צייט איז ער וויטער געווען גוט צו איר און זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַזעלכע שיינענדיקע אויגן. די אַלע משפּחה־אומגליקן, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגענומען איבער איר, ווי אַ שוואַרצער וואָלקן, האָבן נישט געקאָנט פאַרטונקלען דעם שיין פון אירע אויגן. נאָר וואָס וועט זיין אויב מען וועט אים צונעמען? וואָס וועט זיין מיט איר? און ער — ווי וועט ער דאָס אַריבערטראָגן? איצטער, ווען אים איז אַלץ קלאָר געוואָרן און ער ווייס וואָס ער האָט צו טאָן — איצטער וויל ער זיך מיט איר נישט שיידן. נישט באַלד, לכל הפּחות!...

— אסתרקע! דו וועסט זען ווי מיר וועלן איצטער לעבן, אסתרקע! — האָט ער געמורמלט.

אָבער ווי באַפרייט מען זיך? אויסקויפן זיך? וועגן דעם איז אָפּגערעדט. אַזעלכע געלט האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט און וועט נישט האָבן. אַנטלויפן? יאָ, דאָס וועט ער טאָן. אויב נישט פונדאַנעט וועט ער אַנטלויפן פון דאָרטן, פון באר שבע, פון דער מדבר, פון וואַנען ס'זאָל נישט זיין, און וועט קומען צוריק, אַ דעזערטיר, ווי לייזער, און אויך קריגן פאַלשע פּאַפּירן, און וועט

דאָ זײַן... און אפשר װעלן זײ אַריבערגײן אין גליל. מען זאָגט, אַז דאָרטן איז גרינגער אױסצובאַהאַלטן זיך..

ער האָט זיך צוגעזעצט אױף אַ שטײן, אַ מידער, און גענומען דרעמלען. דער קאָפּ האָט זיך אים צו שטאַרק אַ בױג געטאָן אױף אַ זײַט — איז ער אױפגעשטאַנען, בעסער אײנגעװיקלט זיך אין מאַנטל און געלײגט זיך אױף דער ערד.

ער האָט זיך אױפגעכאַפּט פאַרן גרױען אױף טאָג. עס איז אים געװען קאַלט און נאַס. די אױסגעשטרעקטע פיס האָבן געגאָנגט פרירנדיק, פאַר־גליװערטע, װי ער װאָלט פאַרבראַכט אַ װינטער־נאַכט אין רוסלאַנד אין װעג אױף אַ שליטן. דער הימל איז געװען פאַרכמאַרעט און האָט װײַטער געטריפט אױף זײ מיט אַ קלײן רעגנדל. דער גאַנצער המון מענטשן, װאָס האָט זיך אַזױ געטומלט אױף דער נאַכט, איז געװען אױסגעלײגט אױף די שטײנער, װי הױפנס שמאַטעס, נאַסע, צעקנײטשטע, בלאָטיקע. עס האָט זיך געהערט אַ שנאָרכן און אַ קרעכצן.

פונק האָט זיך געשטעלט אױף די פיס. זײ האָבן זיך געבױגן אונטער אים אין זײער פאַרפרױרנקײט, ער האָט זײ געפילט װי שטיקער אײַז. פונעם נאַכטיקן נעפּל און פון דער נישט־דערשלאָפנקײט און פון דער גאַנצער אױפ־רעגונג פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג האָט אים שטאַרק געריסן דער מח. אין מױל איז געשטאַנען אַ שלעכטער געשמאַק. די אױגן האָבן אים װײ געטאָן, אַ שװערקײט האָט אָנגעגאָסן די לעדלעך. ער האָט װידער גענומען אַרומ־שפּאַנען איבערן הױפל אַהין און אַהער, האַסטיק, לױפנדיק, מיט אַ כּװנה צו דערװאָרעמען זיך. פון הױז אינעװײניק האָט זיך אַרױסגערוקט אַ טונקעלע פיגור פון אײנעם פון די דאָרטיקע. דער מענטש האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט געטראַכט אַ װײַלע, קוקנדיק אױף פונקן, און האָט גענומען פּאַמעלעך קלעטערן אױף דער װאַנט פון דער חורבה־טורמע צום הינטערשטן הױף־װינקל. פונק איז מיטאַמאָל געבליבן שטײן, נישט גלױבנדיק זײַנע אױגן: האַ, װאָס טוט ער, דער מענטש? ער האָט זיך פאַרזיכטיק אומגעקוקט אױף צוריק, צום טױער, װאו עס זענען געװען די װאַך־סאָלדאַטן. װען זײ דערזעען אים לאָזן זײ אַ קױל פון אַ ביקס, און פאַרטיק — ער װעט זיך אַראָפּקײַקלען צוריק אין הױפל, װי אַ זאַק מיט ערד. נאָר דאָרטן איז שטיל צװישן די סאָלדאַטן. מסתּמא דרעמלען זײ. פאַרטאָג דרעמלט זיך, געװײנלעך, שטאַרקער װי די גאַנצע נאַכט. ער האָט אַמאָל געהערט, אַז גנבֿים קלײַבן אױס פאַר זײערע אונטער־נעמונגען די שעה, װאָס פאַרן בראַך־טאָג. ער האָט װײַטער, פאַרזיכטיק, אױס־געדרײט דעם קאָפּ צום הינטערשטן הױף־װינקל — אַזױ פאַרזיכטיק, גלײַך װי דער דרײ פון זײַן קאָפּ װאָלט געקאָנט אָנמאַכן אַ רעש און אױפװעקן די דרעמלענדיקע היטער. דער קריכער איז שױן געװען גאָר אױבן. אָט פױזעט ער אַריבער אױפן דאַך פונעם צװײטן הױז, אָט גיט ער זיך אַ רוק נאָך װײַטער, אָט פאַרשװינדט ער הינטערן רוקן פון יענעם דאַך... פונק האָט אָפּגעעטעמט.

אָט אַזוי אַנטלויפט מען... מען קריכט אַריבער איבערן וואַנט, און אויפן דאַך, און איבערן דאַך...

ער האָט איבעראַנײַס געגומען אַרומשפּאַצירן איבערן הויף. אַצינד איז ער געטראָטן שטיל און פאַרזיכטיק, היטנדיק זיך צו שטערן דעם שלאָף פון די שלאָפנדיקע. יעדעס מאָל, ווען ער איז געגאַנגען מיטן פּנים צום טויער האָט ער זיך אײַנגעקוקט אינעם הויפן סאָלדאַטן — צי זיי האָבן זיך נאָך נישט אויפגעוועקט. יעדעס מאָל, וואָס ער איז געגאַנגען פון זיי צוריק, האָט ער נישט אָפּגעריסן די אויגן פון דער וואַנט פון דער טורמע און פונעם שכנותדיקן דאַך. עס איז געווען גרינג אַרויפצוקלעטערן, אַזוי גרינג! אין צוויי מינוטן וואָלט ער געווען אויבן. אָבער טאָמער באַמערקט איינער פון זיי און מיט אַ מאָל קריגט ער אַ קויל אין רוקן...

דער שרעק, וואָס איז אַזוי קלוג אויף המצאות און האָט אַזוי ליב די לאָגיק, די בעסטע און אונטערטעניקסטע פון זײַנע דינסטן — ווײַל קיין מאָל איז דער מענטש נישט אַזוי לאָגיש, ווי ווען ער איז באַוועלטיקט פון שרעק — האָט אים אונטערגעזאָגט, ער זאָל אויסלאָכן דעם געדאַנק וועגן אַנטלויפן. אַנשטאָט איצטער קלעטערן איבער דער וואַנט און אײַנשטעלן דאָס לעבן, האָט ער געזאָלט בעסער נעכטן נישט קומען און אַליין איבערגעבן זיך אין זייערע הענט. אלא וואָדען, ער איז געקומען? פאַרוואָס? ווײַל ער האָט נישט געזען קיין מעגלעכקייט אויסצובאַהאַלטן זיך. ער איז געקומען, ווײַל ער האָט געמוזט. טאָ צוליב וואָס וועט ער איצטער אַנטלויפן? וואו וועט ער זיך איצטער באַהאַלטן? זײַן לאַגע וועט זײַן ווי פריִער און נאָך ערגער, ווען מען וועט אים כאַפּן... און אויב ער וועט דאָך באַשטימען אַנטלויפן וועט ער נאָך האָבן גענוג און בעסערע געלעגנהײַטן. סוף כּל סוף וועט ער זײַן אַ סאָלדאַט, נישט קיין אַרעסטאַנט. ער וועט איין מאָל אַוועקגיין פון קאַזאַרמע און נישט קומען צוריק...

דאָס איז געווען ריכטיק. און פון דעסט וועגן האָט אים די וואַנט געצויגן צו זיך, און דער געדאַנק, אַז ער קאָן זיך באַפרײַען באַלד, די מינוט, איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים, און די מוראַשקעס, וואָס זענען אים געלאָפן איבערן רוקן, האָבן דערמאָנט אָן די שטאָלענע מײַלער פון די סאָלדאַטן־ביקסן.

ער איז ווײַטער געבליבן שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט. דער הינטער־ווינקל פון הויף האָט אים געצויגן מיט אַ מאַגנעטישן כּח. ער האָט געמאַכט אַ טראָט אין יענער זײַט.

ווי? נאָך איינער?... יאָ, דאָס איז געווען נאָך איינער, וואָס האָט זיך געקליבן צו גיין מיטן וועג פונעם ערשטן. נאָר דעם איז נישט געלונגען. ער איז נאָך נישט ווײַט אַרויף ווען פון הינטערן הויז, פונעם צווייטן ווינקל, איז אַרויסגעשפרונגען אַ סאָלדאַט און אַ לאָז געטאָן זיך נאָך אים.

— העי, וואוהין?

ער האָט אויף אים אָנגעשטעלט די ביקס. צווישן די סאָלדאַטן בײַם טויער איז אויך געוואָרן אַ באַוועגונג. נאָך אַ פּאָר ביקסן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן אין דער זײַט פֿונעם לויפֿער. יענער האָט זיך אַוועקגעזעצט, ווי איבערטראַכטנדיק, און באַלד גענומען, שווײַגנדיק און אויף גיך, קריכן צוריק. דער סאָלדאַט, וואָס האָט געוואַרט אויף אים אונטן, האָט אים אַ נעם געטאָן פֿאַרן אויער. פֿונק האָט געזען, ווי דעם מענטשנס קאָפּ האָט זיך געשאָקלט אַהין און אַהער אין די הענט פֿון סאָלדאַט און האָט געהערט זײַן שטיל, ווייטאָקדיק אויקען. דער סאָלדאַט האָט אים אַ שטופּ געטאָן צום לאָך פֿון הויז, און האָט אים געיאָגט אַרײַן אינעווייניק, בריקענדיק אים מיטן פֿוס אין הינטן.

„דאָרטן אין ווינקל, הינטערן הויז, איז אויך געווען אַ וואַך, — האָט צו זיך געזאָגט מאיר פֿונק. — גוט וואָס איך בין נישט געקראָכן!"

און ער האָט פֿון דאָס נײַ גענומען אין אויפֿרעגונג אַרומשפּאַנען איבערן הויף.

עס איז געוואָרן טאָג. צווישן די ליגנדיקע הויפֿנס מענטשן און בגדים איז געוואָרן אַ באַוועגונג. אַנדערע האָבן זיך אַוועקגעזעצט און געקוקט אַרום זיך מיט בלאַסע פּנימער און דולע מיט קאָפּווייטאָק אָנגעלאָדענע אויגן. אַנדערע זענען אַרומגעגאַנגען אָן אַ זין אַהין און אַהער איבער דער לענג פֿון הויף. דאָס רעגנדל האָט אויפֿגעהערט צו טריפֿן. פֿונעם טרעטן פֿון די פּאָר הונדערט פֿיס האָט זיך פֿאַנאַנדערגעשמירט איבער די נאַסע שטיינער אַ ווייכע, קלעפּיקע בלאָטע, וואָס האָט שטיל געקוואַטשקעט אונטער די פֿיס. איבערן הימל זענען געשוואומען מוטנע־ווײַסע נעפּלען. דורך זיי האָט זיך דורכגעזויגן, ווי דורך אַ שלייער, דאָס בלאַסע ליכט פֿון דער זון.

דאָס רובֿ האָט זיך שוין ווידער אַ נעם געטאָן צום קײַען. בײַם טויער איז געווען אַ טומל און אַ מאַרק אַזוי ווי נעכטן אויף דער נאַכט. די מאַכערס, וועלכע האָבן געגעכטיקט דאָ אין הויף, און די, וואָס זענען פֿאַרשוואונדן געוואָרן אויף איבער נאַכט, זענען שוין אַלע געווען צוריק אויף זייערע פּאָסטנס, בײַם טויער, און האָבן ווידער צוגענומען די געבראַכטע זאַכן און איבערגעגעבן גרוסן, געהאַנדלט מיט די סאָלדאַטן, אַרויסגערופֿן די, צו וועמען מען איז געקומען געוואויר ווערן. בײַ אַלעמען פֿון די געפֿאַנגענע זענען ווידער געווען פּעקלעך מיט אָנבײַסן אין די הענט. די קלאַנגען, וואָס עס האָבן אַרויסגעגעבן די קײַענדיקע מײַלער, האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן קוואַטשקען פֿון דער בלאָטע אונטערן טראָט.

פֿונקן האָט מען אַרויסגערופֿן צום טויער. אסתּר איז געקומען אים זען פֿאַרן גיין צו דער אַרבעט. ער איז צוגעלאָפֿן אַ מונטערער, פֿול מיט פֿרייד צוליב איר קומען. די פֿרייד האָט אים געררויטלט די באַקן.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט איבערגעגעבענע, גליקלעך־שײַנענדיקע אויגן.

— איר זעט אויס גוט, מאיר! — האָט זי געזאָגט, — טראַכט נאָר נישט איבער, מען וועט אַלעמען אויסלייזן. ווי זענט איר געשלאָפן?

— זייער גוט! — האָט ער געענטפערט שמייכלענדיק, גלעטנדיק זי מיט די אויגן.

זי האָט אים ווידער געבראַכט וואָס צו עסן. ער האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער האָט נאָך דאָס געכטיקע, נאָר ער האָט זיך באַצײַטנס אײַנגעהאַלטן, — צו וואָס זאָל ער איר אָפּעסן דאָס האַרץ?

דאַן איז ער צוריקגעגאַנגען אין הויף און האָט זיך געשמאַק גענומען צום עסן. איצטער האָט ער געהאַט אַ גוטן אַפּעטיט. באַלד האָט זיך אַרום אים צוזאַמענגעקליבן אַ מנין פון די אויסגעהונגערטע סקעלעטן, וואָס זענען געהאַט אַרויסגעקראָכן פון די לעכער פון דער וואַנט. זיי האָבן געהיט אַלע באַוועגונגען פון זײַנע מויל־מוסקלען און יעדן שלונג פון זײַן האַלז האָבן זיי באַגלייט מיט אַ גוזמאדיקן און פאַלש־הויכן שלונג פון זייער פוסטער שפּײַעכץ. פּונק האָט זיך געמוזט שטעלן אויף די פיס כדי זיי זאָלן אים נישט דערדריקן. ער איז געווען אַ הויכער, מיט אַ ברייטער ברוסט און לאַנגע הענט. זײַן פּנים איז געווען אַן אָפענער, אַזאַ וואָס געפעלט און ציט צו פון ערשטן קוק, נאָך איידער מען קען דעם מענטשן. אים איז געווען גוט אויפן האַרצן און ער האָט מיט גוטע אויגן געקוקט אויף די אַלע, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. ער האָט פאַנאַנדערגעטיילט צווישן זיי, מיט אַ שטרענגער גערעכטיקייט, אַ ברייטל, אַ פּאָר שטיקלעך קעז, אַ פּאָר מאַראַנצן. דאַן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אים פּופּציק אַנדערע. ער האָט זיך קוים אַרויסגעריסן פון זיי. לויפנדיק אויף גיך האָט ער פאַרענדיקט עסן און אַוועקגעגעבן זיי די רעשטלעך.

ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז אין הויפּ איז געוואָרן שיטערער. פון דער פריילעכער חבֿרה פּקידים, באַלעבעסלעך און קרעמער, וואָס האָבן זיך בײַ נאַכט אָפּגעגעבן מיט נבֿול־פּה, איז שוין נישט געווען קיין איינער. פון די מאַכערס האָבן אויך אַ סך געפעלט. און אַ סך פון די שטילע מענטשן, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צײַט געהאַלטן אָן אַ זײַט, זענען אויך אַזוי שטיל פאַרשוואונדן. פּונק האָט זיך נאָכגעפרעגט וואו זיי זענען אַהינגעקומען. מען האָט אים געזאָגט, אַז די, וואָס האָבן געלט, מעלדן זיך, אַז זיי ווילן זיך אויסלייזן, און מען שיקט זיי מיט אַ סאָלדאַט צום קאָלאָראַסי.

עס זענען ווײַטער אומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז דאָס אויסלייזן זיך ווערט בטל. דער קאָלאָראַסי האָט שוין נעכטן נישט געוואָלט אַננעמען קיין אויסלייז־געלט. דאָך האָט מען געפּועלט בײַ דער העכערער מיליטערישער פאַרוואַלטונג מען זאָל נעמען. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער לעצטער טאָג. ביז מיטאָג — מער וועט מען נישט נעמען.

פּונק האָט זיך מידערהייט צוגעזעצט אויף אַ שטיין. הײַנט ביז מיטאָג. טאָ וואָס זשע איז זי געווען אַזוי פריילעך, אסתּרקע? פאַרוואָס האָט זי געזאָגט,

אַז מען וועט אַלעמען אויסלייזן? וואָס הייסט — אַלעמען? ווער וועט אויסלייזן? ווער ס׳האָט געלט וועט זיך אויסלייזן, און ווער ס׳האָט נישט וועט דאָ בלײַבן און קראַפּירן!

אין קאָפּ האָט זיך שוין בײַ אים געטומלט פאַר מידקייט. אין דעם טומל איז פאַרטומלט געוואָרן די זאָרג וועגן די קומענדיקע טעג. אים איז געווען אַלץ איינס וואָס דערנאָך וועט זײַן. ער איז געווען אויסגעמאַטערט און שלעפּעריק און האָט נישט געהאַט וואו צוצולייגן זיך. די שטיינער פונעם הויף זענען געווען אַזוי קויטיק, אויסגעשמירט מיט דער שליימיקער, צעטראָטענער קויט. און דאָ זענען אַרומגעגאַנגען די פאַרלײַזטע אַרעסטאַנטן. מען האָט זיך נישט געקאָנט אויסהיטן פון זיי אַפילו וואַכעדיקערהייט.

פאַרוואָס האָט זי געזאָגט, אַז מען וועט אויסלייזן אַלעמען? וואָס האָט זי געמיינט דערמיט? ס׳איז גלאָט אַזוי. זי האָט אים געוואָלט טרייסטן, אסתּרקע. זי האָט אים געוואָלט צוגעבן מוט.

דער „ועד העזרה״ גיט הונדערט פראַנק. די איבעריקע פיר הונדערט — נישט זי, נישט ער האָבן נישט פון וואַנען צו קריגן די איבעריקע פיר הונדערט.
נאָך האַלבן טאָג איז געוואָרן גרינגער צו אָטעמען. מען האָט צוגענומען די אַלטע תּושבֿים, מען האָט דאָס גאַנצע געפּענגעניש פרײַ געמאַכט פאַר די נײַע. נאָר פאַרנאַכט איז זיי פינצטער געוואָרן אין די אויגן, ווען מען האָט זיי גענומען אַרײַנטרײַבן אין הויז אינעווייניק. זיי זענען געזעסן אין דער פינצטער בײַ די ווענט און האָבן טעמפּ אָן אַ געדאַנק געוואַרט וואָס ווײַטער וועט זײַן. מען האָט אָנגעצונדן אַ לעמפּל. די געלע פלעמלעך האָבן נאָך מער אונטער־געשטראָכן דעם פאַרוויכערטן חושך פונעם אַלטן פאַרפוילטן געפּענגעניש־הויז.

מיט אַ מאָל איז געוואָרן אַ נײַע באַוועגונג. אַ וואָרט איז דורכגעלאָפן דורך דער פינצטערניש — דאָס איינציקע וואָרט, וואָס האָט נאָך געקאָנט אויפ־רודערן די אויסגעשעפּטע קערפּערס און גײַסטער — דאָס וואָרט וועגן פרײַהייט.

מען האָט אָנגעהויבן אויסרופן די נעמען. אַ טשאַוויש האָט אויסגעלייענט דעם נאָמען פון אַ פּאַפּיר און עטלעכע פרײַוויליקע העלזער האָבן אים איבער־געחזרט. דער אַרויסגערופענער האָט גענומען זײַנע זאַכן און אַוועק, אַוועק אויף אָן אמתן. מאיר פונק האָט לאַנג געוואַרט ביז ס׳איז געקומען זײַן צײַט. ער איז געווען פון די לעצטע. בײַם אַרויסגאַנג זענען געשטאַנען אַ פּאָר ייִדן שטאָט־עסקנים. איינער, ווײַזט אויס אַ מוכטאַר, האָט געזאָגט צו אים:

— מיר נעמען דיך אַרויס אויף אונזער אַחריות, און אויפן אַחריות פונעם חכם־באַשי... ס׳איז נאָר אויף איבערנאַכט. מאָרגן פאַרטאָג דאַרפסטו שוין זײַן צוריק בײַם קאָלאַראַסי... הערסט, מאָרגן פאַרטאָג. ס׳איז אַ טובֿה, פאַר־

שטייסט? אויב דו ווילסט זיך אויסלייזן — איז מאָרגן אין דער פֿרי, בײַם קאָלאָראַסי... זע־זשע זאָלסט קומען!

— איך וועל קומען! — האָט געזאָגט דער סטאָליער מיט אַ פֿעסטן קול, פֿול מיט דאַנק־געפֿיל צו די מענטשן, וואָס האָבן אים באַפֿרײַט, זאָל זײַן נאָר אויף איין נאַכט.

בעת מעשׂה האָט ער גאָרנישט געטראַכט, אַז די אייגענע רייד זאָגן זיי יעדן איינעם, און יעדער איינער איז בײַ זיי דער זעלבער בטוח.

— ער וועט קומען! ער וועט קומען! — האָט גוטמוטיק פֿאַרזיכערט איינער פֿון די עסקנים.

מאיר פֿונק איז אַרויס אויפֿן גאַס. דער קאָפּ איז בײַ אים געגאַנגען כאָדאָראָם, די פֿיס זענען געטראָטן נישט זיכער. וואו איז ער געווען? ער האָט זיך אַ דריי געטאָן אַרום זיך. אַ, אָט איז דער שכמ'ער טויער. וואו זשע דאַרף ער גיין? און בעת מעשׂה איז ער שוין געגאַנגען. נאָר אין קאָפּ איז אים געווען נישט קלאָר. די פֿיס האָבן בלינדערהייט געוואוסט וואו צו טראָגן אים. אַ קאַלטער ווינט האָט אים געבלאָזן אַנטקעגן און אַ ביסל צעווייעט דעם טומאַן, וואָס בײַ אים אין מח..

# 12

די נאַכט, וואָס מאיר פֿונק האָט פֿאַרבראַכט אין הויף ביי „שעיך לו־לו", איז געווען אַ שטורעמדיקע נאַכט פֿאַר די שוועסטער וועטשטיין. אסתּר האָט נישט אָפּגעלאָזן חיהן אַוועקצוגיין, לויט איר געוואוינהייט, אויף אַ גאַנצן אָוונט, אָדער גאָר אויף איבער נאַכט — זי האָט מורא געהאַט צו בלייבן אַליין אין שטוב. חיה איז געזעסן ביים טיש, אינעם פֿאָדערשטן צימער, אַ ברוגזע און צעטראָגענע, און האָט פֿון צייט צו צייט מיט כּעס אַרויפֿגעקוקט אין דער אָפֿענער טיר פֿון דער צווייטער שטוב, וואוהין אסתּר איז אַוועק באַלד נאָך וועטשערע. ביים עסן האָט זי זיך צו קיין זאַך נישט צוגערירט, און איצטער איז זי דאָרטן געלעגן אויפֿן בעט און זיך געשטיקט מיט געוויין. חיה איז געווען בייז אויף דער נייער איבפֿרודערונג. אַ נייע נייעס! — האָט זי געטענהט מיט האַרץ פֿאַר זיך און צו זיך אַליין. — וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אָנשיקעניש! נישט גענוג, וואָס די מאַמע ליגט קראַנק אין שפּיטאָל, וואָס לייזערקע איז נע ונד און אין איין שרעק מען זאָל אים נישט כאַפּן, און דער זיידע וואַלגערט זיך אין דער פֿרעמד, און איך... טפֿו! נאַדיר נאָך אַ צרה... פֿאַרן שכן דאַרף אונז אויך דאַרן דער מוח!... אַזאַ נייעס!..

דאָס איינגעהאַלטענע כליפּען אין צווייטן צימער האָט זי געשלאָגן איבער די נערוון. עס איז איר פֿאָרגעקומען, אַז אסתּרקע ליגט דאָרטן און כליפּעט אומיסטן צוליב איר, כּדי זי זאָל קיין מנוחה נישט האָבן, כּדי זי זאָל נישט קאָנען בלייבן רויִק, ווען יענע ליידט. ביי יעדן נייעם כליפּ האָט דאָס חיהן געגעבן אַ הויב אינעווייניק, ווי עס וואָלט זי אַ ביס געטאָן אַן עקרבֿ. זי האָט געהאַט חשק צו שרייען און טופּען מיט די פֿיס אָדער וואַרפֿן איר אַ טעלער אין קאָפּ. כאַי וואָלט זי שוין איינמאָל זיך אויסגעוויינט — און אַן עק! איז ניין — ווייטער אַ כליפּע און ווייטער אַ שווייג!...

אָבער זי האָט גאָרנישט נישט גערעדט. און אסתּר איז געלעגן אויפֿן בעט און האָט זיך אויך צו איר נישט אָנגערופֿן מיט קיין וואָרט. זיי האָבן ביידע געהאַט אין זיך אַ שטיק פֿון דער איינגעגראָבענער עקשנות פֿון די וועטשטיינס.

און ווען אסתּר האָט צולעצט אויסגעבראָכן אין אַן אָפֿענעם געוויין, הויך אויפֿן קול, ווי חיה האָט דאָס געוואָלט ערשט מיט עטלעכע מינוטן פֿריִער, האָט דאָס זי אויפֿגעריסן, ווי מיט פּולווער.

— דו הערסט נישט אויף צו רעווען? וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אָנשיקעניש אויף אונזער קאָפּ? די מאַמע ליגט אין שפּיטאָל און זי רעוועט דאָ איבער אַ פֿרעמדן בחור... אין דר׳ערד מיטן קאָפּ!... שלאָג זיך קאָפּ אָן דער וואַנט אָן מיר!...

זי האָט אָנגעטאָן דעם זשאַקעט און געכאַפּט דעם שאַל. דעמאָלט איז אסתּר אויך אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט און האָט זיך אײַנגעקלעמט אין איר, ווי אַ צוואַנג:

— דו וועסט נישט אַוועקגיין! — האָט זי געשריִען אויסער זיך פֿאַר אויפֿרעגונג. — איך וועל דאָ משוגע ווערן איינע אַליין!... חיהקע!... דו וועסט נישט אַוועקגיין! דו וועסט נישט אַוועקגיין!...

זי האָט געשלעפּט פֿון איר דעם זשאַקעט און דעם שאַל. חיה האָט זיך געריסן פֿון אירע הענט מיט געוואַלד, מיט אַ גראָבן שטויס און ריס. זי איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב און האָט הינטער זיך געהערט אַ שרעקלעכן, קוויטשיקן, שנײַדנדיקן רוף:

— חיהקע! חיהקע! חיהקע!...

דערנאָך אַ ווילדער געשרײַ — און מער גאָרנישט. אין שטוב איז געוואָרן שטיל. חיה איז געשטאַנען אויפֿן קאָרידאָר, הינטער דער דרויסנדיקער טיר, און האָט זיך צוגעהערט. די מאָדנע רויִקייט דאָרט אינעווייניק האָט זי געשראָקן. זי האָט זיך אַ דריי געגעבן מיט באַשלוס און געפּרוווט אַוועקגיין, אָבער פֿון עק קאָרידאָר האָט זי זיך אומגעקערט און האַסטיק אַרײַנגעלאָפֿן אין שטוב. אסתּר איז געלעגן אויף דער ערד, אָן באַוועגונג, אין מיטן פֿון צווייטן צימער. חיה האָט ווײַטער אויפֿגעקאָכט:

— וואָס איז דאָס נאָך פֿאַר אַ שטיק? אויף די קאַלטע שטיינער... ווילסט אויך אין שפּיטאָל... נישט גענוג וואָס די מאַמע... פּלאַצן קאָן מען פֿון אײַך!.... און ס׳איז אַלץ אויף צו־להכעיס, אַלץ צו־להכעיס... שטיי אויף, הערסט? באַלד שטיי אויף!

אסתּר איז געלעגן אָן אַ ריר ווי פֿריִער. דאָס האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן בײַ חיהן. זי האָט אַרײַנגעטראָגן דאָס גלאָז, וואָס האָט זיי געדינט פֿאַר אַן אויל־לעמפּל. אסתּר איז געלעגן שטיל, אַ ווײַסע, ווי קרײַד, די אויגן פֿאַרמאַכט.

חיהס צעקאָכטקייט איז אַריבער, זי האָט אַ הויב געטאָן די שוועסטער פֿאַר די פּלייצעס:

— אסתּרקע, וואָס איז דיר? אסתּרקע, קום אין בעט, דו, נאַר... וואָס איז מיט איר? אוי־ווי, זי האָט געחלשט!... רופֿט עמיצן... אסתּרקע, קום אין בעט אַרײַן!

זי האָט זי אויפֿגעהויבן און צוגעפֿירט צום בעט. אסתּר האָט אַן עפֿן געטאָן די אויגן און באַלד צוריק פֿאַרמאַכט. זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אין בעט און ווײַטער געלעגן שטיל, ווי נישט בײַם זינען. חיה האָט זי אויסגעטאָן, און האָט זיך אַליין אויך געלייגט. אסתּר האָט זיך אײַנגענורעט מיט איר קאַלטער באַק אין חיהס בוזעם, ווי אַ קליין קינד בײַ דער זײַט פֿון דער מוטער, און איז געלעגן אָן באַוועגונג. חיה האָט זי אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיך. אונטער דער שווערער וואָלענער קאָלדרע איז איר גיך געוואָרן הייס. זי האָט געפֿילט, ווי די קאַלטע גלידער פֿון דער שוועסטער דערוואַרעמען זיך אויך. עס האָט זי אָנגעכאַפּט אַ שאַרפֿער רחמנות צו דער שוועסטער, וואָס האָט זיך אַזוי אומבאַהאָלפֿן צוגעטוליעט צו איר, ווי זוכנדיק שוץ בײַ איר, דער עלטערער און שטאַרקערער. אין גרונט האָבן זיי זיך אַלע מאָל ליב געהאַט, די צוויי שוועסטער. כאָטש זיי האָבן דאָס וויניק אַרויסגעוויזן. חיה האָט זיך געזאָגט, אַז זי מוז איר העלפֿן. זי האָט זיך פֿאַרטראַכט וועגן דעם ווי אַזוי זי וועט דאָס טאָן. און אסתּר אַ דערוואַרעמטע און אָפּגעשוואַכטע האָט מיט אַ מאָל געזאָגט מיט אַ שוואַכן קול:

— חיה, דו וועסט נישט אַוועקגיין מער?

— ניין, אסתּרקע, ניין! — האָט געענטפֿערט חיה מיט אַ צעוויקטן, מיט רחמנות אָנגעזאַפּטן קול.

— איך קאָן נישט זײַן אַליין, חיה...

— איך וועל נישט אַוועקגיין, אסתּרקע, איך זאָג דיר, אַז ניין!

זי האָט זי שטײַפֿער אַרומגענומען און מיט מער כּוח צוגעדריקט צום האַרצן.

און דאָן, בײַ דער אַרומנעמונג, האָט זי זיך דערמאָנט אָן עפּעס, וואָס האָט געמאַכט האַרט און טרוקן די שטריכן פֿון איר פּנים. זי האָט אַרויסגעלאָזן אסתּרן פֿון אירע אָרעמס און האָט זיך פֿון איר אָפּגערוקט ביזן ברעג פֿון בעט — אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך גאָרנישט אָנרירן איינע אָן דער אַנדערער. אסתּר האָט זיך ווײַטער צו איר אַ רוק געטאָן, האָט זי זי אָפּגעשטופּט מיט אַ האַרטער האַנט:

— גענוג! לאָמיך שלאָפֿן!

אסתּר האָט עפּעס דערפֿילט און פֿאַרשטאַנען. דאָס איז געווען אַזוי ווי דעמאָלט, ווען זי האָט געהאַט געדאַנקען וועגן חיהן און האָט זיך פֿון איר אָפּגערוקט ביזן ברעג פֿון דער בעט. נאָר איצטער האָט איר דאָס אַלץ גאָר נישט געאַרט. זי איז געווען פֿאַרנומען נאָר מיט איין געדאַנק — וואָס וועט זײַן מיט א י ם? זי האָט זיך געזאָגט, אַז חיה קאָן קריגן דאָס געלט. זי האָט נישט געוואָלט וויסן פֿון וואַנען, נאָר עס איז איר געווען קלאָר, אַז זי קאָן. שוין איר בייזקייט דעם גאַנצן אָוונט איז אַ באַווייז, אַז זי קאָן, נאָר זי וויל נישט, און זי וויל נישט מען זאָל בײַ איר פֿאַרלאַנגען.

זי האָט געוואוסט, אַז חיה שלאָפֿט נישט. זי ליגט און קלערט אויך וועגן די זאַכן.

— חיה, — האָט זי געזאָגט אומאַנטשלאָסן.

— נו?...

— זײַ נישט קיין שלעכטע!

חיה האָט דעמאָלט שאַרף דערפֿילט, אַז זיי זענען נאָר אין צווייען דאָ אין שטוב. די משפּחה איז חרובֿ — און זי האָט אָנגעמאַכט דעם חורבן. איבער איר איז דער זיידע אַוועקגעגאַנגען. אפֿשר איז די מאַמע אויך איבער איר קראַנק געוואָרן. די מאַמע איז פֿון אייביק אָן געווען אַ שווײַגנדיקע. זי רעדט נישט, אָבער אין האַרצן פֿילט זי. און זי אַליין... זי איז שוין אַ פֿאַרפֿאַלענע... און איצטער וועט אסתּר אויך זײַן אומגליקלעך, ווײַל זי וויל איר נישט העלפֿן. זיי זענען דאָ אַליין, צוויי עלנטע שוועסטער... זי האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן פֿון געוויין.

— וואָס ווילסטו? — האָט זי געמאַכט בייז. — גוט, איך וועל דיר קריגן דאָס געלט!

— חיה! — האָט אַ שפּרונג געטאָן אסתּר.

— גוט... ליג!... איך האָב דאָך דיר געזאָגט!...

— חיה!... מײַן גוטע שוועסטערקע!... אויף געוויס, חיה?... גאָר אויף געוויס?

זי האָט זיך געוואָרפֿן קושן זי. חיה האָט זי אָפּגעשטויסן.

— יאָ, יאָ... לאָז מיך שלאָפֿן!

אסתּר איז דערנאָך אַנטשלאָפֿן געוואָרן מיט אַ געזונטן, טיפֿן שלאָף. חיה האָט געהערט, ווי זי שנאָרכט — אַזוי ווי אַ זעג, וואָס איז פֿאַרקוועטשט אין בוים בײַם זעגן און זעגט פֿאָרט. זי אַליין האָט נישט געהאַט קיין שלאָף. דער רחמנות צו אסתּרן און צו דער היים, וואָס איז חרובֿ געוואָרן, האָט איר געריסן דאָס האַרץ. און דאַן האָט זיך דאָס געפֿיל אומגעדרייט אויף איר אַליין. אַצינד איז זי געלעגן, ווי אסתּר פֿריִער, און האָט געכליפּעט, און געוואָרגן זיך מיטן כליפּען, מיט אַ שוידער איבערן גאַנצן לײַב, און מיט אַ שרעק, אַז די שוועסטער זאָל זיך נישט אויפֿוועקן. ווען אסתּר וואָלט זיך דאַן אויפֿגעכאַפּט — וואָלט זי חיה פֿײַנט געקריגן אויף אייביק. עס וואָלט שוין נישט געווען קיין רייד וועגן פֿונקס אויסלייזן זיך... נאָר אסתּר איז געשלאָפֿן רויִק און גוט.

באַגינען איז אסתּר אויפֿגעשטאַנען שטילערהייט און אַוועקגעלאָפֿן אָנזאָגן מאירן די בשׂורה פֿון האָפֿנונג. מיטאָג־צײַט האָט זי חיהן נישט געטראָפֿן אין דער היים. פֿאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, אויך נישט. זי איז ווידער אַ מאָל געלאָפֿן צום געפֿענגעניש. די אַרעסטירטע זענען שוין געווען

אײַנגעשלאָסן אין הויז. מען האָט זי נישט צוגעלאָזן און אים נישט אַרויס־גערופֿן. זי איז געקומען אַהיים אָן כּוחות, צעבראָכן פֿון דער האָפֿנונג, וואָס האָט נישט געפֿונען קיין באַרעכטיקונג, און געפּלאָגט פֿון אַ שרעקעדיקן, געיאָגטן און קעגן איר ווילן צוריקקומענדיקן צווייפֿל. איצטער האָט זי שוין חיהן געפֿונען אין שטוב, און יענע האָט ברוגזדיק געזאָגט, אַז דאָס געלט וועט זײַן מאָרגן אין דער פֿרי, פֿיר הונדערט פֿראַנק, און הונדערט זאָל ער קריגן פֿון ועד העזרה — מען גיט אַלעמען — און ווײַטער וויל זי פֿון קיין זאַך נישט וויסן. זאָל זי זי נאָר לאָזן צורו!

אסתּר האָט שווײַגנדיק געגרייט צום טיש. זי האָט מורא געהאַט צו זאָגן אַן איבעריק וואָרט. איר האַרץ איז געווען פֿול — פֿול מיט שׂמחה איבער זײַן באַפֿרײַונג און מיט צער און ווייטאָק פֿאַר דער שוועסטער, מיט חרטה פֿאַר דער פֿאָדערונג, וואָס זי האָט פֿון איר געפֿאָדערט, מיט אַ געפֿיל פֿון שולדיקייט, אָן אַ מעגלעכקייט פֿון אַ תּיקון. זי האָט שטיל אַ זיפֿץ געטאָן און געמיט זיך אָוועקצוטרײַבן פֿון זיך די שווערע געדאַנקען. די זאָרג פֿאַר מאירן איז איר געקומען צו הילף. זי האָט איבערגעטראַכט. צי ער האָט דאָרט אין זײַן געפֿענגעניש וואָס צו עסן און וואו צו שלאָפֿן. אָט וואַלגערט ער זיך דאָרטן שוין די צווייטע נאַכט און דעם צווייטן טאָג. זי מוז אים אַרויסראַטעווען. מעג עס קאָסטן וואָס עס וויל — זי מוז אים האָבן צוריק לעבן זיך. זי וועט זיך פֿאַר קיין זאַך נישט אָפּשטעלן.

אסתּר האָט זיך אויסגעגלײַכט און אויפֿגעהויבן הויך דעם קאָפּ, זי האָט זיך אַרומגעקוקט מיט אויפֿגערעגט־גלאַנצנדיקע אויגן. — זאָל זײַן זי איז שולדיק, וואָס זי האָט פֿאַרלאַנגט בײַ חיהן. זי נעמט אויף זיך די עבֿירה. זאָל מען זי שטראָפֿן פֿאַר חיהס זינד. זי בעט בײַ גאָט ער זאָל זי באַשטראָפֿן פֿאַר די זינד פֿון איר שוועסטער. זי איז גרייט אַלץ צו נעמען אויף זיך. פֿאַר אים איז זי גרייט... אָבער ס'איז דאָך נישט פֿון הײַנט בײַ איר, בײַ חיהן. זי האָט דאָך שוין פֿון פֿריִער...

אין מיטן דערינען האָט זיך די טיר אַן עפֿן געטאָן ברייט, אָן ספֿקות און אָן אָנצוקלאַפּן, ווי אַ היימישע האַנט עפֿנט זי — אין שטוב איז אַרײַן מאיר פֿונק.

ביידע שוועסטער זענען אויפֿגעשפּרונגען פֿון זייערע ערטער. אסתּר האָט אים געשלעפּט פֿאַר די הענט צום טיש, און האָט געשריִען און געלאַכט, נישט וויסנדיק וואָס זי טוט. ער האָט אויך געלאַכט און גערעדט נישט געבונדענע ווערטער. און האָט זיך כּסדר אַרומגעקוקט מיט אַ מאָדנער התפּעלות, אַזוי ווי נישט גלייבנדיק זײַנע אייגענע אויגן, אַז ער איז צוריק אין דער היים, און אַלץ איז דאָ ווי געווען, יעדע זאַך שטייט וואו זי איז פֿריִער געשטאַנען. אסתּר איז אַרומגעלאָפֿן אַרום אים, האָט אים צוגעטראָגן אַ טעלער און פֿאַרגעסן אַ לעפֿל, און פֿאַרטשעפּעט אַ שאַל, וואָס איז אַראָפּ־געפֿאַלן מיט אַ קלונג און צעבראָכן זיך אויף שערבלעך.

— מזל טוב! — האָט געזאָגט מיט אַן אָפּלאַכנדיקן קול חיה..

אַלע דרײַ האָבן זיך צעלאַכט. אסתּר איז רויט געוואָרן און ענדלעך געבליבן שטיל.

מאירס קאָפּ איז געווען פול אָנגעלאָדן מיט דולקייט פון דער נישט געשלאָפענער נאַכט און פון די צוויי ווילדע טעג, וואָס זענען איבער אים אַריבער. די אויפרעגונג פון ווידער זײַן אין דער היים, צווישן נאָענטע און פרײַנטלעכע מענטשן, האָט געמאַכט מאירן אויסזען פריש און לעבעדיק און געגעבן אים אַפּעטיט צום עסן. ער האָט גערעדט מיט פולע באַקן, מיט אַ מויל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין קײַען, און האָט איין אַן אָפּגעריסענעם שטראָם פון רייד דערציילט די געשעענישן פון די צוויי טעג. נאָכן עסן איז אים אָבער דער קאָפּ גאָר שווער געוואָרן. ער האָט געזען ווי דורך אַ נעפל אסתּרס ברוינע קאָפּל, הויכן בוזעם און די פולע באַקן, אונטערן רעמל פון די גלאַטע, געדיכטע, שוואַרצע האָר, און אירע פײַכט־שײַנענדיקע אויגן, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעטאָן פון אים אויף קיין רגע. ער האָט געזען חיהן אַנטקעגן, מיט איר הויך אויפגעשלאָגענער פאַרקעמונג, מיטן ברייטן פנים, ווי בײַ דער מאַמען, און מיטן גלײַך און שטאָלץ געהאַלטענעם קאָפּ. ער האָט געזען ר׳ זלמנס ליידיקן געלעגער און די אַנדערע זאַכן אין שטוב. אָבער צווישן אים און די מענטשן און זאַכן זענען אומגעגאַנגען דינע, דורכזעעוודיקע שטראָמען, וואָס האָבן זיי ווי פאַרשלייערט — אָפּגעדעקט און פאַרשלייערט. ער האָט זיך געשאָקלט אויף זײַן בענקל און מיט מי און אָנשטרענגונג געהאַלטן אויפגעריסן די שווערע אויגן־לעדלעך.

— גייט שוין שלאָפן, גייט! — האָט געלאַכט חיה.

— ניין, ניין! — האָט ער זיך געמאַכט מונטער. — איך בין גאָרנישט שלעפעריק. מיר איז נאָר שווער צו זיצן. איך בין אַביסל מיד, מער גאָרנישט.

ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַ סך צו דערציילן, נאָר ער וויל זיך צולייגן — וועט אים זײַן גרינגער צו רעדן. זיי זענען אַלע אַרײַן צו אים אין צימער. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעט, און נאָך איידער זײַן קאָפּ האָט זיך רעכט אָוועקגעלייגט אויפן קישן, איז ער שוין געשלאָפן, ווי אַ געהרגעטער. געשלאָפן מיטן גאַנצן גוף. פונעם שייטל פון קאָפּ ביז די שפּיצן פון די פינגער פון זײַנע פיס.

די שוועסטער זענען געבליבן שטיין לעבן אים, שטיל שמייכלענדיק. איצטער האָבן זיי ערשט געזען, ווי בלאַס און אָפּגעמאָגערט ער איז געוואָרן פאַר די צוויי טעג. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זײַן פנים איז געוואָרן קלענער, ווי דאָס צעגייענדיקע פנים פון אַ שניי־מענטש. אסתּר האָט נישט געמערקט, ווי די טרערן האָבן זיך איר געקײַקלט פון די אויגן איבער די באַקן און נאָז.

— נו, דו וויינסט שוין ווײַטער, בהמה, — האָט איר חיה אַ שטויס געטאָן אין דער זײַט. — וואָס וויינסטו איצטער, וואָס? ער איז דאָך דאָ,

אַט האָסטו אים! וויש אָפּ די נאָז!... מען דאַרף אים כאַטש אויסטאָן די שיך. ער איז אַזוי פֿאַרמאַטערט, נעבעך.

זיי האָבן אים פֿאַרזיכטיק אויסגעטאָן די שיך און די זאָקן. אסתּר האָט געבראַכט די קאָלדרע פֿון דער מאַמעס בעט און האָט געפֿונען, אַז חיה טוט אים אויס דאָס רעקל. זי האָט אים אַרויסגעצויגן די הענט פֿון די אַרבל, אַרויסגעשלעפּט פֿון אונטער אים דעם רעקל — ער האָט זיך איבערגעקערט אויף דער אַנדערער זײַט און איז ווײַטער געשלאָפֿן, גאָרנישט נישט פֿילנדיק און נישט וויסנדיק, באַטרונקען פֿון שלאָף. חיה האָט קרום אַ שמייכל געטאָן אין דער זײַט פֿון דער שוועסטער, וואָס איז געשטאַנען מיט דער קאָלדרע אין די הענט, און האָט אים גענומען אויסטאָן די הויזן.

— ניין, מען דאַרף נישט! — האָט זיך אויפֿגערעגט אסתּר. — לאָז מיך, איך וועל אים צודעקן!

נאָר זי האָט געטאָן דאָס איריקע. אסתּר האָט זי מיט כּעס אַ שטופּ געטאָן. די שוועסטער האָט זי אָנגעקוקט מיט דעם פֿריִערדיקע קרומען שמייכעלע:

— שטופּ זיך נישט... איך וועל בײַ דיר נישט אויסכאַפּן!

זי האָט אַ לאַך געטאָן מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם, שטילן געלעכטערל. אסתּר האָט זיך האַסטיק אָפּגעקערט מיטן קאָפּ צום פֿענצטער. דערנאָך איז זי, מיט דער זײַט, נישט קוקנדיק, פֿאַרשטעלנדיק זיך מיט דער קאָלדרע, צוגעגאַנגען צום בעט און האָט אים צוגעדעקט, און גלײַך נאָך חיהן אַרויס־געלאָפֿן פֿון צימער.

זיי זענען אויפֿגעשטאַנען זייער פֿרי. פֿונק האָט געדענקט, אַז ער האָט צוגעזאָגט מיטן טאָג זײַן בײַם קאָלאָראַסי. וואָס איז געווען די אײַלעניש האָט ער נישט געוואוסט. נאָר ער האָט אַזוי צוגעזאָגט די מענטשן, וועלכע האָבן אים באַפֿרײַט אויף איבערנאַכט — מענטשן, וועלכע קענען אים נישט און האָבן אים דאָך גענומען אויף זייער אַחריות און גאַראַנטירט פֿאַר אים — און האָט געוואָלט האַלטן וואָרט. ער איז אַוועק פֿול מיט האָפֿנונג אויף אויסלייזונג און מיט אַ באַשלוס אין האַרצן צו אַרבעטן און שפּאָרן, צו אַרבעטן אָן אַן אויפֿהער און שפּאָרן און אויסצאָלן דעם חובֿ די שוועסטער, וואָס האָבן אים געזאָגט, אַז זיי קריגן דאָס געלט פֿון דעם טאַטנס אַן אַלטן פֿרײַנט, און מיט אַ צווייטן פֿעסטן באַשלוס וועגן אַ צווייטן חובֿ — דעם חובֿ צו אסתּרן.

ער איז געווען פֿון די ערשטע צוריק צו קומען. עס איז געווען אַ קילער פֿרימאָרגן. אַ קאַלטער ווינט האָט געיאָגט די צעריסענע, ווײַסע וואָלקנס אויפֿן הימל און אויפֿגעדעקט צווישן זיי גרויסע פֿלעקן פֿון טיפֿער און געדיכטער בלוי. אויף דער קויטיקער ווערענדע פֿונעם רעקרוטן־ביוראָ האָבן זיך אַן אַ ציל אַרומגעדרייט נאָך עטלעכע יונגעלײַט, וואָס זענען געקומען

אַזוי פרי ווי ער. ביסלעכווײַז זענען אויך אַנדערע געקומען. מען איז אַרומ־געגאַנגען אַהין און אַהער, נישט וויסנדיק ווי צו דערוואַרעמען זיך. פונק האָט חרטה געהאַט אויף זײַן נאַרישער אײַלעניש. אַרויף אויף דער וועראַנדע האָט מען געלאָזן יעדערן, צוריק — קיינעם נישט. אויף די טרעפ איז געשטאַנען אַ וואַך־סאָלדאַט און געהיט דעם וועג אַראָפּ.

עס איז אַריבער אַ שעה און נאָך אַ שעה. געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן אויסגעקוקט פון דער ווייטנס, אָדער צוגעשיקט ווען פון זייערע פרײַנט, און נישט געאײַלט זיך אַרײַנגיין. פון דעסט וועגן, איז כּסדר געוואָרן מער עולם. אַזייגער נײַן איז שוין די וועראַנדע ווידער געווען פול מיט אַ טומלדיקן און זשומעדיקן המון, אַזוי ווי אייערנעכטן, ווען מען האָט זיי צום ערשטן מאָל צוזאַמענגעבראַכט.

עס איז אַריבער נאָך אַ שטיק צײַט. איינצלנע האָבן זיך אָפּגעטיילט פונעם עולם, זענען אַרײַן אין דער טיר לינקס, צום קאַלאַראַסי אין ביוראָ, און זענען שפּעטער אַרויסגעקומען מיט אַ פּאַפּירל אין האַנט, וואָס אין זכות פון דעם פּאַפּירל האָט זיי דער סאָלדאַט אויף די טרעפּ דורכגעלאָזן און זיי זענען אײַלנדיק פאַרשוואונדן בײַם דריי פונעם געסל. דאָס זענען געווען די, וואָס האָבן שוין געהאַט דאָס געלט אין קעשענע און האָבן זיך געקאָנט גלײַך אויסקויפן. די איבעריקע האָבן אומגעדולדיק געוואַרט. אַצינד האָט מען שוין געוואוסט, אַז באַלד וועט זײַן אַ דאָקטאָר־עקזאַמען וועגן דעם געזונט פון די רעקרוטן. מאיר פונק האָט אַלע ווײַלע אַרויסגעקוקט צו דעם שמאָלן געסל, רעכטס, פון וואַנען אסתּר דאַרף קומען מיטן געלט — אויב זי וועט קומען. אַלע ווײַלע זענען געקומען קרובים צו די געפאַנגענע און האָבן זיי איבערגעגעבן פּעקלעך מיט פּאַפּירלעך, און דער, וואָס האָט דאָס באַקומען, איז גלײַך אַן אויפגערעגטער געלאָפן אין ביוראָ אַרײַן אום צו געבן זײַן גאָב. דער המון איז מיט יעדער מינוט געוואָרן שיטערער און דאָס אויסזען פון די געבליבענע איז געווען אָרעם און דערשלאָגן. מען האָט אָנגעהויבן רופן צום עקזאַמען, און צו אים, פונקן, איז נאָך אַלץ קיינער נישט געקומען. זײַן פריִערדיקע האָפנונג איז געוואָרן בלאַסער. ער איז אַלץ מער און מער באַוועלטיקט געוואָרן פון אַ געפיל פון פאַרלאָזנקייט — צווישן דעם הויפן פאַרלאָזענע מענטשן, וואָס די שטאָט האָט איבערגעלאָזן אין די הענט פונעם טערק.

מען האָט אָנגעהויבן רופן צום דאָקטאָר־עקזאַמען. צו צוויי, צו דרײַ האָט מען אַרײַנגערופן. מאיר פונק איז דאָס מאָל געווען צווישן די ערשטע. ער איז אַרײַן אין אַ טונקעלן דורכגאַנג. די טיר רעכטס איז געווען צום עקזאַמען־צימער. אַ פירקאַנטיקער צימער מיט נאַקעטע ווענט, אין מיטן אַ נאַקעטער, הילצערנער טיש, בײַ דער וואַנט — אַ שטול, בײַם פענצטער — צוויי טערקישע דאָקטוירים אין אָפיצירן־קליידער און פעסן. פונקן האָט אָנגעכאַפּט אַ חשק גיכער צו פטרן די פאַלשע צערעמאָניע פון דאָקטאָר־

עקזאַמען. עס איז געווען גוט באַקאַנט, אַז אויסער גאָר גרויסע קאַליקעס, וואָס מען דאַרף נישט זײַן קיין דאָקטאָר צו זען, אַז זיי טויגן נישט, נעמט מען אַלעמען צו. קיין אינעווייניקסטע קראַנקהייטן רעכענען זיך נישט פֿאַר קראַנקהייטן בײַם טערקישן דאָקטאָר, סײַדן דער קראַנקער שמועסט זיך דורך מיטן דאָקטאָר באַצײַטנס, בײַ אים אין דער היים. נאָר דאַן דאַרף דער קראַנקער גאָר קיין קראַנקער נישט זײַן. עס זענען שוין געווען אין שטאָט אַ פּאָר ייִדעלעך, וואָס האָבן אײַנגעשטעלט אַ פֿעסטע פֿאַרבינדונג צווישן די עקזאַמען־דאָקטוירים און די עקזאַמינירטע, וואָס דאַרפֿן קריגן אַ קראַנקן־צעטל. איינער פֿון אַזעלכע פּאַציענטן איז שוין געזעסן אין צימער. דאָס איז געווען אַ געזונטער יונג מיט רויטע באַקן און אַ לאַנגער רויטער נאָז מיט אַ ברייטער ברוסט און געזעצטע פּלייצעס, אַ זעלטן בילד פֿון קערפּערלעכער געזונטקייט און כּוח. דער יונג איז געזעסן אויפֿן פֿענצטער און האָט זיך אײַנ־געהאַלטן פֿון צו עטעמען. פֿונעם לאַנגען אײַנהאַלטן זיך האָט זיך אים דאָס גאַנצע בלוט געוואָרפֿן אין קאָפּ. זײַן פּנים איז ביזן האַלז געווען פֿאַרפּלייצט מיט אַ געדיכטער רויטקייט. ווען די דאָקטוירים האָבן אים צוגערופֿן איז ער מיט גרויס מי אַראָפּ פֿון פֿענצטער און צוגעגאַנגען מיט נישט זיכערע טריט. עס איז געווען צו קלאָר, אַז ער קאָן זיך גאָר נישט האַלטן אויף די פֿיס. מען האָט אים געגעבן אַ שטול צום זעצן זיך.

— וואָס איז דיר? — האָט געפֿרעגט דער יונגערער דאָקטאָר.

— דאָס האַרץ... — האָט מיט אַ שוואַכן, גאָר שטילן קול געענטפֿערט דער געפֿרעגטער.

פֿונק האָט געקוקט ערנסט, אָבער אינעווייניק איז ער צעגאַנגען געוואָרן פֿאַר געלעכטער. אָט דער חבֿרהמאַן איז אייערנעכטן בײַ נאַכט געווען פֿון די ערשטע מאַכערס בײַם טויער פֿון „שעיך לר־לו״, זײַן קול האָט זיך אַן אויפֿהער אַרומגעטראָגן איבערן גאַנצן הויף, און זײַן לויפֿן אַהין און אַהער וועגן זײַנע אייגענע און פֿרעמדע עסקים האָט גאָר קיין שיער נישט געהאַט.

די דאָקטוירים האָבן זיך מיט ערנסטע פּנימער איבערגערעדט צווישן זיך אויף טערקיש. דער עקזאַמינירטער איז געזעסן אויפֿן שטול אָן באַוועגונג און האָט זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן אײַנגעהאַלטן פֿון צו עטעמען. מען האָט אים געפֿרעגט וואו דאָס האַרץ טוט אים ווײ. ער האָט מיט אַ ציטערנדיקער האַנט אַ טײַטל געטאָן זיך אין ברוסט אַרײַן. דער יונגערער דאָקטאָר האָט אים אויסגעהערט די ברוסט. די צוויי דאָקטוירים האָבן זיך ווידער איבער־גערעדט אויף טערקיש, שטיל און ערנסט, ווי בײַם בעט פֿון אַ שווער קראַנקן. צולעצט האָט מען אים אָפּגעלאָזן און ער איז אַרויס מיט שטרויכ־לענדיקע שריט מיט דער הילף פֿון איינעם פֿון די סאָלדאַטן. ער האָט געקראָגן פֿרײַ אויף פֿיר חדשים.

דער צווייטער נאָך אים האָט געהאַט אַ געלעמטע האַנט. די דאָקטוירים האָבן לאַנג געטאַפּט זײַן האַנט — זי איז געווען באמת געלעמט, דאַר, פֿאַר־טרוקנט. זיי האָבן אים צוגעפֿירט צום פֿענצטער, אײַנגעקוקט בײַם ליכט פֿון טאָג, נאָכגעפֿרעגט זיך ווי לאַנג דאָס איז בײַ אים און פֿון וואַנען עס האָט זיך גענומען. דאַן האָט דער עלטערער דאָקטאָר אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס — וואָס קאָן מען העלפֿן? און מען האָט אים געגעבן פֿרײַ אויף צוויי חדשים.

נאָך אים האָט מונטער צוגעהונקען אַ הינקעדיקער. ער האָט געהאַט אַ קורצן פֿוס פֿון געבורט און האָט גאָרנישט מורא געהאַט פֿאַרן מעדיציניש עקזאַמען. די דאָקטוירים האָבן באַקומען בייזע פּנימער. באַפֿרײַען איינעם נאָכן אַנדערן דרײַ מענטשן — דאָס קאָן אויפֿוועקן אַ חשד בײַם קאָלאָנעל. ער האָט פֿײַנט ווען מען באַפֿרײַט. זיי האָבן געפֿרעגט בײַם הינקעדיקן אירענישע שאלות, זיי האָבן אים געפּרואווט אויסצ׳ען דעם קורצן און קרומען פֿוס — ביז ער האָט אָנגעהויבן צו שרײַען. מען האָט אויך דאָ גאָרנישט נישט געקאָנט מאַכן. מען האָט אים אויך געגעבן פֿרײַ אויף צוויי חדשים, ווײַזט אויס מיט דער האָפֿנונג, אַז פֿאַר דער צײַט וועט זײַן פֿוס אונטערוואַקסן.

— נו, ווײַטער! — האָט כמורנע געזאָגט דער עלטערער דאָקטאָר צום טשאַוויש, וואָס איז געווען פֿאַר אַן אונטערפֿירער.

דער טשאַוויש האָט אַ שטופּ געטאָן פֿונקן. מען האָט פֿאַרשריבן זײַן נאָמען.

— ביסט געזונט? — האָט געפֿרעגט דער יונגערער דאָקטאָר.

— יאָ, איך בין געזונט, — האָט געענטפֿערט פֿונק.

די פּנימער פֿון ביידע דאָקטוירים זענען געוואָרן ליכטיקער. דער יונגער האָט געקוקט אויפֿן סטאַליער גאָר פֿרײַנטלעך.

— נו, גיי!

זיי האָבן אים גאָרנישט באַטראַכט. זיי האָבן אים געגלויבט אויפֿן וואָרט.

ווען ער איז אַרויס צוריק אויף דער וועראַנדע האָט ער גלײַך דערזען אסתּרן. זי איז ענדלעך געקומען און האָט געבראַכט דאָס אויסלייז־געלט. זי איז גרינג אַרויפֿגעלאָפֿן די טרעפּ, און זיי זענען צוזאַמען אַריין צום קאָלאָנעל.

דעם קאָלאָנעלס צימער איז געווען געראַמיק און ליכטיק. אַלע פֿענצטער צו דער זון־זײַט. ער איז געזעסן בײַ אַ טיש מיט פּאַפּירן. בײַ אַ צווייטן טיש איז געזעסן זײַן שרײַבער, אַן אַראַבער אין אַ פֿעס. ער אַליין האָט געטראָגן אַ קײַלעכדיקן, קאַווקאַזישן, שאַפֿענעם היטל און אַ גרויען אָפֿיצירן־מאַנטל. ער האָט פֿרײַנטלעך אַ שמייכל געטאָן צו אסתּרן, וועלכע איז געקומען אָנגעטאָן אין איר הוט און יום טובֿדיקן שוואַרצן זשאַקעט, וואָס איז אַזוי גוט אויף איר געזעסן און זי האָט אויסגעזען ווי אַ יונגע דאַמע. ער האָט געזאָגט צו איר אויף רוסיש: „סאַדיטעס״. פֿונק האָט איר פֿאַרטײַטשט, אַז דאָס מיינט זעצן זיך. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט. ער איז געבליבן שטיין לעבן איר. צווישן

דעם עולם האָבן שוין אַלע געוואוסט, אַז דער קאַלאַראַסי קען רוסיש. מען האָט דערציילט, אַז ער איז אַ געשמדטער אַרמענער פֿון קאַווקאַז, וואָס האָט זיך איבערגעשמדט אויף אַ מוסולמענער. מיט דעם טאַקע האָט מען דערקלערט, וואָס ער איז אַזוי בייז און אַכזריותדיק, און נעמט נישט קיין כּאַבאַר — אַ משומד מוז זײַן אַ כּלב — ער וויל באַווײַזן זײַן געטרײַקייט צום נײַעם בעל הבית. ער האָט גערן גערעדט רוסיש — די איינציקע אייראָפּעיִשע שפּראַך, וואָס ער האָט געקענט.

ער האָט ווײַטער געקוקט אין די פּאַפּירן אויפֿן טיש און עפּעס געשריבן. אין טיר האָט זיך אַרײַנגערוקט און שרעקעדיק געבליבן שטיין בײַם שוועל אַ ייִד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, מיט לאַנגע, אויף אַ ירושלימדיקן אופֿן קונציק־פֿאַרדרייטע פּאות. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס שוואַרצע, סמושקענע היטל און געבליבן אין זײַן ווײַסער יאַרמולקע.

— וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, — האָט ער אָנגעהויבן מיט הכנעה אין אַ צעבראָכענעם רוסיש — אַ שפּראַך, וואָס ער האָט שוין נישט געברויכט שוין מסתּמא אַ וואָסערע צוואַנציק אָדער דרײַסיק יאָר.

— וואָס ווילסטו? — האָט געפֿרעגט שטרענג דער קאַלאַראַסי.

דער ייִד האָט מיט אַ סך פֿאַרבויגונגען און בוקענישן דערקלערט זײַן „בלאַגאָראָדיע״, אַז צווישן די רעקרוטן זענען פֿאַראַן די און די, וואָס זענען רבנים אין די און די בתּי מדרשים און דאַרפֿן לויטן געזעץ באַפֿרײַט ווערן פֿון מיליטער־דינסט.

דער קאַלאַראַסי איז ווײַזט אויס געווען גוט אויפֿגעלייגט, אָדער ער האָט פֿאַר דער דאַמע געוואָלט באַווײַזן זײַנע גוטע מאַניערן. ער האָט דעם ייִדן אויפֿגעקלערט מיט אַן אומגעריכטער געדולדיקייט, אַז ער האָט שוין אַ צעטל פֿון דרײַ הונדערט און זעכציק רבנים, דיינים, חזנים און אַנדערע כּלי־קודש. ער איז אַרײַן אין טעם און האָט גערעדט ווי אַ שׂררה, וואָס גיט צו פֿאַרשטיין דעם נאַרישן פּראָסטן פֿאָלק די גערעכטיקייט פֿון דער רעגירונג.

— אין דער סינאַגאָגע, — האָט ער געזאָגט — דאַרף זײַן איין „פּעוועטשי״, קאַנטאָר אויף אייער לשון, איין „סלוזשקאַ״ (שמש) און איין „ראַווין״ (רבֿ). וויפֿיל סינאַגאָגעס האָט איר דאָ אין שטאָט? לאָמיר זאָגן דרײַסיק... וואָס, מער ווי דרײַסיק? — האָט ער זיך אַ דריי געטאָן צו פֿונקן.

— איך ווייס נישט, — האָט געענטפֿערט פֿונק, און האָט אַ קלער געטאָן דערבײַ, אַז אפֿשר איז קיין דרײַסיק אויך נישטאָ.

— דרײַסיק, — האָט ווײַטער גערעדט דער קאַלאַראַסי, — און אָט האָב איך שוין אַ צעטל פֿון דרײַ הונדערט און זעכציק מענטשן. האַ, ווי קומט דאָס? דו באַרעכן מיט דײַן אייגענעם קאָפּ, — האָט ער זיך ווידער אַ קער געטאָן צום ייִדן: דרײַ מאָל דרײַסיק איז וויפֿל? נײַנציק? נו, איז נײַנציק וועל איך באַפֿרײַען, און מער נישט... איך בין אַ „זאַקאָניק״, — האָט ער ווידער

געזאָגט צו פֿונקן. — אויף אַלץ איז דאָ אַ געזעץ, און ווי עס שטייט אין געזעץ אַזוי טו איך.

ער האָט ווײַטער געקוקט אין די פּאַפּירן, וואָס ליגן אים אויפֿן טיש. אסתּר איז געזעסן אויפֿן שטול, און פֿונק איז געשטאַנען לעבן איר. דער ייִד אין דער קאַפּאָטע מיט די פּאות איז געשטאַנען בײַם טיר. ער האָט גענומען ווינקען צו פֿונקן און אַ שושקע געטאָן צו אים:

— איר זענט דאָך מיט אים גוט, אײַך וועט ער הערן... זאָגט איר אים!

פֿונק האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

— ער וועט מיך הערן פּונקט אַזוי ווי אײַך.

דער קאַלאַראַסי האָט דערהערט זייער שושקען זיך און האָט אויפֿגעהויבן די אויגן פֿון די פּאַפּירן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָנגעצונדן:

— וואָס? דו ביסט נאָך אַלץ דאָ? — האָט ער אַ דונער געטאָן צום ייִדן, — אַרויס! עלי, וואַרף אים אַרויס פֿון דאַנען!

דער ייִד איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן הינטערן טיר.

— מיט זיי קאָן מען נישט אַנדערש, — האָט דער קאַלאַראַסי געזאָגט צו אסתּרן, קוקנדיק אויף איר מיט פֿרײַנטלעכע אויגן. — וואָס, זי רעדט נישט קיין רוסיש? — האָט ער געפֿרעגט בײַ פֿונקן, זעענדיק, אַז אסתּר קוקט אויף אים מיט גרויסע אויגן און שווײַגט.

— ניין, זי איז אַ הי־געבוירענע, — האָט געענטפֿערט פֿונק.

דער קאַלאַראַסי האָט געהייסן דעם שרײַבער צונעמען בײַ פֿונקן דאָס געלט און אַרויסגעבן אַ צעטל.

# 13

ווען זיי זענען אַרויס אין גאַס האָט זיך דער סטאָליער האַלב אָפּגעשטעלט:

— נו, וואו וועלן מיר איצטער גיין... אסתּרקע?

ער האָט געוואָלט גיין מיט איר ווײַט אַרויס פֿון שטאָט, און דאָרט ערגעץ אין אַ שטילן פֿעלזן־נעסט, אין שויס פֿון אַן אַלטן שטיינערנעם באַרג, פֿאַר־באָרגן פֿון אַ פֿרעמד אויג, נעמען זי פֿאַר די הענט און קוקן איר אין די אויגן, און אַרויסזאָגן איר דעמאָלט דאָס אַלץ, וועגן וואָס ער האָט איבערגעטראַכט אין די פֿאַרלאָפֿענע צוויי טעג און נעכט. זי מוז וויסן, אַז ער פֿילט טיף דעם חובֿ, וואָס ער איז איר שולדיק, און אַז ער האָט שוין אָנגענומען אַ באַשלוס — אַ פֿעסטן באַשלוס, און אַז איצטער ווענדט זיך אַלץ אין איר, נאָר אין איר.

אסתּר אָבער איז געווען פֿול מיט גליק איבער זײַן באַפֿרײַונג. עס זענען פֿאַר איר נישט געשטאַנען קיין שום פֿראַגן און זי האָט נישט געהאַט קיין באַדערפֿעניש אין אויפֿקלערונגען. זי האָט געהאַט אין זינען חיהן, וועלכע וואַרט אויף איר אין דער היים. זי האָט איר נישט געקאָנט לאָזן וואַרטן לענגער. זי האָט זיך געוואָלט טיילן מיט איר מיט איר פֿרייד, תּיכּף, אויפֿן שטעל. דעריבער האָט זי געזאָגט אָן שום ספֿקות:

— אַהיים!... חיה וואַרט אויף אונז!

— נו, אויב דו ווילסט... — האָט ער זיך אָפּגערופֿן נאָכגיביק. — איך האָב געמיינט מיר זאָלן גיין שפּאַצירן...

— מיר וועלן גיין דערנאָך שפּאַצירן... נאָך מיטאָג... חיה וויל דאָך אויך וויסן... זי איז אַ גוטע, חיה... איך האָב גאָר קיינמאָל נישט געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ גוטע זי איז!... ס'איז ריכטיק ווי דער טאַטע, עליו השלום, פֿלעגט זאָגן: נאָר ווען דיר איז שלעכט דערקענסטו ווער ס'איז דיר אַן אמתער גוטער פֿרײַנט... דו ווילסט דווקא איצטער גיין שפּאַצירן, זאָג, מאיר? — האָט זי אים אַרויפֿגעקוקט אין די אויגן אויך אַזוי נאָכגיביק ווי ער.

— ניין, ניין!... וואָס איז... מיר וועלן גיין שפּעטער.

ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז זיי דוצן זיך, און האָט נישט געוואוסט, אויב דאָס איז איצט ערשט געוואָרן, אָדער זיי האָבן שוין נעכטן און אייערנעכטן

אַזוי גערעדט. ער האָט צו דעם אַ שמייכל געטאָן צופרידן. דאָס איז געווען אַ שריט פאָרויס, וואָס איז געמאַכט געוואָרן נישט אויסגערעכנט, נישט באַטראַכט, און איז דעריבער געווען אַזוי גרינג און שיין.

— קום טאַקע אַהיים, אסתרקע, — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אויף איר מיט ליבנדיקע אויגן, געניסנדיק פון דער נייער און גרעסערער נאָענטקייט, וואָס האָט זיך אַצינד שוין אויף זיכער איינגעשטעלט צווישן זיי. — נאָך מיטאָג וועלן מיר גיין שפּאַצירן.

דאָס וואָס איז אים געלעגן אויפן האַרצן האָט אים אַלץ נישט געלאָזט רוען. שוין לעבן זייער שכונה האָט ער זיך ווײַטער געגעבן אַ שטעל אָפּ.

— וואָס איז, מאיר? — האָט זי אויף אים אַ קוק געטאָן פאַרוואונדערט.

ער האָט געקוקט פאַרבײַ איר און געשמייכלט מיט אַ בלאַסן, צעטראָגענעם שמייכל. זײַן פּנים האָט אויסגעזען שטאַרק אויסגעמאַטערט.

— איך מוז דיר זאָגן, אסתרקע... איך וויל דו זאָלסט וויסן... בײַ מיר איז שוין באַשלאָסן: דו האָסט מיך אויסגעקויפט פון סאָלדאַטן — איצטער וועל איך זײַן דײַן סאָלדאַט!... אויף שטענדיק שוין... אויב דו ווילסט... דו ווילסט?... זאָג, אסתר!

זי האָט צוערשט אַ הויב געטאָן אויף אים די אויגן דערשראָקן. דערנאָך, ווען זי האָט פאַרשטאַנען וועגן וואָס ער רעדט, האָט זי זיי אַראָפּגעלאָזן און איז שטאַרק רויט געוואָרן, און האָט אײַנגעשפּאַרט געקוקט זיך אונטער די פיס. עס איז געווען אַזוי פיל פאַר איר און ס'איז געקומען צו גיך. פריער, ווען זי האָט געטראַכט וועגן דעם, ווען זי איז נישט געשלאָפן קיין נעכט, און איז אויסגעגאַנגען אין שטילער בענקעניש און געראַנגלט זיך מיט אָנקומענדיקע און אָוועקגייענדיקע כוואַליעס פון שטורעמדיקע פאַרלאַנגען — פריער איז דאָס אַלעמאָל געווען און געבליבן אַזוי ווײַט, אַזוי ווײַט, אַזוי ווי אַ גאַנצע וועלט פון בערג און אָפּגרונטן וואָלט זיי פאַנאַנדער געטיילט. און הײַנט מיט אַ מאָל האָט זיך דאָס דערנענטערט — די בערג האָבן זיך אויסגעגלײַכט, די תהומות זענען פאַרשאָטן געוואָרן — אָנגעקומען פּלוצלינג אַזאַ שרעקלעכע נאָענטקייט — ווײַל ס'איז געווען נאָענט און שרעקלעך צוגלײַך... און חוץ דעם, ס'איז נאָך אַלץ געווען נישט קלאָר: „איר סאָלדאַט". ער רעדט אַזוי שיין. קיינער וואָלט אַזוי נישט געזאָגט. אָבער פאַרוואָס זאָגט ער נישט קיין קלאָרע ווערטער.

— קום, מאיר... חיה וואַרט אויף אונז, — האָט זי געמאַכט שטיל, נישט אויפהויבנדיק די אויגן פון דער ערד.

ער האָט נישט געוואוסט, אַז זײַן וואָרט איז נישט געווען גענוג קלאָר פאַר איר. ער האָט פאַרלאַנגט אַ תשובֿה.

— מיר וועלן זען, מאיר, — אירע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן. — קום איצטער!

דער גאַנצער פֿאַרמיטאָג איז אַריבער אין אַ טשאַד פֿון רעדן און לאַכן, און דערציילן און איבערשלאָגן איינע די אַנדערע. דערנאָך האָט זיך פּונק אַרומגעזען, אַז נאָך „שעיך לו־לו" איז אַ יושר צו גיין אין באָד אַרײַן. די שוועסטער האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן צוגיין געוואויר ווערן די מאַמע אין שפּיטאָל. עס איז איר געוואָרן בעסער. די פּיס זענען איר אָפּגעגאַנגען. זי הויבט שוין אָן עסן. נאָר זי איז נאָך זייער שוואַך און האָט נישט קיין טראָפּן בלוט אין פּנים. אויף שבת, אם ירצה השם, וועלן זיי זי נעמען אַהיים.

קומענדיק פֿון באָד האָט ער געטראָפֿן די שטוב פֿאַרשלאָסן — זיי זענען נאָך נישט געווען צוריק. ער האָט געפֿונען דעם שליסל, ווי געווײנלעך, אויבן אויף דער ראַם פֿון טיר. ער איז געווען צופֿרידן, וואָס ער האָט אַ מעגלעכקייט צו בלײַבן אַליין אַ ווײַלע. איצטער וועט ער קאָנען וועגן אַלץ איבערטראַכטן. ער האָט זיך געלייגט אויפֿן בעט בײַ זיך אין צימער. דורך די אויבערשטע שויבן פֿון פֿענצטער האָט ער געזען אַ בלויען פֿלעק הימל צווישן צוויי ווײַסע וואָלקן־שטיקער.

אסתּרקע... זי וועט געוויס מסכּים זײַן. נישט אין דעם איז די שווערקייט. נאָר וועגן דער חתונה — ווען זאָל זײַן די חתונה? און ווי חתונה האָבן: אין אַזאַ צײַט, מען ווייס נישט וואָס מאָרגן וועט זײַן... ווער האָט איצטער חתונה? און מיט וואָס? מען דאַרף מאַכן הוצאות און ביידע האָבן זיי גאַרנישט נישט, אויסער חובֿות... אָבער אָפּלייגן קאָן מען אויך נישט. איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל — ער וויל ענדיקן, ער וויל זיך פֿאַרבינדן, עס זאָל מער קיין ספֿקות נישט זײַן... ער וויל געבן איר באַלד דאָס וואָס ער קאָן איר געבן באַלד. גענוג האָט זי זיך געמאַטערט און איבערגעליטן איבער אים. ער האָט דען נישט געזען?... אָבער אויב אין צוויי חדשים אַרום וועלן זיי נישט האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן די צווייטע העלפֿט פֿונעם פּדיון און מען וועט אים צונעמען? זי וועט דאָך דעמאָלט זײַן נאָך מער אומגליקלעך... ער מוז מיט איר רעדן... ער מוז איר אַלץ זאָגן — זאָל זי אַליין באַשליסן!...

ער האָט געעפֿנט די אויגן און האַסטיק געזעצט זיך אויפֿן בעט. אין צימער איז געווען פֿינצטער. דורך דער אָפֿענער טיר האָט אַרײַנגעשײַנט דאָס ליכט פֿונעם אויל־לעמפּל. ביידע שוועסטער זענען לאַכעדיק געשטאַנען לעבן זײַן בעט.

— איך בין דאַכט זיך געשלאָפֿן? — האָט ער געזאָגט פֿאַרוואונדערט.

— אים דאַכט זיך!... אַ שעה דרײַ אַוודאי! — האָט אויסגערופֿן חיה מיט אַ קוויטש פֿון געלעכטער. — שוין אַ שעה ווי מיר זענען געקומען.

— קום, קום שוין! דאָס עסן ווערט קאַלט! — האָט איר איבערגעשלאָגן אסתּר.

— אים דאַכט זיך, אַז ער איז געשלאָפֿן! — האָט געלאַכט חיה.

נאָך וועטשערע האָט זיך חיה געקליבן אַוועקגיין. פֿונק האָט געהערט ווי די שוועסטער האָבן זיך איבערגערעדט אין צווייטן צימער. זיי האָבן גערעדט שטיל. ער האָט נישט געהערט קיין ווערטער, נאָר דעם קול. דאַן האָט אסתּר אויסגעשריִען, בעטנדיק, אַזוי ווי אין שרעק:

— חיה! לאָז מיך נישט אַליין אויף בײַנאַכט... חיה, דו ווייסט דאָך, אַז איך קאָן נישט זײַן אַליין!

און חיהס קול האָט געענטפֿערט מיט אַ מין שטעכעדיקייט:

— וועסט נישט זײַן אַליין!

ער האָט פֿאַרשטאַנען נאָר איין זאַך — אַז חיה גייט אַוועק און וועט נישט קומען נעכטיקן. ער און אסתּר — זיי וועלן זיין אַליין אין שטוב. און זי האָט נאָך געזאָגט: דו וועסט נישט זײַן אַליין... „זאָל זי נאָר אַוועקגיין... זאָל זי נאָר אַוועקגיין!...״ — האָט ער פֿאַר זיך געחזרט אין אַ שטילער אויפֿרעגונג. ער האָט נישט געקלערט, וואָס עס וועט זײַן נאָך דעם ווי חיה וועט אַוועקגיין. ער איז געווען פֿול מיט אומגעדולד, און דער אומגעדולד האָט זיך אויסגעגאָסן אַלץ אין די זעלבע ווערטער: זאָל זי נאָר אַוועקגיין!

אָבער ווי נאָר חיה איז אַוועקגעגאַנגען — האָט זיך אסתּר באַוויזן אין טיר און געזאָגט, נישט קוקנדיק אויף אים, מיט אַ מאָדנע פֿאַרשטיינערטן פּנים, אַז דער קאָפּ טוט איר וויי און זי גייט זיך לייגן שלאָפֿן. זי האָט פֿאַרמאַכט די טיר, און דאַן האָט ער נאָך געהערט, ווי זי האָט צוגעשטעלט אַ שטול הינטער דער טיר.

אַ, אַזוי גאָר! — האָט ער געזאָגט מיט כּעס, און איז אויך אַרײַן צו זיך, און פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

ער האָט גענומען אַ ביכל אין האַנט, אַ בלעטער געטאָן — עס האָט זיך נישט געלייענט. עס איז נאָך געווען גאַנץ פֿרי, אַ פֿערטל אויף נײַן. ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער — אַ פֿינצטערע נאַכט, ערטערווײַז זעט מען שטערן, ערטערווײַז איז פֿאַרוואָלקנט. ער איז אַרויס אויפֿן גאַס. ער איז דורכגעגאַנגען די שכונה אין דער לענג, ביזן אַפּטייקער, און האָט זיך אויסגעדרייט און אַרויס צוריק, פֿון דער אַנדערער זײַט, צו דאַבערמאַנס הויף. אויף דער ערד, בײַ איינעם פֿון די פֿענצטער פֿון די אונטערשטע קעלער־דירות, איז געלעגן אַ טונקעלע פֿיגור. די פֿיגור האָט גענומען אַוועקרוקן זיך פֿון פֿענצטער בײַ פֿונקס אָנקומען, און האָט זיך געשטעלט אויף די פֿיס.

— ווער איז דאָ? — האָט אַ געשריי געטאָן פֿונק.

— איך... דער כאַדזש.

— וואָס זשע טוסטו דאָ בײַם פֿענצטער?

— וואָס איז דײַן דאגה?... גיי, גיי!

— דו האָסט נישט צו קוקן אין די פֿענצטער!

— ווילסט איך זאָל דיך אָפּפירן אין פּאָליציי? — איז צו אים צו־געשפּרונגען דער נאַכט־וועכטער.

— קום, איך וועל דערציילן ווי דו קוקסט בײַ נאַכט אין די פענצטער!

זיי זענען געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן, מעסטנדיק זיך מיט די אויגן. דער כאַדזש איז געווען אַן אַלזשירער אַראַבער, שוין נישט קיין יונגער, אָבער אַ שטאַרקער און ווילדער אין זײַן כּעס. ער איז געווען הויך און פלאַטשיק־ברייט אין ברוסט, און שוואַרץ אין פּנים. זײַנע אויגן האָבן געגליט אין דער פינצטער. אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ קרומען וואָרצלדיקן שטעקן. מאיר פונק איז געווען העכער פאַר אים. ער האָט געהאַט ברייטע אויסגעאַרבעטע הענט פון אַ סטאָליער, וואָס ווען זיי האָבן זיך צוזאַמענגעקוועטשט אין קולאַקעס זענען זיי געווען שווער און האַרט, ווי צוויי גוטע האַמערס.

— קום אין פּאָליציי אַרײַן! — האָט געזאָגט נאָך אַ מאָל פונק.

נאָר זײַן פעסטער שטעל, אַזאַ אומגעוויינלעכער פאַר אַ ייִדן אין דער שכונה, בײַ נאַכט אַליין אין אַ וויסטן ווינקל, האָט פאַרקלענערט און אָפּ־געשוואַכט דעם אַפריקאַנערס לוסט צו שלאָגן זיך. ער איז געוואָרן אומזיכער, ווי אַ הונט, וואָס האָט זיך בילנדיק געוואָרפן נאָך אַ פאַרבײַגייער, און יענער האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס צו אים מיטן פּנים. דער כאַדזש האָט קווענק־לענדיק געמאַכט אַ שפּאַן צוריק און איז מיט אַ ברומען און זידלען אָפּגעטרעטן אין דער פינצטערניש.

פונק איז געגאַנגען ווײַטער, צונויפקוועטשנדיק די הענט אין קולאַקעס, אויפגערעגט איבער דעם קליינעם צופאַל, וואָס האָט זיך געקאָנט אויסלאָזן מיט צעבלוטיקונג.

ער איז געגאַנגען מיטן וועג, מיט וועלכן ר׳ זלמן איז אַמאָל אַוועק, ווען ער האָט מיט קללות און חרמות און אַ פאַרוויסטונג אין האַרצן אויף אייביק פאַרלאָזן זײַן היים. די נאַכט איז דאָס מאָל נישט געווען אַזוי קאַלט און ווינטיק, אָבער זי איז געווען פינצטער. פונק האָט שאַרף געזען אסתּרס פאַרשטיינערט פּנים מיט די אַנטלויפנדיקע פון אים אויגן, די טיר, וואָס האָט זיך פאַרמאַכט, און האָט געהערט דעם שטילן רוק פון אַ בענקל הינטער דער טיר. איר נישט טרויען האָט אים באַליידיקט. ער האָט זיך געזאָגט, אַז איצטער וועט ער נישט קוקן אויף איר און נישט רעדן צו איר ביז זי וועט אַליין נישט קומען צו אים צו לויפן. און דעמאָלט וועט ער איר נאָך דערמאָנען דעם הײַנטיקן רוק מיטן בענקל!... ער האָט געשפּאַנט גיך, שטאַרק, הילכיק קלאַפּנדיק מיט די האַרטע פּאַדעשוועס אינעם האַרטן באָדן. אין די ווינקלעך פון די גאַסן האָבן זיך אים אויפגעשטעלט אַנטקעגן די שוואַרצע געשטאַלטן פון די כאַדזשעס, די צפון־אַפריקאַנישע נאַכט־וועכטער. זיי האָבן געפּײַפט נאָך פון דער ווײַטנס מיט זייערע שיטער־פּיפסנדיקע פּײַפלעך, מיינענדיק,

אַז דאָס קומט אַ פּאָליציימאַן און איילנדיק זיך צו באַווײַזן, אַז זיי שלאָפֿן נישט.

מען האָט שוין דעמאָלט געמעגט אַרומגיין ביז עלף בײַ נאַכט. אָבער פֿילע אײַנוואוינער פֿון שטאָט האָבן אַפֿילו בײַ טאָג געזען וואָס ווייניקער צו ווײַזן זיך אין די גאַסן — מכל שכן בײַ נאַכט. און דערצו איז נישט געווען מיט וואָס צו באַלײַכטן די הײַזער, נאַפֿט און ליכט און אויל — אַלץ האָט געקאָסט זייער טײַער. ס'איז געווען פּשוט אַ ריווח צו גיין שלאָפֿן פֿאַר פֿרי.

די פֿײַפֿערײַען פֿון די כאַדזשעס האָבן געיאָגט פֿונקן צוריק אַהיים. אויפֿן גאַס איז געווען וויסט און אומעטיק און אומרויִק. און דאָך האָט ער זיך נאָך און נאָך אַרומגעדרייט און כּסדר אָפּגעלייגט דעם צוריקקער. אינעווייניק, אונטער אַלץ, האָט אין אים געזאָדן אַ לויזע, גאָר לויזע אויפֿרעגונג. ער האָט געוואוסט — נישט מיטן מוח, אָן צו טראַכטן וועגן דעם — האָט ער געוואוסט, אַז דאָס צורוקן דאָס בענקל האָט קיין ווערדע נישט, און דאָך האָט ער נישט געוואַגט גיין צוריק אַהיים: איצטער האָט ער אויך נישט געטרויט זיך און האָט רחמנות געהאַט אויף איר שפּעטער, און ער האָט בײַ זיך געפֿרעגט, וואָס וועט זײַן אין צוויי חדשים אַרום, ווען ער וועט נישט האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן די צווייטע העלפֿט פֿונעם אויסלייז־געלט, און מען וועט אים צונעמען פֿאַר אַ סאָלדאַט — וואָס וועט דעמאָלט זײַן מיט איר?

דער זייגער האָט זיך דערנענטערט צו עלף — מען האָט מער נישט געטאָרט בלײַבן אויפֿן גאַס. ער איז אַרײַן אין שטוב. ד אָ ר ט ן איז געווען שטיל, און ער איז אויך שטיל און אײַלנדיק דורכגעגאַנגען צו זיך. אין בעט האָט ער ווידער, און מיט אַ נײַעם אָנלויף פֿון רחמנות, געקלערט פֿון אסתרן. זי איז נאָך אַזוי יונג און נישט געפּרוווט פֿון לעבן. אמת, זי איז נישט יונגער פֿאַר אים, נאָר עלטער מיט אַ יאָר: ער איז אַלט איין און צוואַנציק יאָר, און זי צוויי און צוואַנציק. אָבער ער איז שוין דורכגעפֿאָרן לענדער, ער האָט פֿון פֿופֿצן יאָר אָן געלעבט אַליין, זעלבשטענדיק, מיט דער מי פֿון זײַנע הענט און מיטן געדאַנק פֿון זײַן מוח. און זי איז אויסגעוואַקסן אין שויס פֿון אַ גרויסער און שטאַרק געבונדענער משפּחה, און איז נישט אַרויס פֿון דער היים, נאָר די היים אַליין האָט גענומען צעפּאַלן ווערן אַרום איר, איין וואַנט נאָך דער אַנדערער, אײַנגעוואַלגערט אונטער דעם שווערן, אַלץ צעשטערנדיקן טראָט פֿון דער גרויסער, אומגעלומפּערט־אַכזריותדיקער און אומגעלומפּערט־אומבאַהאָלפֿענער בריאה, וואָס רופֿט זיך „טערק". אמת, נישט זי אַליין האָט געליטן. אַלע משפּחות אין שטאָט, אין גאַנצן לאַנד, ווערן צעשטערט און חרוב. נאָר וואָס איז איר גרינגער פֿון דעם? דער טאַטע אירער איז אומגעקומען בײַ זיי אין די הענט. ער איז געווען אַ געזונטער שטאַם־בוים. מען האָט אים אויסגעריסן מיטן וואָרצל, און אַלע יונגע ביימלעך אַרום אים האָבן זיך אַ בויג געטאָן. און דער אַלטער בוים, ר' זלמן, האָט זיך גאָר אויסגעקרומט. די מאַמע איז קראַנק, אין שפּיטאָל. דער זיידע איז אַוועק פֿון זיי. לייזער איז

אַ דעזערטיר, קומט נישט מער אַהיים, לעבט אין איין שרעק מען זאָל אים נישט כאַפּן. חיה... פֿון וואַנען איז דאָס געלט, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעקויפֿט? פֿאַרוואָס זאָגן זיי אים נישט גלייך? אויב עס איז פֿון חיהן אַפֿילו... איז אויך פֿאַרשטייט ער נישט: ווער וועט איר געבן אַזוי פֿיל געלט פֿאַר אַ מאָל? זאָל זײַן אמת, אַז זי האָט צו טאָן מיט אַ רײַכן עפּעני? אָבער אויך דאַן איז שווער צו גלויבן, אַז ער זאָל איר געבן אַזאַ סומע געלט. און ער, פֿונק, איז אויסגעקויפֿט מיטן געלט, וואָס איז געקומען מיט אַזאַ וועג... און זי, חיה, איז פּשוט אַ נפֿקא... און אַז זי איז? זאָל ער זי משפּטן? ער, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ לעמעלע, און צוגעזען, ווי דער קאָלאַראַסי בריקעט אין בויך פֿון די פּעלאַכטעס, ווי די סאָלדאַטן און פּאָליציי־לײַט שלאָגן איבער די נאַקעטע פּיס די געבונדענע געפֿאַנגענע? ער, וואָס האָט נישט געוואַגט צו פּרוּוון אַנטלויפֿן פֿון געפֿענגעניש אויס מורא פֿאַר קלעפּ? ער, וואָס האָט שווײַגנדיק אַריבערגעטראָגן די גראָבע שטויסן און זידלערײַען פֿון די סאָלדאַטן אויס מורא פֿאַר זײַן פֿעל, פֿאַר זײַן לעבן? און פֿון איר וועט ער פֿאַרלאַנגען, אַז זי זאָל נישט פֿאַרקויפֿן איר לײַב, ווען דער הונגער־טויט שטייט אויפֿן שוועל, ווען דער טאַטע איז טויט, ווען די מאַמע איז קראַנק, פֿאַרהונגערט, ווען די גאַנצע משפּחה גייט אויס פֿון טאָג צו טאָג? אפֿשר איז דאָס אַ חסרון פֿאַרן שידוך, וואָס די כּלה האָט אַזאַ שוועסטער? כע־כע!... אסתּרקע! אפֿשר קומען אויך דיר אַזעלכע געדאַנקען וועגן אים, אַז ער קאָן קלערן אַזוי? ניין, אסתּרקע! ער וועט דיך נישט פֿאַרלאָזן — אַצינד שוין אַוודאי נישט... און דאָס געלט — ער וועט אַרבעטן און אויסצאָלן. נאָר אויב מען וועט אים צונעמען... פֿאַרוואָס איז דײַן מזל אַזאַ פֿינצטערער, אַז ווען דײַן היים איז צעפֿאַלן געוואָרן און דו האָט געזוכט אַ נײַע אָנלענונג, האָסטו אויסגעקליבן אַזאַ נישט זיכערן, אַזאַ שטרויכלענדיקן, ווי ער איצטער?... אסתּרקע, דו ביסט נאָך אַזוי יונג, אַזאַ קינד — און דו האָסט שוין געהאַט אַזוי פֿיל צרות, און דו וועסט האָבן נאָך און נאָך...

אפֿשר איז ער אַנדרימלט געוואָרן אינעם דריי פֿון די געדאַנקען, וואָס האָבן צעוויקט זײַן האַרץ און פֿאַרקוועטשט דעם גאַרגל. זײַן דרעמלען איז געווען גרינג און וואַכיק. אים האָט אויפֿגעוועקט אַ סקריפּע פֿון דער טיר.

— ווער איז דאָרטן? — האָט ער אַ געשריי געטאָן, געבנדיק אַ שפּרונג אונטער אויפֿן בעט.

קיין ענטפֿער איז נישט געווען. אים האָט געדאַכט, אַז ער האָט געהערט טריט פֿון באָרוועסע פֿיס, וואָס זענען שטיל און אײַלנדיק אַוועק פֿון זײַן טיר. ער איז אויפֿגעשטאַנען מיט אַ מאָדנעם שמייכל אויפֿן פּנים — אַ שמייכל פֿון אַ מענטשן, וועלכער גייט טאָן דאָס, וואָס ער האָט נישט געדאַרפֿט טאָן, און וויל נישט קוקן זיך אין די אויגן, און וויל נישט קלערן דעריבער, און פֿון דעסט וועגן גייט ער און טוט דאָס. ער האָט אָנגעצונדן אַ ליכט און אָנגעטאָן אויף זיך דעם מאַנטל, און אַרויס אין צווייטן צימער.

— ווער איז דאָ אומגעגאַנגען ? — האָט ער געפֿרעגט מיט אַ בכּיוונדיק־הויכן קול, קוקנדיק אין די ווינקלעך און שוין אויף צו־פֿריִער באַמערקנדיק, אַז די טיר אין אסתּרס שלאָפֿצימער איז נישט גאָר פֿאַרמאַכט, נישט אַזוי ווי ווען ער איז געגאַנגען שלאָפֿן. — אסתּר, דו האָסט נישט געהערט, אַז מען איז דאָ אומגעגאַנגען ?

ער האָט אַרײַנגעקוקט צו איר אין צימער. ער איז, נישט אײַלנדיק, אַרײַן אינעווייניק. עפּעס האָט אים געשטופּט אָפּציִען, בעמען זיך צײַט — אַלץ איז געווען אַזוי זיכער און באַוואָרנט. אסתּר איז געלעגן מיטן קאָפּ איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע, אָן אַ וואָרט און אָן אַ ריר, שלאָפֿנדיק אָדער וואַרטנדיק — מען האָט נישט געקאָנט וויסן. נאָר ער איז געגאַנגען מיט אַ מין נישט־טראַכטנדיקער זיכערקייט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואוסט אויף געוויס. ער האָט ווײַטער פֿאַרלענגערט די רגע, וואָס האָט געמוזט קומען. ער האָט אַוועק־געשטעלט די ליכט אויפֿן קאָמאָד און געקוקט, ווי זוכנדיק עמיצן, אונטערן בעט בײַ מענען, דערנאָך בײַ אסתּרן.

— אסתּר ! — האָט ער געזאָגט, שטעלנדיק זיך איר צוקאָפּנס און אויף זײַן פּנים האָט אַלץ אַרומגעבלאָנדזשעט יענער קרומער שמייכל.

זי האָט זיך נישט אָפּגערופֿן. אין קאָפּ האָבן אים אַ זעץ געטאָן חיהס ווערטער, וואָס זי האָט געזאָגט צו דער שוועסטער פֿאַרן אַוועקגאַנג : „דו וועסט נישט בלײַבן אַליין !" ער האָט איר געוואָלט אויפֿדעקן דאָס פּנים, די קאָלדרע האָט זיך נישט געלאָזן. דאַן האָט ער פֿאַרלאָשן דאָס ליכט און אַ ריס געטאָן פֿון איר די קאָלדרע.

— אַ, איך האָב געכאַפּט דעם גנבֿ ! — האָט ער אויפֿגערעגט אַ לאַך געטאָן, זשעדנע אַרומנעמנדיק דאָס מיידל.

צוויי ווייכע אָרעמס האָבן זיך מיט כּוח אַרומגעפֿלאָכטן אַרום זײַן האַלז, און געצויגן אים אַראָפּ, נידעריקער און טיפֿער, ביז זיי האָבן אים אַרײַנגעצויגן אין דער טיף פֿון אַ זודיקער פֿאַרגעסנקייט...

ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס דערנאָך, ווען זיי זענען שוין ביידע געלעגן רויִקע און זאַטע, פֿאַרוויגט פֿון שטילע ליבעס־ווע לן, האָט זי געוויינט בײַ אים אויף דער ברוסט, און פֿאַרלאַנגט פֿון אים, ער זאָל איר צוזאָגן, אַז ער וועט זי שטענדיק ליב האָבן און קיינמאָל נישט פֿאַרלאָזן, און האָט גערעדט וועגן חתונה — מען זאָל מאַכן די חתונה שוין, מאָרגן, איידער די מאַמע וועט אַרויס פֿון שפּיטאָל, ווי עס איז, אָבער נישט אָפּלייגן !... אים האָט געקרענקט איר געוויין. ער האָט איר אַלץ צוגעזאָגט. און זי איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן אונטער זײַנע קושן, אַ באַרויִקטע, מיט אַ שמייכל פֿון גליק אויף די ליפּן, און מיט אַ פּנים, וואָס איז נאָך געווען נאַס פֿון טרערן.

# 14

ווען מענע איז אַרויס פֿון שפּיטאָל איז שוין געווען נאָך דער חתונה. די חתונה האָט מען געמאַכט גאָר פּשוט, אָן איינלאַדונגען, אָן געסט און קרובֿים, און נישט אין דער היים, נאָר בײַ פֿונקס אַ באַקאַנטן, אַנזעלמוס מייער, אַ באַנק־אָנגעשטעלטער, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן צימער מיט אַ באַלקאָן צו דער גאַס. אויף דעם באַלקאָן האָט מען געשטעלט די חופּה. מסדר קדושין געווען האָט אַ רבֿ אַ ליטוואַק, וואָס האָט געוואוינט בשכנות מיט מייערן און איז פֿון אים טאַקע געווען אײַנגעלאַדן. דער בעל הבית פֿון צימער האָט שטאַרק הנאה געהאַט פֿונעם גאַנצן עסק. צום חתנס לעקעך און בראָנפֿן האָט ער צוגעגעבן נאָך עטלעכע פֿלעשלעך קאָניאַק, זויערע אוגערקעס און פּושקעס סאַרדינען, וואָס זענען גאָר געווען אַ מציאה. ער איז שטאַרק געווען אַרײַנגעטאָן אינעם ענין פֿון כּבֿוד אורחים און האָט אויך זיך נישט פֿאַרגעסן, און אויך דעם רבֿ, ר׳ זעליק שניפּישקער.

פֿון דער כּלהס צד איז געווען נאָר חיה. אסתּר האָט אומיסטן נישט גערופֿן דעם זיידן ער זאָל זיך נישט באַגעגענען מיט איר — ער האָט עד היום נישט געוואָלט פֿון איר הערן. און בכלל האָט זי אים נישט געוואָלט מצער זײַן מיט דעם אופֿן פֿון דער חתונה.

באַלד נאָך דער חופּה איז די יונגע פּאָר אַוועקגעגאַנגען צו דער מאַמען אין שפּיטאָל, לאָזנדיק דעם עולם — דאָס רובֿ מייערס באַקאַנטע און גוטע ברידער — צו ענדיקן מיט די גוטע זאַכן ווי זיי ווילן.

בײַ מענען האָט זיך פֿאַרקרומט דער פּנים, ווען זי האָט דערהערט די נײַעס. זי האָט געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן קעגן דעם שידוך, און ווען פֿונק איז אַרויס אין דער מענער־אָפּטיילונג געוואויר צו ווערן אַ קראַנקן, וואָס איז דאָרט געלעגן, האָט זי דאָס געזאָגט דער טאָכטער. נישט אַזאַ חתן האָט זי געוואָלט פֿאַר איר טאָכטער. וואָס איז ער? ווער איז ער? אַזוי עפּעס אַ צוגעפֿאַרענער בחור, אָן אַ משפּחה, אָן אַ קרובֿ, אָן איין מענטשן אין שטאָט, וואָס זאָל אים קענען פֿון דער היים און זאָגן פֿון וועמען ער שטאַמט. אפֿשר איז גאָר די משפּחה אַזאַ, אַז עס פּאַסט גאָרנישט פֿאַר ר׳ אַלטערס אַ קינד מיט איר

זיך משדך צו זײַן? און בכלל, אפשר איז ער גאָר קיין ייִד נישט? אַז קיין ציצית טראָגט ער נישט, און דאַווענען דאַוונט ער נישט... האָט זי אים כאָטש געקויפט אַ טלית? איז כאָטש די חתונה געווען ווי געהעריק? אפשר איז גאָר קיין חתונה נישט געווען?... נאָר צום ערשטן וויל זי וויסן וואָס איז געווען די כאַפּעניש? דאַכט זיך, מען האָט געקאָנט צוואַרטן אַ פּאָר טעג? אָדער אַ מאַמע איז גאָר איבעריק אויף דער טאָכטערס חתונה? וואָס? און אפשר האָבן זיי טאַקע לכתחילה נישט געוואָלט, אַז זי זאָל זײַן דערבײַ? דאָס איז שוין זײַן השפּעה. ווי? מען גייט און מען טוט און מען פרעגט בײַ קיינעם נישט... זי האָט זיך גוט פאַרפלעקט, איר כּשרע בהמהלע!...

זי האָט געזאָגט דער טאָכטער נאָך אַ סך שטעכעדיקע ווערטער, און געזאָגט האָט זי דאָס מיט אַ קול, וואָס האָט געציטערט פאַר אינעווייניקסטער באַליידיקטקייט. אסתּר האָט געצאַפּלט פאַר כּעס. זי האָט זיך אַ בויג געטאָן צו דער מאַמען מיט אַ ריס, און האָט איר עפּעס אַ זאָג געטאָן קורץ און שטיל, אַז איר פּנים איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ פּורפּור־רויטער כוואַליע. מענע האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ מין בייזער פרייד:

— אַזוי... אַזוי, מײַן טאָכטער... נאָך בעסער!...

אסתּר האָט זיך מיט פרייד אָפּגערוקט פון דער מאַמען. זי האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן פון אַרויסצושרײַען איר ענטפער אויף אַ הויכן קול, דאָ, צווישן די פרעמדע מענטשן.

— דו שווײַג!... נישט דײַן דאגה!... איך פרעג בײַ דיר נישט... איך טו וואָס איך וויל!...

שפּעטער מיט דרײַ טעג, ווען מענע איז אַהיימגעקומען פון שפּיטאָל, האָבן זיי זיך איבערגעבעטן.

מענע האָט נאָך אַלץ געהאַט אַ פאַרגעלט און ערדיש־פאַרטרוקנט פּנים מיט צוזאַמענגעצויגענע ליפּן, אַרום וועלכע עס האָט זיך געלייגט אַ זויערער קנייטש פון באַליידיקטקייט. דאָך איז זי אינעווייניק געווען באַרויִקטער און צופרידענער. פון שפּיטאָל איז זי אַרויס מיט אַ זיכערקייט, אַז איר קרענק איז נישט מסוכן, ווי זי האָט דאָס פריִער געמיינט. דער דאָקטאָר האָט איר געזאָגט, אַז ס'איז אייגנטלעך גאָר קיין קרענק נישט, אַז זי איז אויף אַן אמתן געזונט ווי אַ מויער — די גאַנצע זאַך איז איר געקומען מער נישט פון פאַרדאַרבענעם מאַגן און שלעכטן עסן, פונעם בלויען דורא־ברויט, וואָס איז געמישט מיט זואַן. אין שפּיטאָל האָט זיך איר דער מאַגן אײַנגעשטעלט און די געשווילעכץ איז אַראָפּ פון די פיס. זי איז אַרויס אַ געזונטע — נאָך אַלץ שלאַף אויף די פיס, אָבער מיט אַ הונגעריקן פאַרלאַנג נאָך עסן — און מיט יעדן טאָג זענען איר צוגעקומען די כּוחות. אין אַ סך זאַכן האָט זיך דער מצבֿ געענדערט צום גוטן. דער איידעם האָט ווי פריִער געאַרבעט בײַם דײַטש. ער האָט פאַרדינט נישט שלעכט, און זײַן גאַנצער פאַרדינסט איז געגאַנגען אויף דער שטוב־

הוצאה. אסתר האָט אויך געאַרבעט און פֿאַרדינט, אָבער פֿון אירע פֿאַרדינסטן האָט מען גאָרנישט געזען אין שטוב — זי האָט זיך אײַנגעשפּאָרט אויף צו מאַכן נײַע וועש פֿאַר זיך און פֿאַרן מאַן. זי האָט זיך געוואָלט אויפֿנייען אַ נײַע קלייד און קויפֿן אַ הוט. אויף דעם איז אַוועק אינגאַנצן איר געלט און זי איז אַרײַן אין חובות אין די קליימן, און האָט אַרויסגעקראָגן אַ פּאָר נאַפּאָלעאָן בײַ חיהן. אָבער נאָך אַלעמען איז געווען מיט וואָס צו דרייען זיך. פֿונק איז געווען געגן די הוצאות, וואָס אסתר מאַכט אויף וועש און קליידער. ער האָט געטענהט, אַז דאָס איבעריקע געלט זאָל מען אָפּלייגן פֿאַר דער צווייטער צאָלונג. אָבער זי האָט געהאַט אַ באַזונדערן מין בטחון, וואָס איז אים שטאַרק געווען נישט געפֿעלן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, פֿון וואַנען מען האָט גענומען די פֿינף הונדערט פֿראַנק פֿאַר דער ערשטער צאָלונג: „אַזוי ווי גאָט האָט אונז געהאָלפֿן דעם ערשטן מאָל וועט ער אונז דעם צווייטן מאָל אויך העלפֿן... וועסט זען, מיר וועלן שוין קריגן אויך די אַנדערע פֿינף הונדערט פֿראַנק!"

מענע האָט זיך איצטער, צום ערשטן מאָל אין איר לעבן, געפֿילט, אַז זי איז די באַלעבאָסטע אין שטוב. דער אײדעם האָט איר קיין דעות נישט געזאָגט ווי צו פֿירן די באַלעבאַטישקייט. אסתר האָט זיך יאָ אַ ביסל געמישט, אָבער זי פֿלעגט קומען אַהיים אַ מידע און האָט נאָר געוואָלט עסן. נאָכן עסן איז די יונגע פּאָר אָפֿט געגאַנגען דורכגיין זיך אין אַ שיינעם אָוונט, און צוריקקומענדיק — אָדער זיי האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן, אָדער זי האָט גענייט איר אויסשטייער און ער האָט איר געלייענט פֿון אַ ביכל.

חיה איז אַלץ זעלטענער געווען אין דער היים. זי איז געקומען ווען זי האָט געוואָלט און אַוועק ווען זי האָט געוואָלט, בײַ קיינעם זיך נישט געפֿרעגט און קיינעם קיין חשבון נישט אָפּגעגעבן, וואָס זי טוט און וואו זי פֿאַרברענגט איר צײַט. דאָס רובֿ איז זי געקומען בײַ טאָג, ווען די שוועסטער און דער שוואָ־גער זענען אין דער היים נישט געווען. זי איז געווען כּסדר בייז און פֿאַרביסן, און האָט נישט געקאָנט לײַדן, ווען די מאַמע האָט איר דערציילט פֿון דעם ווי גליקלעך אסתר פֿילט זיך און ווי גוט די יונגע לעבן צווישן זיך. סוף כּל סוף האָט דאָס מענע אויך געמערקט און האָט זי איינמאָל אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס וואַרפֿסטו זיך ווי אַ בייזער הונט אויף אַ קייט?

חיה האָט גאַליק געפֿרעגט:

— זיי שפּאַצירן, זאָגסטו... זי מאַכט זיך אַן אויסשטייער — און מיט וואָס וועלן זיי צאָלן די אַנדערע צאָלונג?... זי מיינט זי וועט ווײַטער קומען צו מיר איך זאָל איר געבן? כאַ־כאַ!

מענע האָט געוואָלט זאָגן: „און פֿאַרוואָס זאָלסטו טאַקע איר נישט געבן, אויב דו האָסט?" — נאָר זי האָט זיך באַצײַטנס אײַנגעהאַלטן. דאָ איז געווען אַ גרובע, אַרום וועלכער אַלע אין שטוב זענען פֿאַרזיכטיק אַרומגעגאַנגען. מענע האָט געקוקט אויפֿן פֿאַרביסענעם פּנים פֿון איר עלטערער טאָכטער,

אויף איר ברייטן און שאַרף־ווינקלדיקן, האַרט־פֿאַרמאַכטן מויל, אויפֿן בייזן זידן אין אירע שוואַרצע אויגן — און האָט מורא געהאַט צו זאָגן אַן איבעריק וואָרט. זי האָט נאָר געזיפֿצט אין דער שטיל: „אַזאַ מויד! דאָס האַרץ באַוואַשט זיך מיט בלוט, קוקנדיק אויף איר... באָטקע, איר פּלימעניק, עלקעס זון, איז געווען די כּפּרה נאָך איר... פּשוט, די נשמה איז אים אויסגעגאַנגען... דעמאָלט האָט זי אים נישט געוואָלט, באשר ער האָט אַ בעלמע אויף אַן אויג... אַצינד וואָלט ער זי שוין נישט גענומען... מען רעדט דאָך פֿון איר אין דער גאַנצער שטאָט. זי ווייס דען נישט? אַ מאַמעס האַרץ ווייס אַלץ! אַז אָך און וויי איז צו אירע יאָרן — צו וואָס מען האָט דערלעבט! די חרפּה, די חרפּה איז נישט אַריבערצוטראָגן... אַלטער, זאָל ער זײַן פֿאַר אונדז אַ גוטער בעטער, ער מעג זיך דאָרטן איבערקערן אין קבֿר — וואָס פֿון זײַן טאָכטער איז געוואָרן! אַ פֿאַרפֿאַלענע איז זי... אַן אומגליק!... ווען עס זאָל זיך מאַכן ווער פֿון דער זײַט... עפּעס אַזאַ ווי מאיר... האָט ער זיך גראָד צוגעשאַרט צו אסתּרקען... די קאַץ ווייס וואו די סמעטענע שטייט! אפֿשר איז דאָ ווער פֿון זײַנע גוטע ברידער? זיי, די חבֿרה, איז דאָך אַלץ איינס... אסתּר וואָלט אָן אים אויך געפֿונען אַ חתן, און נאָך אַן ערלעכן, נישט אַזאַ גוי, וואָס איז ווי אין אַ וואַלד אויפֿגעוואַקסן און לעבט ווי אַ דיקע חיה: נישט ער זאָל לייגן תּפֿילין — ער האָט גאָרנישט קיין תּפֿילין — ער האָט זיי גאָר קיין מאָל נישט געהאַט — זײַן טאַטע מאַמע האָבן דאָס גאָר אין זינען נישט געהאַט — נישקשה, עס וועט זיך נאָך פֿרעגן ווער פֿון זיי — דער אויבערשטער פֿירט שוין גוט זײַן רעכענונג — בײַ אים ווערט קיין זאַך נישט פֿאַרגעסן — נישט גוטס, נישט שלעכטס... קיין ארבע כּנפֿות טראָגט ער נישט, קיין טלית דאַרף ער נישט, אין שול גייט ער נישט, פֿון קיין תּעניתים און יום טובֿים ווייס ער נישט, צווישן ערלעכע ייִדן קומט ער נישט — נאָר מיט זײַן חבֿרה, אַזעלכע הפֿקר־יונגען ווי ער... און גראָד אסתּרקע, די גוטע, די פֿרומע און כּשרע קעלבעלע — האָט געדאַרפֿט האָבן אַזאַ מפּלה. אַזאַ ווי ער, דאַכט זיך, אַז ער האָט געקאָנט נעמען חיהן — און זאָלן זיי לעבן ווי זיי פֿאַרשטייען. פֿאַר חיהן וואָלט איר נישט געאַרט. חיה איז סײַ־ווי... פֿאַר חיהן וואָלט דאָס געווען אַ גליק."

זי האָט געפּרוווט שמועסן מכּוח דעם מיט אסתּרקען. זאָל ער, דער מאַן אירער, זען צו ברענגען אין שטוב אַ פּאַסיקן בחור, אַ גוטן, אַ פֿאַרדינער, אַזאַ ווי ער, און פֿון זײַן חבֿרה. חיה פּלאַצט דאָך, קוקנדיק אויף זיי. איצטער איז דאָך גאָר נישט מער צו טראַכטן וועגן אַ שידוך מיט וועמען פֿון שטאָט. נאָר אַזוי עפּעס אַ שלימזל, אַן אַראָפּגעריסענער פֿון דער קייט — עס וואָלט דאָך געווען אַ גליק פֿאַר איר!

אסתּר האָט זי פֿאַרשטאַנען, און האָט אויך אַזוי געטראַכט ווי זי. געוויינלעך, אַזאַ ווי איר מאיר — קיין צווייטן מאיר איז נישט צו געפֿינען! אָבער עס קאָן זיך דאָך מאַכן אַן אָרנטלעכער בחור, וואָס זאָל זי וועלן נעמען. נאָר מיט

מאירן איז געווען נישט צו רעדן פֿון דעם. ער האָט בכלל נישט ליב געהאַט צו רעדן פֿון חיהן — נישט קיין גוטס, נישט קיין שלעכטס. און ווען זי האָט גענומען איין מאָל אַרויספֿירן דעם שמועס אויף דעם, וואָס בײַ איר איז געלעגן אויפֿן האַרצן, און אים איז קלאָר געוואָרן, וואָס זי וויל, האָט ער געמאַכט קאַלט:

— לאָמיך צורו!... איך בין נישט קיין שדכן!

עס איז געווען גלײַכער נישט צו רעדן מיט אים פֿון דעם. און צו חיהן איז אויך נישט געווען קיין צוטריט. ווען די מאַמע פֿלעגט מאַכן מיט איר אַ שמועס מכוח די זאַכן, פֿלעגט זי זיך אָפּרופֿן מיט אַ שטעכעדיקן געלעכטער:

— האָסטו שוין אַ בעלן? אַנו, ווײַז מיר אים, לאָמיך אים אויך אָנקוקן! וואָס איז ער — אַ טויבער, אַ קרומער, אַ הויקערדיקער? עפּעס אַ חסרון מוז ער דאָך האָבן, אויב ער וויל מיך נעמען!

מענע האָט אַפֿילו געפּרוווט גיין צו עלקען מיט איר מיישבֿ זײַן זיך. נאָר די קצבֿטע איז געווען מלא כּעס אויף דעם, וואָס מען האָט זי נישט געבעטן צו דער חתונה, און וואָס בכלל מען האָט אַלץ געטאָן אָן צו פֿרעגן זי. זי איז געווען פּעך און שוועבל אויף אסתּרן:

— די יונגערע ווי די עלטערע, — האָט זי געשרי:ען —ביידע מוידן איינע אין דער אַנדערער געראָטן. געמאַכט אַ חתונקע, ווען די מאַמע ליגט אין שפּיטאָל אַ פּאַרבייאיקע. קוים דערוואַרט זיך די שעה... די מומע נישט גערופֿן... קיין מומע איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ! קיין משפּחה נישטאָ! מען בלײַבט אין צווייען, אַ בחור מיט אַ מויד, איינע אַליין אין אַ הויז — און מען מאַכט אַ חתונה... הע־הע־הע!...

— חיה איז דאָך דאָרט געווען, — האָט זיך פֿאַרענטפֿערט מענע.

— חיה... וואָלסט שוין בעסער געשוויגן, — האָט מיט באַדייטונג געזאָגט עלקע.

און מענע האָט געשוויגן. וועגן חיהן האָט זי נישט געוואָלט רעדן מיט דער שוועסטער.

עלקע האָט נישט געשאַנעוועט פֿונקן. זי האָט אָנגערעדט מענען אַ פֿולן קאָפּ וועגן דער בושה פֿאַר לײַט, אַז אַ יונגערמאַן זאָל נישט קומען אין שול, כאָטש נאָר שבת, און נישט האָבן קיין טלית. מענען איז געווען אַ גרויסער פּאַרדראָס צו הערן זי רעדנדיק וועגן דעם: אַז זי רעדט איז שוין געוויס די גאַנצע שטאָט פֿול מיט דעם. זי האָט דערנאָך אויסגעלאָדן איר האַרץ צו אסתּרן.

אסתּר איז געווען גליקלעך. זי האָט געפֿילט, אַז איר גליק וואָלט געקאָנט זײַן נאָך גרעסער און פֿולער, ווען עס וואָלט נישט אַזוי אונטערגעשטראָכן דאָס שרעקלעכע אומגליק פֿון איר עלטערער שוועסטער. זי האָט געוואוסט, אַז די מאַמע האָט ריכטיק באַמערקט — חיה איז דאָך שוין פֿון פֿרי:ער געווען אַזאַ...

אַזאַ אומגליקלעכע, אָבער זי האָט זיך תּמיד באַהערשט און געהאַלטן רויִק. אָבער איצטער קאָן מען צו איר באָענט נישט צוגיין — ביי יעדן וואָרט ווערט זי אַן אויפֿגעקאָכטע. און טאַקע, עס גייען אַריבער טעג, אַז זי זעט זי גאָרנישט אין די אויגן — ס'איז קיין ספֿק נישט, אַז זי קאָן נישט צוזען זייער צופֿרידנ־קייט, און מ'ײַדט זיי אויס דעריבער. עס איז געווען צו גלויבן, אַז זי וועט זיי נישט וועלן אויסהעלפֿן אין דער צווייטער צאָלונג — און וואָס וועט דאַן זײַן? וואו וועלן זיי נעמען? אָ, ווען זיי זאָלן זיך קאָנען באַגיין אָן איר. אפֿשר וועלן זיי קאָנען? פֿון „ועד" וועלן זיי קריגן הונדערט פֿראַנק, דער דײַטש, ביי וועמען מאיר אַרבעט, האָט אים אויך צוגעזאָגט צו לײַען הונדערט פֿראַנק — איז שוין צוויי הונדערט. זי וועט בעטן הונדערט פֿראַנק ביי זייער אויפֿ־פּאַסערקע, ביי בלומע כאַדאָראָווסקי — זי איז אַ גוטע, פֿאַר אים וועט זי געבן — וועט זײַן דרײַ הונדערט. אָבער נאָך צוויי הונדערט. ד אָ ס וועט דאָך איר חיה נישט אָפּזאָגן. ביי וועמען אַנדערש זאָל זי בעטן? ווען זי וואָלט נאָר געהאַט ביי וועמען אַנדערש צו בעטן!

זי האָט געהאָפֿט, אַז ס'וועט גוט זײַן. זי האָט נישט געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז מען וועט אים צונעמען פֿון איר — איצטער, ווען זי איז אַזוי גליקלעך.

אָבער דאָס, וואָס ער האָט זיך אויפֿגעפֿירט ווי אַ גוי — דאָס איז געווען פֿאַר איר אַ קוואַל פֿון שטענדיקן האַרצווייטאָק און בזיון. פֿאַר דער חתונה האָט זי זיך גאָרנישט פֿאַרטראַכט וועגן דעם. מאַלע וואָס אַ בחור, וואָס איז דאָ איינער אַליין, נע ונד, אָן משפּחה, איז נישט אַזוי פֿרום. וועמען אַרט דאָס? ער וועט עלטער ווערן וועט ער בעסער ווערן. טאָמער פֿלעגט ער אָנהויבן אָפּלאַכן פֿון די ייִדישע מנהגים איז געווען גענוג פֿון איר זײַט איין וואָרט, איין קרים, ער זאָל באַלד אויפֿהערן און מער דאָס נישט טאָן. ער איז בטבֿע געווען זייער אַן איידעלער, און האָט זיך געהיט פֿון צו באַליידיקן זי. זי האָט דעריבער געמיינט, אַז נאָך דער חתונה וועט ער איר נאָכגעבן און ווערן אַ ייִד ווי אַלע ייִדן. אויב נישט אַזוי פֿרום — דאָס אַרט איר נישט. אָבער אַ טלית מוז ער דאָך האָבן, שבת אין שול מוז ער דאָך גיין. זי האָט זיך ביי אים געבעטן: וואָס איז דאָס אים אַזוי שווער? זאָל זײַן, אַז ער דאַרף דאָס נישט, ווי ער זאָגט, אָבער זי דאַרף דאָס. זאָל ער איר טאָן צוליב! זי האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין זײַן עקשנות. זי האָט זיך ביי אים געבעטן ער זאָל פֿרײַטאָג צו נאַכטס מאַכן קידוש. אַזאַ בושה פֿאַר לײַט — מען זאָל האָבן אַ מאַן און אַן איידעם אין שטוב און דאַרפֿן לויפֿן צו די שכנים הערן קידוש. די מאַמע וועט דאָס גאָר נישט אַריבערטראָגן, די חרפּה! קוים וואָס זי האָט דאָס געפּועלט. אָבער ווען זי איז ווײַטער צוגעשטאַנען וועגן גיין אין שול האָט ער איר געענטפֿערט מיט כּעס, אַז ער גלויבט נישט אין גאָט, און קאָן זיך נישט נאַריש מאַכן, לויבן אים, אָדער וויינען פֿאַר אים, אָדער קומען צו אים מיט בקשות און טענות — ס'איז אין זיינע אויגן ווי שרײַען צו דער וואַנט. זי איז

אויפגעשפּרונגען אַ דערציטערטע. אַזעלכע רייד האָט זי נאָך פון קיינעם נישט געהערט. נאָר ס׳איז געווען פאַרפאַלן. זי האָט זיך פאַנאַנדערגעווײנט, און האָט אים אַוועקגעשטופּט, ווען ער איז צו איר צוגעגאַנגען מיט ווייכע רייד, און האָט פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל איר מער קיינמאָל אַזוינס נישט זאָגן. ער האָט געענטפערט, אַז דאָס איז זײַן מיינונג, נאָר אויב זי ווערט אַליין נישט אָנהויבן וועט ער מיט איר פון דעם נישט רעדן. זי האָט געקלאָגט און געשלאָגן זיך מיטן קאָפּ אין קישן, און געבעטן זיך בײַ עמיצן, וואָס האָט איר געשײַנט צו זײַן זייער שטאַרק און זייער בייז:

— גאָט, שטראָף אים נישט פאַר די רייד!... ער ווייס נישט וואָס ער רעדט... טאַטע אין הימל, האָב אויף אים רחמנות!... אוי־ווײ!... אוי־ווײ!...

און זי האָט געווייקט דאָס ציכל מיט אירע טרערן.

און פון דעסט וועגן איז זי פאַרט געווען גליקלעך, זייער גליקלעך, גאָר אָן אַ פאַרגלײַך און אָן אַ מעגלעכקייט צו גלויבן, אַז ס׳איז ווען געווען, אַז ס׳איז גאָר דאָ ערגעץ־וואו אויף דער וועלט נאָך אַזאַ גליקלעכע פּאָר, ווי זיי ביידע. אַפילו זײַן נישט־פרומקייט וואָלט נישט אַזוי שטאַרק געשטערט זייער גליק, ווען זיי וואָלטן נישט געזעסן אָט־דאָ, אין דער ייִדישער שכונה, וואו אַלע קענען זי און איר משפחה, און ווײַזן אויף זיי אָן מיט די פינגער. זי האָט בײַ זיך באַשטימט, אַז ווי נאָר זיי וועלן אַריבערפּטרן די אַנדערע צאָלונג וועט זי נעמען זוכן אַ דירה אין אַן אַנדער ווינקל — ערגעץ לעבן „בצלאל״, אָדער אפשר אין „זכרון משה״. אויף דעם האָט זי זיך אַביסל באַרויִקט. אין האַרצן האָט בײַ איר געלעבט אַ בלינדע זיכערקייט, אַז גאָט ווייס וואָס פאַר אַ ריין און כשר האַרץ ער האָט, איר מאיר, און וועט אים נישט באַשטראָפן פאַר די נאַרישע רייד, וואָס ער רעדט, וואָס ער האָט זיך דאָס אָנגענומען פון שלעכטע מענטשן... גאָט איז אַ גוטער, און ער ווייס די ריכטיקייט וועגן יעדן מענטשן.

אין די שיינע אָוונטן, אויב זיי זענען נישט געווען מיד און נישט געוואָלט שלאָפן — וואָס דאָס איז געווען נישט זעלטן — זענען זיי געגאַנגען שפּאַצירן. דאָס רוב אָבער האָט אין מיטן וואָך גערעגנט. אַמאָל האָבן זיי אויך אַוועק־געטראָגן אַ טעפּל געקעכץ דעם זיידן. בײַ ברוכן דעם שוסטער איז איצטער געווען זייער טרויעריק. נעכע איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן אויף בויך־טיפוס. שוין אַ וואָך צײַט ווי זי איז געלעגן אין שפּיטאָל. פון ברוכן איז אַראָפּ זײַן גאַנצע פריילעכקייט. יעדן נאָכמיטאָג איז ער צו זי געגאַנגען געוואויר ווערן. זי איז געלעגן אַ פאַרטראָגענע און האָט שטיל געקרעכצט. ווען ער האָט זי אָנגערופן בײַם נאָמען האָט זי אים דערקענט. דעמאָלט האָט זי זיך געמונטערט, געצוואונגען זיך צו שמייכלען צו אים, מיט וועמען זי האָט פופציק יאָר געלעבט אין ליבע און איבערגעגעבנקייט, וועמען זי האָט אָפּגעהיט ווי אַ קינד. זי האָט אים איצט אויך געוואָלט טרייסטן, און אויף וויפל איר געדאַנק איז

געווען קלאָר, איז ער געווען פול מיט זאָרג וועגן אים — ווי קומט ער אויס אָן איר? וואָס עסט ער? ווער באַזאָרגט אים אַ ריינע העמד אויף שבת? אָבער נאָך איידער ער איז אַוועקגעגאַנגען איז זי שוין ווייטער געווען פאַרטראָגן, און האָט מער נישט געמערקט, אַז ער איז נאָך דאָ, און איז געלעגן ווי פריער מיט טונקל־אָפּגעשטעלטע אויגן, מיט שיטערע לאָקנס ווייס־גרויע האָר, וואָס זענען אַרויסגעקראָכן אויפן שטערן פון אונטערן פאַרוק, און האָט שטיל און כסדר געקרעכצט.

אין דער היים איז ברוך אָפּט געבליבן זיצן אויף זיין שוסטער־בענקל איינגעהויקערט, פאַרגעסנדיק אָן דער אַרבעט, וואָס איז געלעגן ביי אים אויף די קני, פאַרגעסנדיק אָן דעם העמערל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

— די דאָקטוירים — אין זייער טאַטנס טאַטן אַריין! — פלעגט ער פלוצלונג זאָגן מיט האַרץ און דערלאַנגען מיטן העמערל איבער דער פּאָדעשווע פון שוך. — אַ קרענק ווייסן זיי!...

ר׳ זלמן האָט זיך שטאַרק געעלטערט די עטלעכע וואָכן, וואָס ער איז אַוועק פון דער היים. ער האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעלאָזן. די באָרד איז אים נידעריק אַראָפּגעפאַלן אויף דער ברוסט. דער קאָפּ איז איינגעזונקען אין די פּלייצעס. ער האָט געפילט, אַז ער קאָן זיך מער נישט אויסגלייכן ווי אַמאָל. דאָס פּנים איז געווען ווי אַ וויכע מאַסקע, מיט קנייטשן און בלויע אָדערלעך. נאָר די אויגן האָבן נאָך שטאַרק געלעבט אויף דעם אָפּגעלעבטן פּנים.

ער האָט זיך געפרייט מיט דער פרייד פון זיין אייניקל. ווען זיי פלעגן קומען צו אים פלעגט ער פאַרמאַכן דעם ספר און פלעגט אַרויפהויבן צו זיי די שיינענדיקע, מיט צער און גוטסקייט אָנגעפולטע אויגן. אסתּרן האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז בכלל געוואָרן ווייכער און בעסער ווי אַמאָל. זי האָט אים איין מאָל געגומען בעטן ער זאָל אַראָפּנעמען די קללה פון חיהן, האָט ער געזאָגט טרויעריק, גלעטנדיק זי איבערן קאָפּ מיט דער שוואַכער, געלער און ציטערנדיקער האַנט:

— גאָט זאָל דיך בענטשן, מיין קינד. איך שילט זי נישט מער... אַבי איך זע זי נישט פאַר די אויגן...

פון קומען צוריק האָט ער נישט געוואָלט הערן. און אסתּר, כאָטש זי האָט זיך געבעטן ביי אים, אין האַרצן האָט זי דאָס אויך נישט געוואָלט. ער וועט דערזען ווי מאיר פירט זיך אויף — קאָן ער נאָך אים אויך פאַרשילטן.

פון זיידן פלעגן זיי זיך גיין דורכגיין אויף אַ האַלבער שעה, ביז פינסטער. אין דער היים, אויב זיי זענען נישט געווען שלעפעריק, פלעגט ער איר עפּעס לייענען, דאָס רובֿ פון שלום עליכמען. דאָס לייענען איז געגאַנגען אַ סך לעבעדיקער, ווען חיה איז געווען דערביי. חיה האָט געכאַפּט דעם וויץ, פאַרשטאַנען, מיטגעלעבט און געוואָלט וויסן וואָס וועט זיין דער סוף. אסתּר האָט זיך אויך באַמיט מיטצוהאַלטן, אָבער אויף אַן אמתן האָט איר די מעשה

באַרירט נאָר, ווען זי איז געווען טרויעריק־סענטימענטאַל. זי האָט אָבער דווקא געוואָלט באַווײַזן, אַז זי אינטערעסירט זיך און האָט זיך געאײַלט צו לאַכן די ערשטע, און אָפֿט, נישט דאָרטן וואו מען האָט געדאַרפֿט. דעמאָלט האָט חיה זי מבֿטל געמאַכט גאָר פֿראָסט און אָפֿן זאָגנדיק, אַז זי הויבט נישט אָן צו פֿאַרשטיין וועגן וואָס דאָ רעדט זיך. אסתּר האָט זיך פֿאַרענטפֿערט און איר אָפּגעענטפֿערט. נאָך דעם האָט זי זיך געצוואונגען צו הערן וואָס ער לייענט. אָבער די געדאַנקען זענען בײַ איר צעשוואומען געוואָרן, ווי פֿריִער, געטונקט און פֿאַרטרונקען פֿונעם שטיל־שטראָמענדיקן נחת צו זיצן דאָ אַזוי רויִק, לעבן אים — איר מאַן און געליבטן. ס׳איז איר גאָר געווען נישט נויטיק צו הערן וואָס אין ביכל שטייט און צו וויסן וואָס עס האָט זיך געטראָפֿן ערגעץ־וואו און ערגעץ־ווען מיט אַנדערע ייִנגלעך און מיידלעך. איר איז געווען גענוג צו הערן זײַן פֿריילעך־קלינגענדיקן קול, צו פֿילן, אַז ער איז צופֿרידן, צו קוויקן זיך מיטן שפּיל פֿון זײַן פּנים. ווען נישט די שוועסטער און די מאַמע וואָלט זי זיך געוואָרפֿן צו אים און מיט אירע קושן פֿאַרמאַכט אים דאָס מויל — גענוג צו לייענען! ס׳איז דאָ וואָס בעסערס צו לייענען. ווען מען קאָן זיצן איינע לעבן די אַנדערע, ווען מען קאָן קוקן איינע די אַנדערע אין די אויגן — צוליב וואָס דאַרף מען דאָס לייענען? און זי האָט זיך פּאַמעלעך, מיט אַן איבערגעפּולט האַרץ, אַוועקגערוקט צו דער בעט און צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַ קישן. מאיר האָט געוואָרפֿן אויף איר אַ קוק איבערן בוך — אַ קוק פֿון פֿאַרדראָס איבער דעם, וואָס זי האָט אַזוי גאָר קיין אינטערעס נישט אין דער שיינער מעשׂה — און באַלד האָט זײַן אָרט פֿאַרנומען אַ שמייכל פֿון ליבע און רחמנות: זי איז מיד, אַנגעהאָרעוועט זיך אַ גאַנצן טאָג — זאָל זי זיך אָפּרוען!

— שוין געגאַנגען פּאָפֿן! — האָט געלאַכט חיה.

— ניין, מיר איז נאָר שווער צו זיצן, — האָט זיך פֿאַרענטפֿערט אסתּר, — פֿון דאַנען וועל איך נאָך בעסער הערן.

— וועסט זיך אָנהערן! — האָט זיך מיט איר גערייצט חיה.

— עס מאַכט נישט. זאָל זי זיך אָפּרוען, — האָט געזאָגט פֿונק.

ער האָט ווײַטער געלייענט. חיה האָט זשעדנע געהערט. זי האָט ליב געהאַט צו פֿאַרטראָגן זיך מיטן געדאַנק אין ווײַטע מקומות און איבערלעבן דעם לעבן פֿון אַנדערע מענטשן. דאָס האָט זי געמאַכט פֿאַרגעסן אָן איר אייגענעם לעבן. דאָך האָבן איר די מעשׂיות נישט געגעבן די באַפֿרידיקונג, וועלכע זי האָט געזוכט. ס׳איז געווען צו פּשוט און צו נאָענט צום ריכטיקן לעבן.

שיין זענען געווען זייערע שבת נאָכמיטאָגס. ווען דער הימל איז געווען קלאָר און די ערד טרוקן זענען זיי אַרויס אַרום דרײַ און אַרומגעבלאָנדזשעט ערגעץ אין דער אומגעבונג פֿון דער שטאָט. איין מאָל זענען זיי געווען אין

„מסעלאבי״, דעם אַלטן קלויסטער פֿון די צלם־ריטער, וואָס הינטער „בצלאל״, אַראָפּ אין טאָל. פֿון די פֿילע ביימער אַרום האָט דאָ געהערשט אַ מאָדנע, פֿאַרשוויגענע טונקל־גרינע פֿינצטערקייט, און בײַ פֿונקן האָבן זיך דעמאָלט געוועקט זכרונות פֿון אַ זומער־וואַלד אין רוסלאַנד. נאָר דאָרטן זענען געווען רוישיקע בלעטער און ערגעץ נאָענט האָט געזשומעט אַ שטרעמל וואַסער, און אַרום האָט זיך געוויגט אַ ברייט פֿעלד מיט הויכע, העל־גרינע גראָזן. און דאָ זענען געשטאַנען, פֿינצטער און שטום, טונקל־גרינע שטעכעדיקע נאָדל־ביימער. די ציפּרעסן האָבן געעגבערט די בלויע לופֿט מיט זייערע שפּיציקע קעפּלעך, די פֿעפֿער־ביימער האָבן אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד זייערע לאַנגע צווײַגן מיט די בינטלעך רויטע קערלעך, ווי פֿאַרלירנדיק יעדע האָפֿנונג אויפֿן הימל אין דער הויך. די אַלטע איילבירט־ביימער זענען געווען נידעריק און צעפֿאָרן אין די וואָרצלען, און געלעכערט, אַזוי ווי זיי וואָלטן געהאַלטן בײַם צעפֿאַלן ווערן. אַרום און אַרום האָט געהערשט די שטילקייט פֿון אַן אַלטן גרויען דרעמל — אַ דרעמל פֿון יאָרהונדערטער, וועלכע שווימען אַוועק פֿאַרוויגטע, אָן איין מאָל צו איבערוועקן זיך. דער טאָל האָט זיך געדרייט אַרום דעם אַלטן קלויסטער, פֿאַרוואַקסן מיט ביימער און פֿלאַנצונגען, אַראָפּ נידע־ריקער, און דערנאָך ווידער אַרויף, אויף אַ צווייטן באַרג, און ווידער אַראָפּ אין אַ צווייטן טאָל, וואו ס׳איז געווען נאָך אַן אַלטער קלויסטער. וואו מען איז געגאַנגען זענען כּסדר געווען בערג און טאָלן. זעלטן ווען האָט זיך געזען אַ גריכישער קלויסטער. אין די צײַטן, וואָס נאָך די צלם־ריטער, האָבן די גריכן, די תּושבֿים, געוואוסט צו ירשענען דאָס, וואָס איז געבליבן פֿון די אַרויס־געטריבענע לאַטינער, אָפּטער אַ דערפֿל, און נאָך אָפּטער — גאָרנישט, וויסטע קעפּ פֿון בערג און ווילדע שטיינערנע טאָלן. אויף די זײַטן פֿון די בערג האָבן אַרומגעבלאָנקעט סאַמעט־שוואַרצע ציגן מיט לאַנגע, אַראָפּגעהאָנגענע, ווייכע אויערן, און ברוין־געלע, ברודיקע שאָף מיט נאַרישע אויגן. אויף אַן אַרויס־געשטאַנען איז געשטאַנען אַ דאָרפֿישער שייגעץ, אײַנגעוויקלט אין אַן ערד־ברוינער אַבאַיע, מיט אַ גראָבן שוואַרצן „עגל״ אַרום דעם קאָפּ־טיכל. אָנשפּאַרנדיק זיך אויף זײַן קרומען שטעקן האָט ער אַכטונג געגעבן אויף דער סטאָדע.

אין אַ צווייטן שבת נאָך מיטאָג זענען זיי פֿאַרגאַנגען אין דער אַלטער שטאָט, אין דער זײַט, וואָס קוקט צום הר הזיתים. אסתּר האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָ נישט ווײַט האָבן זיי געוואוינט, ווען זי איז געווען אַ קינד, און זי האָט אים געשלעפּט אַהין — זי האָט אים געוואָלט נישט אַנדערש נאָר באַווײַזן דאָס הויז. זיי זענען אַרײַן אין אַ הויכן, פֿינצטערן אַריינגאַנג־צימער, וואָס איז געווען אָנגעפֿולט מיט רויער פֿון לאַנג זיך אײַנגעשטאַנענער לופֿט. אייגנטלעך איז דאָס קיין צימער נישט געווען, נאָר אַ מין געדעקטער און פֿון אויבן פֿאַר־בויטער שטיינערנער הויף. פֿון הויף האָבן אין אַלע זײַטן געפֿירט טירן אין די אינעווייניקסטע וואוינונגען. פֿון די טירן האָבן אַרויסגעקוקט פֿאַרמעט־פֿאַר־

טרוקנטע פּנימער פֿון אַלטע ספֿרדישע ייִדענעס און גלאַטע, מעל־בלאַסע, לענגלעכע פּנימער פֿון יונגע ווײַבלעך און מיידלעך, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אָן זון־שײַן, אין שאָטן פֿון די רויטע שטיינער. אסתּר האָט זיך נאָכגעפֿרעגט ווער עס וואוינט אויבן און צי מען קאָן אַרויפֿגיין. מיט דער נאַטירלעכער אָפֿנ־הערציקייט פֿון אַ פֿאָלקס־קינד האָט זי דערבײַ דערציילט ווער זי איז און פֿאַר וואָס זי וויל אַרויפֿגיין, און דעמאָלט האָבן זיי אַלע געקוקט אויף פֿונקן און האָבן זיך איבערגערעדט, און ער האָט געהערט דאָס וואָרט „נאָוויאָ", און האָט שוין געוואוסט, אַז דאָס הייסט אַ חתן אָדער אַ יונגערמאַן.

אויבן איז אויך געזעסן אַ ספֿרדישע משפּחה. אַן אַלטע ייִדענע האָט זיי פֿרײַנטלעך באַגעגנט און געבעטן אַרײַנגיין און זעצן זיך. אסתּר האָט געלאַכט און האָט איר אויך געגנבֿי דערציילט צוליב וואָס זיי זענען דאָ אַהער געקומען. זיי זענען אַרויף אויפֿן דאַך — יענעם דאַך, וואָס פֿאַרן קריכן אויף אים האָט אסתּר אַמאָל געקראָגן אַזאַ פּסק פֿון טאַטן.

אַ זעלטענע ליכטיקייט האָט זיי דאָ אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן — די ליכטיקייט פֿון אַ ברייטער און הויכער גערוימקייט, פֿון דער טיפֿער ערד אונטן און פֿונעם נאָך טיפֿערן הימל אויבן. די רחבֿות איז נישט געווען אָן אַן עק, ווי בײַ אַ ברעג פֿון ים: באַלד פֿונעם טאָל האָט זיך געהויבן אַ צווייטער באַרג — דער הר הזיתים — רעכטס האָט זיך דער טאָל געדרייט און גענאַרעט זיך אַלץ מער אַראָפּ און פֿאַרשלונגען געוואָרן אין אַ טונקעלן ווינקל, וואו ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צום טיפֿן, שטיל־רינענדיקן קוואַל פֿון השלח. דערנאָך זענען ווײַטער געגאַנגען בערג און טאָלן, בערג און טאָלן, און די ריינע לופֿט האָט זיך געגליטשט איבער זיי, אַרום זיי, און האָט זיי באַוואַשן מיט ליטער־בלויע קריסטאַל־וועלן. און אויף אַלע בערג און טאָלן איז געלעגן אַ וואונדערלעכער בלענדיקער ווײַסער גלאַנץ. די זײַט פֿונעם הר הזיתים ביז נידעריק אַראָפּ אין טאָל, ביז אונטערן יד אַבֿשלום און קבֿרים פֿון חגי, זכריה און מלאכי, איז געווען פֿאַרזייט מיט ייִדישע מצבֿות. די שטראַלן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אָן די רוקנס פֿון די שטיינער מיט אַ האַרטער און ווײַסער שײַן. פֿון די מצבֿות, וואָס זענען געווען אײַנגעזונקען אין דער ערד, פֿון די פֿעלזן־שטיינער, וואָס האָבן אַרויסגעשטרעקט פֿון דער ערד, פֿון די קײַלעכדיקע קעפּ פֿון די בערג, פֿון די מויערן פֿון די קלויסטערס אויבן אויפֿן באַרג און פֿון די שטיינערנע שטיבלעך פֿונעם פֿאַלאַכישן דערפֿל אונטן, און לעבן זיי די תּימנער הײַזלעך — פֿון אַלץ האָט אָפּגעשטראַלט אַן אומגעווייטלעכער האַרטער ווײַסער גלאַנץ. און ער איז געווען נישט אומעטום דער זעלביקער. דאָס איז געווען אַ מאָדנע כּישוף־שפּיל פֿון טויזנטער ווײַסע גלאַנצן און אָפּגלאַנצונגען, אַ שטראָמענדיקע אויסמישונג און פֿאַנאַנדערטיילונג פֿון אַזעלכע אידעלע איבערגאַנגען, וואָס דאָס אויג האָט געכאַפּט פֿון זיי נאָר אַ קליינעם טייל, און די צונג האָט גאָר נישט געהאַט פֿאַר זיי קיין נעמען־ווערטער.

מאיר פונק האָט נאָר געקוקט. ער האָט דערביי פון קיין זאַך נישט געטראַכט און האָט אַפילו נישט רעכט געדענקט, אַז ער שטייט דאָ אויפן דאַך און קוקט. די ריינקייט פון די ווייסע גלאַנצן איז אַליין אַריין אין אים דורך די ברייט און זשעדנע צעעפנטע אויגן. זי האָט אים אָנגעפילט מיט אַ שטילער באַפרידיגטקייט, ווי נאָך אַ זעלטענעם געניס. אים האָט נישט געאַרט, וואָס דאָס בילד איז געווען אַזוי אָרעם אין פאַרבן. דאָ איז געווען עפּעס, וואָס האָט געמאַכט איבעריק די פאַרבן. דאָ איז געווען אַן אייביקער ווייסער גלאַנץ, שטראָמען פון שיין און אָפּשיין.

נאָר אסתּרן איז שוין לאַנג געוואָרן אומעטיק פונעם שטומען קוקן אויף די מצבֿות פון הר הזיתים. אָנשטאָט דעם האָט זי מיט לויכטנדיקע אויגן גע־קוקט אויפן פּנים פון איר מאַן. זי האָט אים גענומען פאַרן האַנט און געצויגן גיין צוריק.

— ווייסט וואָס די פרענקיניעס האָבן געזאָגט וועגן אונז? — האָט זי געפרעגט.

— וואָס? — האָט ער זיך אָפּגערופן פאַרטראָגן.

— אַזאַ שיינער באָוויאָ! אַזאַ שיינע פּאָרל!

דעמאָלט האָט ער איר אַריינגעקוקט אין די אויגן, און זיי האָבןביידע געשמייכלט — אַ שמייכל פון פרייד, און גליק, און פולקייט פון לעבן.

# 15

ראָזאַ פּיסטאַשניק האָט זיך אויפֿגעוועקט אין דער פֿרי פֿון אַ וויכן און דריבנעם קלאַפּן אין דרויסן. „אַ רעגן!‟ — האָט זי אַ קלער געטאָן פֿאַר־שלאָפֿן. די בעט איז געשטאַנען לעבן פֿענצטער, וואָס צום גאַס. דער טאָג איז ווײַזט אויס געווען אַ קלאָרער. די ווײַסע פֿאָרהאַנגלעך האָבן געהאַט אַ ליכט־זײַט און אַ שאָטן־זײַט, און אויף זייער באַלויכטענער זײַט האָבן זיך שטענדיק אויסגעמאָלט די ליניעס פֿון די אײַזערנע פֿענצטער־גראַטעס, וואָס הינטער זיי.

ראָזאַ האָט אויפֿגעהויבן דאָס פֿאָרהאַנגל און אַרויסגעקוקט אויפֿן גאַס. דער הימל איז געווען ריין, אומפֿאַרוואָלקנט. די ערד האָט געשײַנט מיט אַ פּראָסטיקן מאָרגן־שײַן, נאָך נישט דערוואָרעמט פֿון דער בײַנאַכטיקער קעלט. אין דער לענג פֿונעם געסל האָט זיך געקײַקלט ווייך־טופּענדיק און צעשאָטן אַ סטאַדע שאָף און ציגן. „רר!... רר!...‟ — האָט זיי אונטערגעיאָגט דער פּאַסטוך מיט אַ משונהדיקן שקראַבענדיקן גומען־קלאַנג.

— טופּ־טופּ־טופּ!... — האָט געמאַכט ראָזאַ, געניצנדיק מיטן גאַנצן מויל: אַקוראַט ווי אַ רעגן!

זי האָט זיך אַרויסגעשטעלט אין פֿענצטער ביז דער העלפֿט, נישט קימערנדיק זיך וועגן די פֿאַרבײַגייער, וועלכע קאָנען זי זען אַ האַלב־נאַקעטע, מיט צעפּאַטלטע האָר, מיט אַ נידעריק־אויסגעשניטענער, אויף איין פּלייצע אַראָפּגערוקטער העמד, וואָס האָט אַנטפּלעקט די קליינע וויכע ברוסטן און דעם גאַנג צווישן זיי, וואָס האָט געמאַכט אַ קײַלעכדיקן בויג אַראָפּ אויף זײַן וועג אונטן. צוויי דרײַצניעריקע ייִנגלעך זענען געבליבן שטיין אַנטקעגן איר פֿענצטער, עסנדיק מיט די אויגן איר נאַקעטקייט. אַ באַלעבאַטישער יונגערמאַן איז פֿאַרבײַגעגאַנגען, האָט דאָס געזען און האָט אויף זיי אַ געשרײַ געטאָן מיט רוגזה:

— אָוועק, שקצים!

זיי האָבן דאָן ווילד אַ קוויטש געטאָן און געלאָזט זיך לויפֿן. דער יונגערמאַן האָט דעמאָלט נאָך אַ מאָל אַ הויב געטאָן צו איר די אויגן. האָט זי אויף צו להכעיס געמאַכט צו אים אייגלעך און אויסגעצויגן זיך, פֿאַרוואָרפֿנדיק די הענט הינטערן נאַקן אַזוי, אַז די קליינע ברוסטן אירע האָבן זיך גאָר אַרויס־

געשטעלט, ווי צוויי ווײַסע פֿרוכטן שיילן זיך אַרויס פֿון זייער שאָלעכץ. די צוויי בריסט זענען איצט געווען שטײַף און פֿאַרריסן, מיט די שפּיצן אַרויף, און האָבן אויסגעזען נאָך קלענער, ווי צעשוואומען אין דער קײַלעכדיקייט פֿונעם לײַב אַרום. דער יונגערמאַן האָט געקוקט בייז, אָבער ער האָט געזען גענוג איידער ער האָט זיך פֿון איר אָפּגעדרייט מיט אַ שפּײַ און אײַלנדיק אַוועקגעגאַנגען. ראָזאַ האָט אַראָפּגעלאָזן דעם פֿאַרהאַנג און איז געניצנדיק צוריק אַרונטערגעקראָכן אונטער דער וואַרעמער קאָלדרע. פֿון יוצא וועגן האָט זי דערבײַ אַ שטויס געטאָן לייזערן, וועלכער איז געלעגן בײַ איר זײַט און האָט געשמאַק געכראָפּעט.

— שטיי אויף, לייזער, ס'איז שוין האַלבער טאָג!

— ממ... לאָמיך... ממ... — האָט לייזער אַ מרוטשע געטאָן, נישט עפֿענענדיק די אויגן.

זי האָט אים געלאָזן צורו. עס איז באמת געווען נאָך גאַנץ ווײַט צו האַלבן טאָג. זיי זענען געגאַנגען שלאָפֿן אַוודאי אַזייגער דרײַ, ווען זי האָט אַרויסגעפּטרט יענעם פּאַסקודניאַק, דעם אַלטן טערק. אַ מין אַלטע נבֿלה, האָט זיך אײַנגעגעגנאַדיעט צו קומען יעדן אָוונט. צוערשט האָט ער כאָטש געצאָלט יעדן מאָל. און איצט האָט ער זיך געמאַכט אַ מאָדע — אויף באָרג. זי וועט אים באַווײַזן — אויף באָרג! זי וועט אים מער איבערן שוועל נישט לאָזן אויב ער וועט איר הײַנט נישט ברענגען אינגאַנצן וויפֿל ער איז איר שולדיק. דאָס איז שוין צוויי מעדשידים. ניין, צוויי מיט אַ האַלבן — יענעם דינסטאָג אויך...

זי האָט זיך געאײַלט אַוועקצוטרײַבן פֿון זיך די פֿאַרשטעלונג וועגן דעם אַלטן טערקישן אָפֿיציר מיט די גרויע וואָנסעס, מיט די קליינע חזירישע אייגלעך און קאַלטע, ביינערדיקע פֿינגער, וואָס פֿון זייער צורירונג האָט זי יעדעס מאָל אויפֿגעציטערט ווי אַן אָפּגעבריטע. זי האָט אים בפֿרט נישט געקאָנט לײַדן פֿאַרן שלעכטן ריח, וואָס איז געגאַנגען פֿון זײַן מויל — און ער האָט גראָד געהאַט אַ טבֿע צו קריכן איר אין פּנים. נאָך זײַן אַוועקגיין האָט זי געשפּײַט מיט האַרץ:

— אַ מיתה משונה זאָל ער אײַננעמען! גלײַך מיר אין פּנים אַרײַן! אויב איך האָב נישט געחלשט בײַ אים אין די הענט בין איך שטאַרקער פֿון אײַזן... און נאָך אויף באָרג!... געהערט אַ מעשׂה... אַ נישט דערלעבן זאָל ער אַהערצו קומען אַ צווייטן מאָל!...

— וועמ זשע וועט פֿאַר אים באַצאָלן? — האָט לייזער געשמייכלט מיט זײַן אומריינעם שמייכעלע.

— פֿאַרמאַך דעם פּיסק, דו גאַרנישט איינער! — האָט זי זיך אויף אים אַרויפֿגעוואָרפֿן. — דו האָסט זיך אויסגערוט דײַנע ביינער דאָרטן, אין דער אַנדערער שטוב, ווען ער איז בײַ מיר געווען... דו זאָלסט דאָ פֿון מיר קיין חוזק נישט מאַכן — הונט! שלעפּער! אָפּגעריסן זיך פֿון דער תּליה!...

— איך האָב דיך אין דר׳ערד, — האָט ער געזאָגט, און איז צוריק אַוועק אין צווייטן צימער, וואו ס׳איז געווען פֿאַר אים אַ סאָפֿע, וואָס אויף איר פֿלעגט ער ליגן ביז דער גאַסט וועט אַוועקגיין.

ראָזאַ האָט נישט געוואָלט גיין שלאָפֿן אַליין. נאָך די אַלע פֿרעמדע און פֿאַרמיאוסטע מענטשן, וועלכע האָבן איר אויסגעמאַטערט דאָס לײַב און די נשמה, האָט זי געדאַרפֿט האָבן לעבן זיך אַן אייגענע און נאָענטע באַשעפֿעניש. זי האָט פֿון אים גאָרנישט פֿאַרלאַנגט — נאָר ער זאָל דאָ זײַן מיט איר, זי זאָל פֿילן זײַן וואַרעמקייט, זי זאָל וויסן, אַז זי איז נישט אַליין, נישט גאָר פֿון אַלעמען פֿאַרלאָזן. איר איז געווען קאַלט צו שטיין און וואַרטן. איז זי געגאַנגען צו אים אַ באָרוועסע און האָט אים געשלעפּט צו זיך, געקושט און געגלעט אים, ביז ער איז אויפֿגעשטאַנען, אַ ברוגזער, און איז איר נאָכ־געגאַנגען, און האָט איר אויפֿן גאַנג אַרײַנגערעדט אין נאַקן אַרײַן מיט אַ צעכעסטן קול:

— דו זאָלסט מער אַזוי נישט רעדן, ראָזאַ, דו הערסט צי נישט? איכֿל דיר פֿלעטן דעם קאָפּ אויב דו וועסט מיר נאָך אַ מאָל דערמאָנען וועגן דער תּליה... דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר? דעם מוח וועל איך דיר שפּאַלטן פֿאַר אַזוינע רייד!

ער האָט זיך געלייגט מיט איר אין בעט, וואו עס זענען געלעגן שוין אַזוי פֿיל אַנדערע, וואו אין די שוין לאַנג נישט געוואַשענע און נישט דורכ־געלופֿטערטע ציכלעך און לײַלעכער איז איבערגעבליבן דער פֿוילער ריח פֿון מענטשישן בעט־געניס. ביידע זענען זיי געווען מיט דעם געוואוינט, און ביידע זענען באַלד אַנטשלאָפֿן געוואָרן, איינע צו די אַנדערע מיט די רוקנס, מיט יענעם געפֿיל פֿון רויִקייט און באַוואָרנטקייט, וועלכן עס גיט בײַ נאַכט די לײַבלעכע נאָענטקייט פֿון אַ צווייטן לעבעדיקן מענטש.

די געשעענישן פֿון דער פֿאַרלאָפֿענער נאַכט זענען געשוואומען אין ראָזאַס קאָפּ פֿאַמעלעך און פֿויל, געוויקלט אין אַ שלייער פֿון נעפּלדיקער פֿאַרשלאָפֿנקײַט. אין זייער שטילן שטראָמען זענען זיי ביסלעכווײַז מאַדנע צעשוואומען געוואָרן, און דערנאָך גאָר פֿאַרלאָרן זיך.

ווען ראָזאַ האָט זיך צום צווייטן מאָל אויפֿגעוועקט איז שוין באמת געווען האַלבער טאָג. די פֿאַרהאַנגלעך זענען שוין געווען אײַנגעגאַנצן באַלויכטן און די שטענדיקע גראַטעס־צייכענונג איז געווען אַצינד פֿול, אין זייער גאַנצער ברייט. לייזער איז נאָך אַלץ געשלאָפֿן מיטן פֿריִערדיקן כראָפּען, מיט דער זעלבער אַרײַנגעטאָנקייט אין דער זאַך, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אָקאָרשט געלייגט נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. זי האָט שוין גאַנץ גוט געוואוסט וואָס פֿאַר אַ פֿוילאַק און פּאַפּער ער איז. דאָס וואָלט איר נישט אויסגעמאַכט, ווען צו דעם וואָלט ער נישט האָבן נאָך אַנדערע מעלות. די ערשטע צײַט איז ער איר גלאַט געפֿעלן געוואָרן מיט זײַן גלאַט פּנימל און כיטרע אייגלעך, און

דערצו האָט זי געזען, אַז זי קאָן האָבן אַ נוצן פון אים. אַ יינגל נישט קיין נאַר, שוין געווען אַ סאָלדאַט, ווייס ווי צוצוטרעטן צו אַן אָפיציר. און האָט צו דעם טאַקע אַ מין געבוירענעם שמעק. פריער האָט זי געדאַרפט יעדעס מאָל אַליין גיין זוכן און איז געווען גוט אויף צרות. אַמאָל האָט זיך געמאַכט און אַמאָל גאָרנישט — כאַטש נעם און לייג די ציינער אויף דער פּאָליצע. זי האָט שוין נישט איין מאָל געקלערט אויף אַן אמתן פון אַריבערגיין צום פעטער חייקל — און אַן עק צו אַלע דאגות! אָבער ס'האָט זיך נאָך אַלץ נישט געוואָלט. זי האָט ליב צו זײַן פאַר זיך אַ מענטש. וואָס זי האָט איז אירס און ווי זי וויל אַזוי לעבט זי. דערנאָך, מיט אים, זענען די געשעפטן אַוועק גאָר גוט. ער איז גאָר אַ מזיק אויף די זאַכן — גייט אַרויס פאַרנאַכט און אין אַ האַלבער שעה איז ער דאָ צוריק מיט אַ העכט. און זיי זענען געווען גאַנץ צופרידן איינע מיט די אַנדערע, אָן טענות און אָן צושטייענישן, און וואָלטן אַזוי בשלום אויסגעקומען ביזקל הײַנטיקן טאָג, ווען נישט דער דאַרער סקעלעט, זלאַטע די לאַנגע, וואָלט זיך דאָ אָנגעדרייט. אַ מין אָנשיקעניש אויף איר לעבן! און וואָס האָט ער אַזוינס דערזען אין איר? דאַר, ווי אַ שפּאָן, הויט און ביינער, די ריפּן סטאַרטשען אַרויס, ווי בײַ אַ פאַרפאַרענער קליאַטשע — און קריכט! און ער איז אַזאַ, וואָס גיט זיך אונטער.

עפּעס אַ מין פּאַסקודנע, באַבסקע טבֿע האָט ער — אַז יענע קריכט אים אין די קישקעס אַרײַן — גאָרנישט, ער לאָזט זיך... טפו אויף זײַן קאָפּ און אויף איר קאָפּ! אַלע אירע צרות און וויטאָקן זאָלן אויסגיין צו זיי! געזען אַ מעשה! נעכטן קומט זי צוגיין, זיצן זיי דאָביידע, ווי צוויי טײַבעלעך... אַ צווייטן מאָל וועט זי זיי באַווײַזן ווי צו טײַבלעך זיך... זי וועט זיי שוין צעטײַבלען,ביידעמען... איר וועט זי אַרויסרײַסן אירע פאַרכאָוועטע צעפּ און אים וועט זי אַרויסיאָגן פון שטוב... מיטן שוך וועט זי אים אַרויסיאָגן — אַז זײַן ריח זאָל זיך דאָ גאָר נישט הערן...

זי האָט מיט כּוח גענומען טרייסלען לייזערן פאַר דער פּלייצע:

— ביזקל וואַנעט וועסטו דאָ ליגן און פּאָפן, זאָג איך? גיי מאַך טיי! איך בין שוין אַ פאַרחלשטע, בין איך, און ער כראָפּעט און כראָפּעט... מען זאָל אים נישט אויפוועקן וואָלט ער דאָ אַזוי אָפּגעלעגן ביז בײַ נאַכט, דער פּאַסקודניק... גיי! גיי!

לייזער איז אויפגעשטאַנען אַן אומצופרידענער. ראָזאַ האָט זיך בעסער אַוועקגעלייגט אויף דער ברייטער געוואָרענער בעט. פאַרן אויפשטיין האָט זי ליב געהאַט צו ליגן אין דער וואַרעמקייט און הערן דאָס זידן פונעם קאָכער אויפן קליינעם ליימענעם אויוועלע אין צווייטן צימער. דעמאָלט האָט זי זיך אָפּגעגעבן צו זכרונות פון אַמאָל, איבערגעטראַכט וועגן איר לעבן. ביזן אַוונט האָט זי נאָך געהאַט אַ האַלבן טאָג. דאָס איז געווען איר צײַט. זי האָט נישט געהאַט וואָס צו אײַלן זיך מיטן אויפשטיין. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי די

לעצטע פּאָר יאָר זענען אַריבער. דער טאַטע אירער, שעפּסל פּיסטאַשניק, האָט געהאַנדלט מיט אַלטע שמאַטעס. דאָס הויז איז געווען פֿול מיט קינדער, זי און די מאַמע זענען אויסגעריסן געוואָרן — ס'איז נישט געווען מיט וואָס צו פֿאַרשטאָפּן די מײַלער. דערצו האָט זי זיך שוין פֿון עטלעכע יאָר געדרייט מיט אַ בחור — מיט שמערקע גלאַנץ, אַ היטלמאַכער. ס'איז עפּעס יאָ געווען אַ שידוך און נישט קיין שידוך. ער האָט כּסדר אונטערגעקרענקט. זײַן משפּחה איז געווען געגן. דערנאָך, ווען מען האָט אים גענומען דינען, איז ער באַלד געשטאָרבן, אויפֿן אַנדערן חודש. זי איז נאָך מיט אַ יאָר פֿריִער געוואָרן אַ דינסט אין אַ האָטעל בײַ שניפּאָווסקין. ער האָט דאָס נישט געוואָלט לײַדן. נאָר וואָס זשע — האָט זי געזאָלט זיצן און וואַרטן ביז ער'ט אויפֿהערן צו קרענקען און צו קווענקלען? עסן ווילט זיך; און זי איז שוין נישט געווען קיין קליינע מיידעלע — פֿינף און צוואַנציק יאָר! געוויינלעך, אין האָטעל איז דאָס נישט אַזוי גלאַט. פֿון די געסט קאָן מען זיך נישט אויסדרייען גאָר אָן אַ קניפּ, אָן אַ צופּ. און שניפּאָווסקיס זונדל — פֿע, דער איז גאָר געווען אַ קריכער, אַ פּאַסקודניק! נאָר פֿון דעסט וועגן האָט זי זיך אָפּגעהיט. אָבער דער טאַטע איז געווען אַ רוסישער. האָט מען אים איינמאָל געכאַפּט אויפֿן גאַס און אַוועק־געשיקט. נו, נו, איז געווען אַ חורבן אין שטוב! און שפּעטער מיט דרײַ טעג, פֿאַרנאַכט, זי קומט אַהיים — וויסט און ווינד איז איר! אַ ליידיקע שטוב, אַ פֿינצטערע, די טירן פֿאַרשלאָסן, די שליסלען בײַ מירלען, דער שכנה זייערער. וואָס איז — מען איז געקומען און אַלעמען פֿאַרנומען. „אַז דער מאַן איז אַוועק דאַרף דאָס ווײַב מיט די קינדער אויך גיין, — זאָגן זיי, — אַזוי איז אַרויס אַ באַפֿעל!" און אָן עק. מער האָט זי פֿון זיי גאָרנישט געהערט. קיין בריוו פֿון מצרים קומען נישט אָן. נאָר פֿון וואַנען ווייס זי, אַז ס'איז זיי דאָרטן שלעכט? אפֿשר איז דאָס אַ גליק פֿאַר זיי, וואָס מען האָט זיי אַוועקגעשיקט. אַלע זאָגן, אַז דאָרטן איז בעסער ווי דאָ... און זי איז געבליבן אַליין. נעמט ער, שניפּאָווסקי, דער בעל הבית פֿון האָטעל — קיין גוטע שעה זאָל ער נישט האָבן נישט אויף דער וועלט, נישט אויף יענער וועלט — נעמט ער און הערט איר אויף אײַנגאַנצן צו צאָלן. „ווילסטו — אַרבעט, ווילסטו נישט — גיי אַוועק. די געשעפֿטן די איצטיקע טראָגן נישט אויף צו צאָלן די דינסטן", האָט ער געזאָגט. זי איז געבליבן אין האָטעל. אַ ברירה האָט זי געהאַט? האָט זי געמוזט נאָכלויפֿן נאָך די מחנות געסט און ווערן צוגעלאָזענער. דעמאָלט האָבן זיי זיך שוין געקלעפּט צו איר, ווי בינען צו האָניק. נאָר פֿון דעסט וועגן האָט זי זיך נאָך אַלץ אָפּגעהיט. אָבער ס'איז געווען נישט צו דערלײַדן. איינער איז איר באַזונדער געקראָכן אין די ביינער. יענער — דער קורצינקער, מיט די גראָבע, רויטע בעקלעך — גאָר נישט אויסגעזען ווי קיין טערק. ער פֿלעגט כּסדר אָפּהיטן ווען זי פֿלעגט אַרײַנגיין צוקלײַבן בײַ אים אין צימער. קוים וואָס זי פֿלעגט זיך אַרויסרײַסן פֿון אים — אַרויסשפּרינגען אין קאָרידאָר, ווי אַן אָפּגעפּאַרעטע. און איין מאָל, ווען זי האָט בײַ אים פֿאַרבעט די בעט,

האָט ער זיך אויף איר אַרויפֿגעוואָרפֿן פֿון הינטן, שוין גאָר אָן אַ פֿונק פֿון בושה... טערקישע שטיק! זי האָט זיך געפֿילט פֿאַראומריינט, פֿאַרגוואַלדיקט, כאָטש זי איז נאָך געווען אַ מיידל, ווי פֿריִער. דאַן איז דאָרט אײַנגעשטאַנען לוטפֿי־בעי, אַן אָפֿיציר, שוין נישט קיין יונגער. אַ רוזקער, אַ גאַנץ גוטער — האָט ער זי גערופֿן זי זאָל צו אים גיין פֿאַר אַ קעכין. זי האָט שוין גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען אויף וואָס זי גייט. נאָר אַלץ איז געווען בעסער ווי צו בלײַבן אין האָטעל. אַזוי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן... זי האָט געהאַט בײַ אים אַ גרינג לעבן. און אַפֿילו זאַכן האָט ער איר געקויפֿט — די אוירינגלעך, דעם גאָלדענעם זייגערל. נאָר ס'האָט נישט לאַנג געדויערט — מען האָט אים אַוועקגעשיקט אויף דער מלחמה, און זי איז געבליבן אויפֿן גאַס...

אירע געדאַנקען זענען אַריבערגעשפּרינגען אויף לייזערן. עפּעס איז ער אַרײַן אין איר לעבן אומבאַמערקט, אַרײַנגעגליטשט זיך גרינג און שטיל, פֿאַרנומען זײַן באַשטימטן אָרט אין צווייטן צימער, באַדינט זי, געמאַכט איר נײַע באַקאַנטשאַפֿטן — און גאָרנישט. זי האָט זיך וויניק געקימערט וועגן אים — צי ער איז דאָ, אָדער ער איז אַוועק, וואו ער גייט און פֿון וואַנען ער קומט. ער איז איר געווען געפֿעלן מיט זיין גלעטנדיקן קול און גנבֿישע, כיטרע אייגלעך, מיט זײַן גלאַט פּנימל, וואָס האָט געהאַט אַזאַ יונגלשן אויסזען און וואָס האָט באַהאַלטן אַזאַ געריבענע צעלאָזנקייט, אויף וועלכער זי אַליין האָט זיך נישט זעלטן געחידושט. און צו דעם איז ער איר פּשוט געווען נוצלעך. זי האָט זיך נישט אַרומגעזען, ווי זי האָט זיך צו אים צוגעוואוינט, צוגעבונדן זיך מיט די שטאַרקע בענדער פֿון געוואוינהייט, פֿון צוזאַמענלעבן. מיט אים האָט זי אָפּגערוט פֿון די פֿרעמדע, וועלכע האָבן איר פֿאַרמיאוסט דאָס לעבן. מיט אים האָט זי געפֿלוידערט אין דער פֿרײַער צײַט. זי האָט זיך געשטיצט אויף אים אין די שווערע מינוטן. זי האָט פֿון אים פֿאַרלאַנגט טרייסט און הילף, ווען זי האָט זיך געפֿילט שוואַך און עלנט. ער איז געווען איר מאַנסביל, איר ריכטיקער מאַן, און אין האַרצן — אין איר פֿראָסטן, ווײַבערשן, ריינעם האַרצן — איז זי אים געווען געטרײַ ווי געוויינלעך דאָס ווײַב דעם מאַן. און פּונקט אַזוי האָט זי געגלויבט, אַז ער איז איר געטרײַ. אין דעם, אַז ער דאַרף איר זײַן געטרײַ, האָט זי גאָר קיין ספֿק נישט געהאַט. דאָס וואָס זי איז אַ נפֿקא האָט אין אירע אויגן נישט געענדערט די זאַך. צו יענע, צו די געסט, האָט זי דאָך קיין שום געפֿיל נישט געהאַט. דאָס איז געווען מער נישט ווי פּרנסה. זיי זענען געקומען און אַוועקגעגאַנגען, ווי קונים אין אַ קלייט. און מיט אים איז גאָר אַנדערש... און דעריבער איז זי געוואָרן אַזוי אויפֿגעקאָכט אויף אים, ווען זי האָט באַמערקט, אַז ער הויבט אָן האָבן געשעפֿטן מיט זלאַטען דער לאַנגער. דאָס איז געווען פֿאַר זיי, אין דער לעצטער צײַט, אַ קוואַל פֿון שטענדיקן כּעס און צוזאַמענשטויסן. זי האָט אים באַשולדיקט, אַז ער איז פֿאַלש, און האָט געשריִען, אַז זי וועט די זלאַטקע, דעם דאַרן דראָנג, אַרויסיאָגן אין האַלז און נאַקן. ער האָט אַלץ געלייקנט. אָבער, איין מאָל האָט

זיך בײַ איר אויפֿגעוועקט אַ חשד, האָט זי אים שוין מער נישט געטרויט. זי האָט געוואוסט פֿון לאַנג, אַז ער איז אַ ליגנער, נאָר ווי עס מאַכט זיך אָפּט איז איר פֿריִער נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז ער זאָגט איר אויך ליגן. און וואָס איז געווען גאָר מאָדנע, פּונקט אַזוי ווי זי האָט זיך פֿאַרהאַלטן צום אים פֿריִער רויִק, אָן אַ באַזונדערן אינטערעס צו דעם, וואָס ער טוט און וואו ער פֿאַרברענגט זײַן צײַט, ווען ער גייט אַוועק, איז זי איצטער געווען אין איין אויפֿרעגונג, און געהאַלטן אין איין טראַכטן און איבערטראַכטן וועגן אים. זי האָט יעדעס מאָל פֿאַרלאַנגט פֿון אים אַ גענויעם דין וחשבון וואוהין ער גייט און ווי לאַנג ער וועט זיך זאַמען, און וואו איז ער געווען? און ווען זי פֿלעגט אים כאַפּן, אַז ער דרייט, פֿלעגט זי שטורמען און געוואַלדעווען, אַזוי ווי ער וואָלט זי באַגזלט. עס האָט זיך שוין געמאַכט איין מאָל, אַז זי האָט אים גאָר אַרויס־געטריבן. און דערנאָך האָט זי פֿאַרבראַכט אַ נאַכט אין שרעק, אַז ער וועט נישט קומען צוריק. יענע נאַכט האָט זי זיך געפֿילט גאָר אומגליקלעך. זי איז געווען אַליין, פֿאַרלאָזן. פֿריִער האָט זי גאַרנישט געוואוסט ווי עלנט זי איז. זי האָט זיך גאָר קיינמאָל נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז זי איז אַזוי שרעקלעך צוגעבונדן צו אים. זי האָט מורא געהאַט, צי עפּעס וואָס איז נישט געשען מיט אים. אפֿשר האָט מען אים געכאַפּט אין גאַס און ער וואַלגערט זיך שוין ערגעץ אין טורמע? ווען ער איז אויף מאָרגן געקומען גאַנץ און געזונט, און פֿריילעך צופֿרידנדיק, אַזוי ווי ס'וואָלט קיין זאַך נישט געווען, האָט זי אים אַרומגענומען מיט געוויין, און געבעטן ער זאָל איר מוחל זײַן, און מער וועט אַזוינס נישט פֿאַרקומען. און ער האָט זיך באַלד אָנגעבלאָזן און געזאָגט קאַלט, אַז ער איז נאָר געקומען נאָך די זאַכן. קוים וואָס זי האָט זיך בײַ אים אײַנגעבעטן ער זאָל בלײַבן. דערנאָך איז זי שוין געווען מער אײַנגעהאַלטן. אָבער ווען זי האָט שפּעטער איבערגעטראַכט האָט איר גענאָגט דער געדאַנק, אַז ער האָט פֿאַר־בראַכט יענע נאַכט בײַ זלאַטען. און כאָטש ער האָט איר געשוואוירן מיט אַלע שבֿועות, אַז ער האָט געגעכטיקט אין דער היים, בײַ דער מאַמען, האָט בײַ איר אין האַרצן דאָך געלעבט אַ ספֿק.

לייזער האָט איר דערלאַנגט אין בעט זיסן טיי מיט מילך, און האָט געעפֿנט אַ פּושקע סאַרדינען. פֿון דער זייט האָט ער געקוקט אויף איר מיט פֿײַנטלעכע אויגן, נאָר ווען ער האָט באַגעגנט איר קוק האָט ער צו איר געשמייכלט און געפֿרעגט אויב דער טיי איז גענוג זיס. זיך האָט ער געלייגט אין גלאָז פֿיר שטיקלעך צוקער — ער האָט ליב געהאַט גאָר זיסן טיי. קיין צוקער האָט זיי נישט געפֿעלט — זיי האָבן געקראָגן פֿון די אָפֿיצירן, די געסט, אַלץ וואָס ס'האָט געפֿעלט אין דער הונגעריקער שטאָט. לייזער האָט זיך זייער גיך איינגעוווינט מיטן גוטן עסן און ווייכן און וואַרעמען געלעגער — מען האָט געקאָנט מיינען, אַז ער איז גאָר אַנדערש קיינמאָל נישט געווען געוווינט. בכלל איז ער געווען צופֿרידן מיטן רויִקן און באַוואָרנטן לעבן בײַ ראָזאַן. מער נישט, וואָס זי אַליין האָט אים שטאַרק דערעסן, מיט יעדן טאָג אַלץ

מער און מער. ער האָט אויף איר געקוקט, ווי זי איז געלעגן, די דינסטמויד פון האָטעל, און האָט זיך געפּיעשטשעט אין בעט — אַ קורצע, מיט אַ גראָבן פּנים און רויטע האָר — און ער האָט געהאַט אַ חשק צו כאַפּן זי ביי אָט די געדיכטע רויטע פּאַטליעס און אַרויסשלעפּן אויפן גאַס — אָט ווי זי איז, אין איין העמד — און צושליסן הינטער איר די טיר. דעמאָלט וואָלט ער זיך געלייגט אויף איר אָרט און וואָלט רויק געגאַנסן פון דער וואַרעמער בעט און פונעם גוטן עסן. ער האָט איר מקנא געווען און האָט געזען אַ מין אומ־געדעכטיקייט פון גאָט אין דעם, וואָס זי האָט אַזאַ גרינג לעבן. פאַרוואָס קומט דאָס איר? מער נישט, וואָס זי איז אַ נקבֿה? און ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם, וואָס ער וואָלט געטאָן און ווי ער וואָלט זיך אַראַנזשירט, ווען ער זאָל זיין אַ נקבֿה.

ער האָט געדאַרפט איצטער צוגיין צו חיהקעס גרעק. פון דאָרטן וועט ער זיך אפשר אַריינכאַפּן צו זלאַטקען. אָט וועט זי דערזען, די פּאַדלע, אַז ער טוט אָן דעם מאַנטל, וועט זי אָנהייבן די פיר קשיות: וואוהין? צוליב וואָס? ווען וועסטו צוריקקומען? עס וואָלט כאָטש ביי איר אָפּגענומען די צונג איין מאָל — זי זאָל נישט פרעגן אַזוי פיל פרעגענישן! גיי דערצייל איר, אַז ער גייט צום גרעק און וועגן וואָס ער גייט צו אים. פונעם געדאַנק וועגן דעם גרעק מיט זיינע געשעפטן האָט אים גענומען דרייען אין בויך: ער וועט אַמאָל אַריינפאַלן וועט זיין פאַרפאַלן! ער האָט געזען פאַר די אויגן דעם גלאַנץ פון די ביינאינקע מעדשידיס, וועלכע דער גרעק פלעגט אים געבן אויף אויסביַיטן אין שטאָט. גוט וואָס זיי האָבן זיך געכאַפּט באַציַיטנס און געמאַכט זיי זאָלן אויסזען עלטער. אַנישט האָבן זיי זיך צופיל געוואָרפן אין די אויגן מיט זייער נייַקייט. דאָס איז געווען אָן אמתע סכּנה! ער האָט זיך באַמיט אָפּצוטריַיבן די שרעק־מחשבֿות, און האָט זיך געזאָגט מיט די ווערטער, מיט וועלכע חיה, זיַין שוועס־טער, האָט אים געענטפערט, ווען ער האָט גערעדט צו איר פון דער סכּנה: „וועגן אַריַינפאַלן איז אָפּגערעדט. מיר האָבן דאָס אויסגענומען מען זאָל נישט אַריַינפאַלן!"

כּדי זיך גרינגער מאַכן אויפן האַרצן האָט ער גענומען קלערן פון זלאַטען. אים אַליין איז געווען נישט פאַרשטענדלעך וואָס עס ציט אים אַזוי צו איר: אַ דאַרע, אַ הויכע, אַ ביינערדיקע, אַ טרוקענע, אַ פאַרזעעניש. די האָר קריכן איר אַרויס ביַים קעמען זיך — גאַנצע הויפנס — גיך וועט זי האָבן אַ פּליך איבערן גאַנצן קאָפּ. און קאַרג איז דאָס — פאַר אַ פּאַרע וועט זי זיך לאָזן די נשמה אַרויסציִען. ער האָט ביי איר קיינמאָל נישט געהאַט מער ווי אַ קאַלטע גלאָז טיי מיט צוויי פאַרפוילטע ראַזשינקעס. די אייגענע קינדער וואָלטן ביי איר אויסגעגאַנגען פאַר הונגער, ווען דעם מאַנס עלטערן וואָלטן זיי צו זיך נישט גענומען. שטייט אין קלייטל און האַנדלט מיט די סאָלדאַטן אַ גאַנצן טאָג, האָט מיט זיי געשעפטן, און אַז ס'קומט צום ביַיטל — זי האָט נישט! פאַר זיך אויף צום עסן האָט זי נישט, דער שלאַק! פונעם מאַן קומט אַמאָל

אָן אַ בריוול פֿון קושטא, וואו מען האָט אים אַוועקגעשיקט דינען, קלאָגט ער און וויינט, אַז ער ווערט דאָרט פֿאַרשוואַרצט און בעט זיך ביי איר זי זאָל אים שיקן כאָטש איין לירע. לאַכט זי: פֿונוואַנען זאָל זי נעמען? אַ פּריץ האָט פֿאַרלוירן? אַזאַ שטיק כאָלערע איז דאָס! און פֿון דעסט וועגן האָט זי זיך אַריינגעטראַסקעט אין אים און גייט נאָך אים אויס... פּשוט זי לויפֿט נאָך אים נאָך, אָט אַזוי ווי יענע אָפֿיצירן, ווען ער האָט געדינט. און דאָס איז אפֿשר, וואָס ווירקט אויף אים. זי האָט אַזעלכע אַיוזערנע הענט. און ווען זי גיט אים אַ נעם אָן... נישט אַזוי ווי די פֿאַדלע, וועלכע ליגט און וואַרט ביז מען וועט זי אַ גלעט טאָן... יענע איז גאָר ווי נישט קיין נקבֿה. אַ מין רוח זיצט אין איר.

און לייזער האָט צוזאַמענגעצויגן דעם בויך פֿאַר תּענוג — אַזוי ווי ער וואָלט זיך שוין געפֿילט אין זלאַטעס ביינערדיקע הענט.

— דו גייסט אַוועק? — האָט אים געפֿרעגט ראָזאַ, זעענדיק ווי ער טוט אָן דעם מאַנטל און די הענטשקעס.

— איך גיי אַהיים! — האָט ער געזאָגט, אַרומלויפֿנדיק מיט די אויגן איבערן צימער.

— וואָס איז? ווייטער פֿאַרבענקט זיך נאָך דער מאַמען? — האָט זי אים געשטאָכן.

— ווייסט דאָך, אַז מיין שוועסטער האָט חתונה געהאַט.

— וואָס זשע נעמסטו מיך נישט מיט, האַ?... עפּעס פֿאָרט אָן אייגענע... כאַ־כאַ־כאַ!... וואָס? אפֿשר שטייט זיי נישט אָן דער יחוס — אַ קרענק זיי אין די ביינער אַריין!... ווער איז דער חתן, לייזערקע?

— לאָמיך צורו!... דו קענסט אים נישט!

— אפֿשר קען איך אים יאָ? אפֿשר איז ער ביי מיר אויך געווען?

— ער איז נישט געווען! ער איז נישט פֿון די...

— וואָס? עס פּאַסט דיר נישט, אַז דיין שוואָגער זאָל צו מיר קומען? דיר, לייזערקע?... כאַ־כאַ־כאַ!...

— טשעפּע זיך אָפּ!... ער איז אַ סטאָליער. מאיר פֿונק, הייסט ער... ער איז פֿון די רוסישע... נו, קענסטו אים?

— גריס אים פֿון מיינעטוועגן, — האָט ראָזאַ אים נאָכגעשריגן. — און זאָג אים, אַז איך האָב אים געבעטן קומען! אַזוי... ס'וועט קיין געלט נישט קאָסטן... מיר קערן פֿאָרט זיך עפּעס אָן!...

— פּלאַצן זאָלן דיר די געדערים, רויטע פֿאַדלע! האָט לייזער געזאָגט מיט האַרץ, ווען ער איז געווען אויפֿן גאַס, און זי האָט אים מער נישט געקאָנט הערן.

איצטער האָט ער ערנסט געקלערט וועגן אַוועקוואַרפן זי און אַריבער־קלייבן זיך צו זלאַטקען. מער נישט, וואָס יענע איז אַזוי קאַרג. אָבער ס'איז גאָרנישט: פאַר אים וועט זי נישט זײַן קאַרג. איינמאָל האָט ער דאָך שוין בײַ איר איבערגעכאַפּט אַ גאַפּאַלעאָן. ס'איז געווען אַן אַנדער זאַך, וואָס האָט אים אָפּגעהאַלטן: ראָזאַ האָט פאַר כעס געקאָנט אויף אים אָנמסרן, אַז ער איז אַ דעזערטיר. זי איז אַ רויטע. מיט קיין רויטע שפּילט מען זיך נישט. זאָל נאָך גיין דערוויילע ווי עס גייט. אפשר וועט ער פון איר פּטור ווערן אויף אַן אַנדער אופן. אפשר וועט זי כאַפּן די כאָלערע!

דער גרעק סימאָנידעס האָט געוואוינט אויף יפו'ער גאַס, אויפן צווייטן עטאַזש פון אַ קליין, אָפּגעזונדערט, אַלט הײַזל, וואָס איז געשטאַנען בײַם אַרײַנגאַנג אין אַ שמאָל געסל. אין דער אונטערשטער קעלער־וואוינונג איז געזעסן אַ שנײַדער. דער גאַנג צום גרעק איז געווען פון געסל. לייזער איז אַרײַן אין הויף, וואָס האָט אויסגעזען וויסט און פאַרלאָזן. די הילצערנע טרעפּלעך, וואָס האָבן געפירט אַרויף, זענען געווען פוילע און צעפּאָרענע. אויפן צווייטן ברעטל האָט גאָר געפעלט די ברעט. ער איז אַרויף אויבן און האָט זיך דערשראָקן אָפּגעשטעלט אין טיר — אין שטוב איז געזעסן אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר.

— אָ, יאָ, פאַראַר! — האָט אים פרייליך באַגריסט דער גרעק. — קום אַרײַן! ישמעאין עפענדי וועט דיך נישט אויפעסן! איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז בײַ מיר אין שטוב דאַרפסטו פאַר קיינעם נישט מורא האָבן.

לייזער איז אַרײַן אַ באַרויקטער. בכלל האָט ער זיך שוין אײַנגעוווינט מיט זײַן מצב פון אַ דעזערטיר. זרחן, דעם מוכטאַר, האָט ער פון צײַט צו צײַט אַרײַנגעשטעקט אַ מעדשידי לאַ־יחרץ־געלט, און ווײַטער האָט אים קיינער נישט געטשעפּעט. פאַר די אָפיצירן, וואָס פלעגן קומען צו ראָזאַן, האָט ער גאָר נישט מורא געהאַט. פאַרקערט, ער איז מיט זיי געווען אַ גאַנצער גוטער ברודער. ער האָט זיך געפילט, אַז ער ווייס גאָר גוט ווי אומצוגיין מיט זיי — נאָך פון דער אַרמיי האָט ער זיך אויסגעלערנט. זיי זענען געווען פאַר אים אַ שוץ, נישט קיין סכנה. מיט פּאָליציי אָבער האָט ער ווייניק געהאַט געשעפטן. נאָר בײַם גרעק האָט ער זיי אַן אַנדער מאָל באַגעגנט. צום ערשטן איז אים גאָר אײַנגעפאַלן דאָס הארץ. ער איז געווען זיכער, אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער, אַז זיי אַלע זענען פאַרפאַלן. דערנאָך האָט ער זיך אײַנגעוווינט, אַז דער גרעק האָט פּאָליציי־לײַט גוטע ברידער און איז געווען מיט דעם צופרידן. פון דעסט וועגן פלעגט ער יעדעס מאָל פון דאָס נײַ ווערן אַ פאַרציטערטער בײַ אַן אומגעריכטן צוזאַמענטרעפן בײַ סימאָנידעסן מיט איינעם פון די היטער פון געזעץ. און עס איז אַזוי: פון וואַנען זאָל ער וויסן, אַז דער איז אויך אַ פרײַנט און איז נישט געקומען צו זוכן און צו אַרעסטירן?

סימאָנידעס איז געזעסן אויף אַ ווייכן שטויביקן פּאָטער־שטול, מיט די לאַנגע פיס אין שוואַרצע, לעדערנע געטרעס אויסגעצויגן צום פּאַרוויכערטן נאָפּט־אייוועלע, וואָס האָט שטיל געברענט אין מיטן שטוב. דורך די שוואַרצע וואָנסעס האָט ער אַרויסגעלאָזט רינגלעך רויך צום באַלקן. ער האָט געהאַט אַן אָוואַלן, טונקעלן פּנים, אַ גרויסע, פליישיקע און טונקעלע נאָז, קונציק פאַרדרייטע וואָנסעס און גרויסע ציין. ווען ער האָט געלאַכט האָבן זײַנע ציינער ווײַס געבלאַנקט און ס'האָט בײַ אים געגאָרגלט אין האַלז. דער בולטער האַלז־עפּל האָט זיך געוויגט און געטרייסלט, און געשניטן די אויגן מיט זײַן שאַרפקייט.

ישמעאין עפענדי, דער פּאָליציי־קאָמיסאַר, האָט אויך געראויכערט אַ ציגאַר. חיה איז אַרײַן פון קיך מיט אַ זילבערנער טאַץ מיט דרײַ טעפּלעך שוואַרצע, שמעקעדיקע אַראַבישע קאַפע. זיי האָבן געזופּט פּאַמעלעך, מיט טעם, געראויכערט, געשמועסט, און ווײַטער געזופּט פּאַמעלעך.

— דו וואָלסט זיך דורכגעפאָרן קיין דמשק, לייזער? — האָט געפרעגט סימאָנידעס.

— מכּות וואָס?

אין האַרצן האָט ער זיך שוין אָנגעשטויסן מכּות וואָס און האָט אָנגע־שטרענגט דעם מוח צו געפינען אַן אויסרייד אויף אָפּזאָגן זיך. דאָ אין ירושלים איז ער שוין געוועזן געוויינט מיט דער לאַגע. ס'איז אים פאַרגעקומען, אַז דאָ איז ער זיכערער. און אויפן וועג קאָן זיך אַלץ מאַכן. אמת, ער האָט עסטרײַכישע פּאַפּירן. ס'איז אָבער נישט אַזאַ פאַרגעניגן צו גיין זיי ווײַזן און ענטפערן אויף אַלע שאלות. און דערבײַ נאָך די געשעפטן זייערע. בכלל האָט ער חרטה געהאַט וואָס ער האָט זיך מיט זיי פאַרבונדן. חיהקע האָט אים אַרײַנגעשלעפּט. נישט נאָר וואָס זי שטעקט דעם אייגענעם קאָפּ אין פײַער האָט זי נאָך געדאַרפט דעם ברודער אויך מיטשלעפּן. ער וואָלט געקאָנט לעבן זיך גאַנץ רויִק, אָן דאגות און קאָפּ־דרייעניש, בײַ ראָזאַן. און וואָס האָט ער פון דעם גאַנצן גרעק? טאָמער פאַלן אים אַרײַן עטלעכע מעדשידיס דורכן חודש? און אַמאָל דאָס אויך נישט. יענער ווייס גאַנץ גוט, אַז ער איז בײַ אים אין די הענט און שאַפט זיך מיט אים. זי האָט אים אַרײַנגעשלעפּט אין אַ גוטער בלאָטע, חיהקע!...

— וועגן וואָס? פויערשער קאָפּ דײַנער, וועגן אָנקוקן די פאָנטאַנען. דו ביסט קיינמאָל נישט געוועזן אין דמשק? זייער אַ שיינע שטאָט, דמשק! ווי קומט צו איר ירושלים?

סימאָנידעס האָט געשמייכלט, בלאַנקענדיק מיט די ווײַסע ציינער.

— וואָס וועסטו אים שיקן? — האָט זיך אַרײַנגעמישט חיהקע. — ער איז נאָך צו יונג. אַ יונגער בחור אַזאַ ווי ער — יעדער איינער וועט אים

נעמען צום פאַרהער. און ער ווערט גלײַך בלאַס און ציטערט. געפֿונען ווּעמען צו שיקן וועגן אַזאַ זאַך!

— וואָס זשע טוט מען? — האָט דער גרעק געמאַכט ערנסט. — מען קאָן נישט כסדר אין ירושלים. די שטאָט איז אַ קליינע, עס הויבט זיך שוין אָן צו פילן. אָט ישמעאין עפּענדי זאָגט אויך, אַז מען רעדט שוין. אין דמשק, אין ביירוט — דאָרטן איז אַ מענטש ווי אַ נאָדל אין אַ זאַק — זעט זיך גאָרנישט אָן. מען דאַרף נעמען אַהין אַרויספירן די סחורה. דאָ מוזן מיר אויפהערן אויף דערווײַלע.

— איך וועל אַליין פאָרן, — האָט חיה געזאָגט מיט באַשלוס. — איך וועל דאָס בעסער מאַכן!

— אַ מויד אַ פײַער! — האָט געלאַכט דער גרעק, פאַטשנדיק זי איבערן לענד און אַרויפקוקנדיק צו איר מיט התפעלות.

— יאָ, זי וועט דאָס בעסער מאַכן! — האָט מסכים געווען דער שווײַגנ־דיקער פאָליציי־קאָמיסאַר. — בכלל איז איצטער פאַר אַ פרוי גרינגער צו פאָרן... צו קריגן אַ דערלויבעניש, און אַלץ... און ס'איז נישט אַזוי פאַר־דעכטיקט. זאָל זי זיך אָנטאָן, ווי אַ טערקישע.

לייזער האָט זיך אײַנגיכן אָפּגעטראָגן פון דאָרטן אַ צופרידענער, וואָס מען האָט אים געלאָזט צורו. געוויס איז בעסער חיהקע זאָל פאָרן. זי וועט אַלץ אויספירן. מיט איר וועט זיך קיין בייז נישט טרעפן. זי קאָן זיך אַרויס־דרייען פון יעדן קלעם. אַזאַ מזל האָט זי שוין.

ער איז איצטער אַ באַרויקטער, מיט אַ שפּאַצירנדיקן טראָט, געגאַנגען צו זלאַטען. אַ פײַן־אָנגעטאָענער בחור, אין אַ גוטן ברוינעם מאַנטל, מיט ברוינע הענטשקעס אויף די הענט.

# 16

ראָזאַ האָט זיך געפֿילט אויסגעשלאָפֿן און אויסגערוט ביז זאַט. סוף כּל סוף איז איר דערעסן געוואָרן צו ליגן אין בעט אָן באַוועגונג. די שטראַלן פֿון דער זון האָבן שוין אויך אויפֿגעהערט צו שפּילן מיט זייער ליכט אויף די ווײַסע פֿאָרהענגלעך. ווײַזט אויס, אַז אויפֿן הימל האָט זיך אָנגערוקט אַ נײַער וואָלקן. דער שאָטן פֿון די גראַטעס האָט זיך מער נישט אויסגעמאָלט אויפֿן לײַוונט און דער לײַוונט איז מער נישט געווען באַלויכטן. די לופֿט אויבן איז אויך געוואָרן טונקעלער. ראָזאַ האָט זיך געזאָגט, אַז בײַ נאַכט וועט ווידער רעגענען.

דאָס איז איר געווען אַלץ איינס. זי האָט אין ערגעץ נישט געהאַט צו גיין בײַ נאַכט. איצט אָבער האָט זיך איר געגלוסט דורכגיין זיך אויף דער פֿרישער לופֿט נאָכן טאָג ליגן. בײַם אָנטאָן זיך האָט זי ווײַטער גענומען קלערן פֿון לייזערן. ס'איז פֿאַר איר קיין ספֿק נישט געווען, אַז זינט זלאַטקע די לאַנגע האָט צו איר אָנגעהויבן קומען אַזוי אָפֿט, איז ער געוואָרן אַן אַנדער מענטש. זלאַטקע האָט זיך פֿאַרלייגט אויף אים. פֿאַר איר, מיט אירע סטאַרטשענדיקע קריזשעס און שטעכעדיקע ריפּן, איז דאָס אַ גאַנצער מאכל — אַזאַ יונג ייִנגל. און ער — ער איז שוין אַזוי. אַ נאָכגיביקער איז ער. בסך הכּל האָט ער אַ טבֿע פֿון אַ מיידל — אַז מען זעצט זיך אויף אים אָן גיט ער נאָך... נאָר זי וועט זיי באַווײַזן ווער זי איז. זלאַטקען וועט זי אַרויסוואַרפֿן פֿון שטוב — זי זאָל איר שוועל זיך נישט דערוועגן איבערצוטרעטן. און אים וועט זי געבן אַזאַ גאָב, אַז ער וועט שוין פֿאַרזאָגן אַ צענטן, ווי אָפּצונאַרן זי. זי וועט אים שוין אַרײַנבעמען אין די הענט. ער וועט שוין בײַ איר זײַן ווי אַ קאָטינקע!...

זי האָט אַ וואָרף געטאָן פֿון זיך די צעריסענע זאָקן און גענומען אַנדערע. דאָס גרינע קלייד איז איר אויך הײַנטיקס מאָל נישט געפֿעלן געוואָרן — האָט זי דאָס געלאָזן ליגן אויף דער ערד און אָנגעטאָן דאָס שוואַרצע זײַדענע מיט די גלאַנציקע פּאַסן. צו דעם האָט שוין געפּאַסט אויך די שוואַרצע בלוזקע און דער האַרטער שוואַרצער הוט מיט די ברייטע ראַנדן. זי איז נאָך געשטאַנען פֿאַרן שפּיגל אַ האַלבע שעה, שמירנדיק זיך מיט אַ פֿעטער זאַלב און פּודרענדיק זיך. פֿון דעם איז איר פּנים געוואָרן גלאַט און באַקומען אַ טויטן מעל־קאָליר. דאָס האָט זיך גערעכנט פֿאַר שיין אין די אויגן פֿון די מזרח־מענטשן. עס איז

באמת געווען אַ רייצנדיקער דיסאָנאַנס צווישן איר שוואַרצן אָנטאָן, איר גלאַטן, מעל־ווײַסן פּנים און די רויטע האָר־פּליגלען, וואָס האָבן אַרומגעראַמט אירע באַקן און זיך געלייגט אין אַ גראָבן קנויל אויף איר נאַקן. זי איז געווען צופֿרידן מיט איר אויסזען און מיט איר גאַנצן מזל. זי האָט זיך דערמאָנט וועגן איר דינען אין האָטעל און האָט אַ לאַך געטאָן מיט פֿאַראַכטונג. ווען זי וואָלט זיך באַצײַטנס נישט אַרויסגעריסן פֿון דאָרטן וואָלט זי נאָך דאָרט עד היום פֿאַרשוואַרצט געוואָרן. אין האָטעל זייענדיק האָט זי קיינמאָל נישט געקלערט ווי זי זעט אויס, נאָר אַמאָל פֿאַרבײַגייענדיק געכאַפּט אַ בליק אין אַ שפּיגל. זי האָט זיך געהאַלטן גאָר פֿאַר מיאוס. דאָרטן וואָלטן זי קיינמאָל נישט געוואוסט וואָס הייסט גוט אָנטאָן זיך. און זי וואָלט קיינמאָל נישט געהאַט אַזעלכע קליידער און צירונג. זי האָט זיך אָנגעטאָן די גאָלדענע פֿינגערלעך און דעם גאָלדענעם זייגער, וואָס לוטפּי־בעי האָט איר געשענקט. איצטער איז זי געווען אַן אַמתע דאַמע, אַזוי ווי די, וואָס פֿלעגן זיך אָפּשטעלן אין האָטעל, בעת זי איז דאָרט געווען אַ דינסט.

זי האָט געלאָזן אין שטוב אַלע זאַכן ליגן דאָרט וואו זיי זענען געפֿאַלן — אויף דער ערד און אויף דער נישט פֿאַרבעטעטער בעט — און איז אַרויס אויפֿן גאַס.

דער גאַנצער הימל איז שוין געווען פֿאַרדעקט מיט וואָלקנס. זיי זענען געקראָכן פֿון צפֿון צו דרום. אין ווײַטן דרום־עק זענען זיי נאָך געווען גאָר שיטער — זיי האָבן דאָרט אויסגעזען, ווי שטראָמען פֿאַרע, וואָס ציִען זיך אויס און ווערן צעגאַנגען אין דער רחבֿות פֿון דער הימל־לופֿט. איבער איר קאָפּ אין שטאָט האָבן זיי זיך שוין מער צונויפֿגעפּרעסט און פֿאַרשטעלט די זון מיט זייער גרויער, שטיל און געדיכט שווימענדיקער מאַסע.

ראָזאַ איז אַרויס אויף אַ גאַס, וואָס איז געלעגן הויך איבער אַ נישט פֿאַרבויטן טאָל. פֿון דאַנען האָט זיך איר אַנטפּלעקט די קייט מיט בערג, וואָס האָבן זיך אויסגעצויגן אַנטקעגן דער שטאָט — הר הזיתים און הר הצופֿים. זיי האָבן פֿון דאַנען אויסגעזען נישט הויך, אויסגעצויגן אין דער לענג, די קעפּ אַרײַנגעשלעפּט אין די פּלייצעס. דאָס, וואָס האָט איר געמאַכט קוקן, איז געווען נישט דאָס בילד פֿון די בערג. דאָס האָט זי שוין נישט איין מאָל געזען. דאָס אומגעווייינלעכע אין דעם איז געווען, וואָס דער גאַנצער לאַנגער קאַם, מיטן אַראָפּבאַרג, וואָס צו דער שטאָט צו, איז געווען מאָדנע שוואַרץ, ווי אויסגעברענט. עס איז געווען אַ שוואַרצקייט, ווי די, וואָס בלײַבט אויף דער ערד פֿון קוילן. ראָזאַ האָט צוערשט נישט פֿאַרשטאַנען וואָס איז דאָ געוואָרן מיט די בערג און האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן. עס איז איר אײַנגעפֿאַלן, אַז אפֿשר איז דאָרט געווען אַ גרויסע שׂרפֿה. נאָר אויפֿהויבנדיק דעם קאָפּ אויבן האָט זי אַ שמייכל געטאָן: גראָד איבער יענע בערג האָט זיך אָנגעלייגט אַ טיפֿער, בלוי־שוואַרצער, ברייטלעכער וואָלקן־פּאַס. בלויז דער

טור־מלכּא איז געווען ווײַס, און דיק, און שפּיציק, און אונטן האָבן געבלאַנקט די שטיינער פֿון די ייִדישע מצבֿות.

ראָזאַ איז געגאַנגען ווײַטער, אומקוקנדיק זיך נאָר אַ פּאָר מאָל אויף דער מוראדיקער שוואַרצקייט פֿון די אַנטקעגנדיקע בערג. עס איז געווען אין דעם עפּעס אַ כּוח, וואָס האָט געצויגן צו זיך. זי האָט זיי קיינמאָל נישט געזען אַזוי — יענע גרויסע בערג.

נאָר ווען זי איז אַראָפּ אונטן, אויפֿן וועג צו מאה שערים, און דער טאָל און די הײַזלעך אַרום האָבן פֿון איר פֿאַרשטעלט דעם שוואַרצן קאַם פֿון די בערג, האָט זי אָן דעם באַלד פֿאַרגעסן. אירע געדאַנקען האָבן זיך אומגעקערט צו לייזערן און זלאַטען, און ווען זי האָט זיך אַרומגעקוקט וואו זי איז, האָט זי דערזען, אַז זי שטייט בײַ דער טיר פֿון זלאַטעס קלייטל. די טיר איז געווען צוגעמאַכט, אָבער נישט פֿאַרשלאָסן. זי איז אַרײַן. עס איז דאָ קיינער נישט געווען אינעווייניק. פֿון הינטערן ווענטל האָבן זיך געהערט אַ לאַכן און קוויטשערײַ. ראָזאַ האָט גלײַך דערקענט לייזערס קול.

„אַהאַ, זיי זענען אַזוי פֿאַרטאָן, אַז כאָטש נעם און צעטראָג דאָס גאַנצע קלייטל!" — האָט צו זיך אַ זאָג געטאָן ראָזאַ.

מיט איין שפּרונג איז זי געווען אינעם צימער, וואָס הינטערן קלייטל. זי האָט דערזען:

ביידע האָבן זיי זיך געוואַלגערט אין בעט. זלאַטע איז געלעגן אויפֿן רוקן, מיט די לאַנגע דאַרע פֿיס אויף לייזערס ברוסט און האַלז. ער האָט זיך געדרייט אונטער זייער דרוק און האָט ווײַזט אויס געוואָלט אַרויסקריכן פֿון בעט. ער האָט זיך שוין אויסגעדרייט און געלעגן אין דער ברייט פֿון בעט, מיט די פֿיס אַראָפּגעהאָנגען אונטן. נאָר זי איז געווען שטאַרקער פֿאַר אים. זי האָט אים צוגעקוועטשט מיט די קני און ער האָט זיך אומזיסטן געוואָרפֿן. אירע קליידלעך האָבן פֿאַרקאַטשערט ביז די פּאָלקעס, און די נאַקעטע פֿיס אירע האָבן אויסגעזען לאַנג, און ברודיק, און מוסקלדיק־שטײַף.

דערזעענדיק ראָזאַן האָט זי זיך נאָך נישט באַלד אויפֿגעהויבן. זי איז פּאַמעלעך, סאָפּענדיק אַראָפּגעקראָכן פֿון בעט. פֿון איר פּנים איז נאָך נישט אַראָפּ דער אויסדרוק פֿון תּאווהדיקן לאַכן. זי איז געשטאַנען פֿאַר ראָזאַן אַ צעשויבערטע און צעשנורטע, מיט אַן אַראָפּקריכנדיקן קלייד און אויפֿגעריסענעם קאָפּטל, פֿון וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעזען די שלאַפֿע ברוסטן, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען ווי צוויי געל־ווײַסע זעקלעך. לייזער האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט אויפֿן בעט, פֿאַרגאָסן מיט שווייס, און לויפֿנדיק מיט אומרויִקע אויגלעך, ווי אַ מײַזל אין אַ פּאַסטקע, פֿון איינער צו דער אַנדערער, און פֿון די טירן צום פֿענצטער.

זלאַטע האָט נאָך נישט געוואוסט ווי צו האַלטן זיך. דאָס אַרײַנפֿליִען פֿון ראָזאַן איז געווען גאָר אומגעריכט און געמאַכט זי צוערשט פֿאַרלירן זיך.

נאָר זי האָט זיך באַלד דערמאָנט, אַז זי איז בײַ זיך אין דער היים, און האָט שוין הנאה געהאַט פון דער מעשׂה — זאָל יענע צעפּלאַצט ווערן! זי מיינט, אַז זי האָט אים צוגעבונדן מיט אַ שטריק — און באמת איז ער גאָר אירער. זי דאַרף נאָר אַ וואונק טאָן מיט איין אויג קומט ער גלײַך צולויפן. אָט האָט זי אַליין געזען!

פון דעסט וועגן האָט זי נאָך געזאָגט גאַנץ פרידלעך:

— ער איז שוואַך אַזוי ווי אַ פליג, לייזערקע... מיט איין האַנט לייג איך אים אַנידער.

נאָר ראָזאַ איז צוגעשפּרונגען צו איר גאָר אויסער זיך פאַר כּעס:

— איך וועל אים אַנידערלייגן, אַז ער וועט שוין פאַרשפּאָרן אויפֿצושטיין!... און דיר וועל איך גאָר ווײַזן וואָס איך קאָן... אָט וועט דײַן מאַן קומען וועל איך אים אויסרעכענען דעם גאַנצן צעטל... אַלע סאָלדאַטן, וואָס זענען בײַ דיר געווען...

— אַזוי וועט ער טאַקע הערן, וואָס יעדע קורווע וועט אים דערציילן!
— האָט זלאַטע געזאָגט מיט אַ קאַלטער פאַראַכטונג.

— איך בין אַ קורווע? איך? — האָט ראָזאַ געשריִען מיט אַ קול פון אַ געקוילעטן אָקס, און מיט אַזאַ צאָרן, אַזוי ווי זי וואָלט דאָס צום ערשטן מאָל געהערט. איבער איר פּנים זענען אומגעגאַנגען ציטערנדיקע פּורפּור־רויטע פלעקן: און דו... דו, פּאַדלע, סקעלעט, הויט אוןביינער — וואָס ביסטו?

דאָס וואָרט סקעלעט איז געווען ווי דער לעצטער טראָפּן אין אַ גלאָז. זלאַטע האָט איר אַזוי אויך צופיל געלאָזט רעדן. איצטער איז זי איר גלײַך פאַרפאָרן אין די האָר.

— סקעלעט, זאָגסטו? — האָט זי געשיפּעט דורך די פאַרקוועטשטע ציינער. — בײַ מיר אין שטוב? איך וועל דיר ווײַזן וואָס פאַר אַ סקעלעט איך בין!...

ראָזאַ האָט געשריִען נישט מיט איר קול. אין זלאַטעס אײַזערנע הענט איז איר קאָפּ געגאַנגען אַהין און אַהער, ווי אַן אומרו פון אַ זייגער. דער הוט איז בײַ איר אַראָפּגעפאַלן. די בלויע האָט זיך צעריסן. דער גאָלדערנער זייגערל מיטן דינעם ווײַסן זילבערנעם קייטל איז געלעגן אויף דער ערד. זי האָט מיט די נעגל צעקראַצט ביז בלוט זלאַטעס הענט. און דאַן האָט זי איר פּלוצלונג אַ כאַפּ געטאָן פאַר די פיס און ביידע זענען געפאַלן און האָבן זיך געקײַקלט איבער דער פּאָדלאָגע.

לייזער האָט שוין לאַנג אויסגעקוקט אויף אַ געלעגנהייט צו אַנטלויפן. ער האָט מורא געהאַט, אַז אויף זייערע געוואַלדן וועלן זיך צונויפלויפן מענטשן. עס קאָן קומען פּאָליציי, און מען וועט וועלן וויסן ווער ער איז און וואָס טוט ער דאָ. אויף דער ערד, נישט ווײַט פון זיך, האָט ער געזען דעם גאָלדענעם

זייגערל מיטן קייטל. עס איז געווען מורא צו האָבן, אַז זיי וועלן אויף אים אַרויפטרעטן און צעקוועטשן אים. האָט ער אים אויפגעהויבן און אַרײַנגעלייגט אין קעשענע. דערנאָך איז ער שטילערהייט אַרויס פון שטוב.

ער איז פאַמעלעך געגאַנגען אויפן וועג צו ראָזאָס וואוינונג. אים איז נאָך אַלץ געווען נישט קלאָר אויב ער קאָן נאָך אויף ווײַטער בײַ איר בלײַבן, אָדער צווישן זיי איז שוין אויס אויף אָן אמתן. ווי די מעשׂה איז, ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף פּרוּוון. דאָ איז ער פאָרט געווען געוויינט. וואָס ווייס ער ווי ער׳ט דאָס האָבן בײַ זלאַטען. ער האָט בײַ זיך געהאַט זײַן שליסל פון טיר. ער איז אַרײַן ווי געוויינלעך און גענומען מאַכן טיי. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך לעבן שטוב אָפּגעשטעלט אַ וואָגן. ראָזאָ איז אַרײַן אין שטוב מיט שטרויכלענדיקע טריט, אַרומגעבונדן דאָס פּנים מיט אַ טיכל, אָן אַ הוט, און איז כליפּענדיק געפאַלן אויפן בעט. פלוצלונג האָט זי אים דערזען. זי איז געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטע:

— דו... דו... דו ביסט געקומען — קומען זאָל אויף דיר די מיתה הײַנטיקן טאָג... ווען וועל איך שוין דערלעבן דעם טאָג וואָס מען וועט דיך הענגען!... דעמאָלט וועל איך האָבן מײַן נחת... איך וועל דיך אַליין פירן צו דער תליה... אַרויס פון דאַנען!... אַוועק!... אַוועק!...

ווען זי וואָלט נישט געווען אַזוי צעבראָכן פונעם פריערדיקן געשלעג וואָלט זי זיך אַרײַנגעלאָזן מיט אים אין אַ נײַעם. איצטער האָט זי נאָר געשריגן אָן אַן אויפהער „אַוועק!" ביז ער איז אַ דערשראָקענער אַרויס־געלאָפן פון שטוב. זי האָט דאַן פאַרשלאָסן נאָך אים די טיר און האָט זיך ווײַטער כליפּענדיק געוואָרפן אויפן בעט.

ס׳איז שוין געווען פאַרנאַכט ווען זי האָט זיך געכאַפּט, אַז עס פעלט איר דאָס זייגערל. דעמאָלט האָט זי זיך אויך דערמאָנט, אַז זי האָט דאַכט זיך געזען, ווי ער, לייזער, האָט עס אויפגעהויבן פון דער ערד, דאָרטן, בײַ זלאַטען. באַלד איז זי געוואָרן זיכער אין דעם. זי האָט דאָס גענומען זוכן איבערן שטוב — אפשר האָט ער דאָס וואו אַוועקגעלייגט. ס׳איז נישט געווען. געוויס, האָט ער דאָס געגנבֿעט. ער וועט דאָס געבן אַ מתּנה זײַן נײַער געליבטער — דעם סקעלעט. אַ־נישט דערלעבן וועלן זיי ביידע.

זי איז גלײַך אַוועקגעלאָפן אין דער פּאָליציי.

די זעלביקע נאַכט האָט מען לייזערן אַרעסטירט בײַ זלאַטען. מען האָט בײַ אים געפונען דאָס גאָלדענע זייגערל. מען האָט שוין אויך געוואוסט, אַז ער איז אַ דעזערטיר.

# 17

נעכע, דעם לאַטוטניקס ווײַב, איז נישט געקומען צוריק פֿון שפּיטאָל. ברוך שיבקאָ איז געקומען אַהיים פֿון „פֿעלד", שווער שלעפּנדיק דעם קרומען פֿוס, און האָט זיך אַוועקגעזעצט שבֿעה. דאָס שוסטער־שטיבל איז געוואָרן פֿול מיט אַלטע ייִדן, שכנים און גוטע ברידער, וואָס זענען געקומען צום מנין. ייִדענעס האָבן פֿאַרדאגהט געקוקט אויף ברוכן. מען האָט אים אונטער־געטראָגן אַ גלאָז וואַרעמע טיי, געקראָגן פֿאַר אים אַפֿילו אַ שטיקל צוקער, וואָס דאָס איז שוין גאָר געווען אַ זעלטנקייט אין יענע צײַטן, אין יענער סבֿיבֿה. מען האָט אים געזאָגט טרייסט־ווערטער, וואָס האָבן אייגנטלעך קיין זאַך נישט פֿאַרבעסערט און אים מיט גאָרנישט נישט געהאָלפֿן — ווײַל וואָס האָט מען שוין דאָ געקאָנט בעסער מאַכן, אַז זי איז שוין געלעגן אין דער ערד, אויפֿן הר הזיתים, און ער איז אויף דער עלטער געבליבן עלנט און פֿאַרלאָזן, און וועט אויך אַוודאי נישט לאַנג זי איבערלעבן. נאָר אונטער די ווערטער, וואָס זענען געגאַנגען פֿון מויל און צעגאַנגען געוואָרן אין אַ פֿאַרע אין דער קאַלטער לופֿט פֿונעם נישט געהייצטן שוסטער־שטיבל, האָבן געקלאַפּט וואַרעמע הערצער, און זייער ציטער האָט אָפּגעשלאָגן דעם פֿײַנלעכן שוידער פֿון זײַן האַרץ. ער האָט דאָס געפֿילט — און פֿון דעם געפֿיל איז זײַן וויטאָק געוואָרן זודיקער און גרינגער, אַ ביסל גרינגער.

אַנדערע האָבן אַרויסגעזאָגט געדאַנקען איבערן טויט — יענע אייביקע געדאַנקען, וואָס זענען פֿאַרבײַנערט געוואָרן אינעם מאַרך פֿון דער מענטשהייט מיט מיליאָנען יאָרן צוריק, און פֿון יענער צײַט חזרן זיי זיך איבער אָן אַן אויפֿהער:

— רבונו של עולם, וואָס איז דאָס גאַנצע לעבן פֿונעם מענטשן? מען ווערט געבאָרן אין וויטאָקן, מען מאַטערט זיך איבער דאָס ביסל יאָרן, מען שטאַרבט אין גרויסע יסורים!...

אָדער:

— וואָס איז דער מענטש? וואָס דער אויבערשטער טוט — מסתמא איז דאָס צום גוטן. זי וועט האָבן אַ ליכטיקן גן עדן, אָמן? אַן אשה צנועה געווען, אַן אמתע צדיקת...

און דאַן שטרענג:

— דער אויבערשטער האָט געגעבן, דער אויבערשטער האָט גענומען — געלויבט און געבענטשט זײַן הייליקער נאָמען!

פֿאַר דעם אויבערשטנס ווילן האָבן זיי זיך אַלע געבויגן מיט הכנעה, ווײַל זיי האָבן זיך געפֿילט שוואַך, און האָבן זיך גענויטיקט אין דער שוץ פֿון אַ שטאַרקערן, וואָס זאָל זיי באַשיצן קעגן די בייזע און אומפֿאַרשטענדלעכע צעשטערונגס־כּוחות, וואָס רינגלען זיי אַרום אויף טריט און שריט. מיטן אינסטינקט פֿון שלאָפֿע און אומבאַהאָלפֿענע האָבן זיי געהאָפּט, אַז דורך הכנעה און געהאָרכזאַמקייט קאָן מען גיכער געווינען זײַן חסד און שוץ.

נאָך דער מידקייט און טומל פֿון טאָג איז ברוך שיבקאָ אַנטשלאָפֿן געוואָרן ווי אַ געהרגעטער אויף דער ערד, אויף זײַן ראָגאָזשע, אויף וועלכער ער איז געזעסן שבֿעה. די גאַנצע וואָך איז אַריבער אין מנינים, אין דאַוונען און תּהלים־זאָגן און אין טרויעריקע שמועסן מיט די גוטע פֿרײַנט, וואָס זענען געקומען אים געוואויר ווערן. ער האָט זיך געפֿילט נישט געזונט, קאָן זײַן פֿאַרקילט פֿונעם ליגן אויף דער ערד. עס האָט אים געבראָכן דער רוקן און אַלע ביינער האָבן גענאָגט, און דער קאָפּ איז געווען פֿול מיט אַ דולן וויטאָק, וואָס איז געשוואומען דורך זײַן צעטומלטן מוח, ווי אַן אומענדלעכער וואָלקן שווימט אין דער לענג פֿונעם הימל. ברוך האָט נישט געוויינט. ער איז בטבֿע נישט געווען קיין וויינענדיקער. פֿאַרקערט, ער האָט געערעדט גאַנץ רויִק, געלאַסן, און דערציילט מיט אַלע פּרטים יעדן, ווער ס׳האָט געוואָלט הערן, ווי זי איז קראַנק געוואָרן, ווי ער האָט זי געבראַכט אין שפּיטאָל און ווי ער האָט זי פֿון דאָרטן אַוועקגעפֿירט אויפֿן „פֿעלד״. און דערבײַ האָט ער נישט פֿאַרגעסן צו שילטן די דאָקטוירים.

מענטשן זענען געקומען און אַוועקגעגאַנגען. דאָס געצײַג, די שטיקלעך לעדער, די נישט־פֿאַרריכטע שיך זענען געלעגן צעוואָרפֿן, און עס האָט זיך געדוכט אַמאָל, אַז דאָס גאַנצע שטיבל שטייט אויפֿן דעק פֿון אַ שיף, וואָס גייט איבערן גרויסן ים. ער פֿלעגט שטאַרק פֿאַרזינקען אין די געדאַנקען און גאָר פֿאַרגעסן וואו ער איז אויף דער וועלט. דורכן פֿײַף פֿונעם ווינט און דעם ציטער פֿון די שויבן האָט ער געהערט דעם לויף פֿון די פּאַטשענדיקע כוואַליעס, דאָס סקריפּען פֿון דער שיף, און האָט געדולדיק געוואַרט די נסיעה זאָל זיך ענדיקן. דעמאָלט וועט ער תּיכּף נעמען אַ וואָגן און נישט אָפּשטעלנדיק זיך אין ערגעץ קומען גלײַך אַהיים, צו זיך אין שטיבל, און אַרײַנגייענדיק זאָגן: „האָ, נעכע, איך האָב זיך פֿאַרזאַמט?... דו זיצסט דאָ און וואַרטסט אויף מיר — קוקסט אַרויס אַלע ווײַלע דורכן פֿענצטער?... און איך האָב גלײַך גענומען דעם וואָגן... גאָר נישט פֿאַרהאַלטן זיך אויף קיין מינוט אין יפֿו... נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז אין וועג האָט זיך דער ראָד צעבראָכן? גע־מוזט שלעפּן זיך אויף דרײַ רעדער... מער צופֿוס, ווי געפֿאָרן. איך גיי און הינק

רעכטס, דער וואָגן גייט און היגקט לינקס. אַזוי זענען מיר געגאַנגען — גאָר פרײַנטלעך... נעכע, האָסט אַ טראָפּעלע משקה? איך בין גאָר אַ דער־פראָרענער!... נעכע!..."

ר׳ זלמן האָט אים געהערט, ווי ער זאָגט „נעכע", און האָט שווער געשוויגן. און אַמאָל פלעגט ער זיך אָפּרופן שטרענג, ווי וואָרנענדיק:

— וואָס ווילסטו, ברוך? צו וועמען רעדסטו?

דער לאָטוטניק האָט זיך מאָדנע געשראָקן פאַר דער שאלה, אַזוי ווי מען וואָלט אים געכאַפּט בײַ אַן עבירה, און ער האָט זיך אויף גיך פאַרענטפערט:

— ניין, ניין... איך זאָג גאָרנישט... גלאַט אַזוי...

נאָר אַלע ווײַלע פלעגט ער זיך פאַרגעסן, אַז די וועלכע איז געווען לעבן אים פּופּציק יאָר כּסדר, וואָס האָט געוואוסט אַלע זײַנע מחשבות און אַלע זײַנע באַדערפענישן, וואָס בײַ איר האָט ער געמאַנט, וואָס מיט איר האָט ער געטענהט, געקריגט זיך און איבערגעבעטן זיך, און נישט געטאָן קיין שריט אָן איר וויסן — אַז זי איז מער נישטאָ לעבן אים, און וועט מער קיינמאָל נישט זײַן, און פאַרגעסנדיק זיך האָט ער גערעדט וועגן איר מיט ר׳ זלמנען, אַזוי ווי זי וואָלט אַרויס נאָר אויף אַ ווײַלע און וועט באַלד צוריקקומען, אָדער ער האָט זי גערופן בײַם נאָמען:

— די פאָדעשווע איז נאָך גאָר נישט שלעכט, נעכע, אַן אײַזערנע פאָדעשווע...

ער פלעגט אויפהויבן דעם קאָפּ און זען, אַז ר׳ זלמן קוקט אין אַ ספר און הערט אים נישט, און נעכע איז נישטאָ — נישטאָ נעכע...

דעמאָלט פלעגט בײַ אים אַרויספאַלן פון האַנט דער האַמער. דער שוך מיט דער אײַזערנער פאָדעשווע פלעגט זיך אַראָפּגליטשן פון זײַן פאַר־שמאָלצענעם פאַרטוך שטילערהייט צו דער פאָדלאָגע — און ברוך האָט מיט פאַרלאָשענע אויגן געקוקט אין דער פוסטער לופט אַרײַן...

נאָר די צײַט איז געגאַנגען און ער איז צוריק געוואָרן דער אייגענער מענטש, וואָס פריִער. אפשר נישט גאָר דער אייגענער, אָבער עס האָבן זיך צו אים אומגעקערט די געוויינהײַטן און פּירונגען פון זײַן גאַנץ לעבן: אין אָוונט פלעגט ער זיך פאַרזיצן ביז שפּעט בײַ איינעם פון זײַנע גוטע ברידער און קומענדיק אַהיים, אַביסל „אונטערגעקנאַקט", ווי ער פלעגט זאָגן, פלעגט ער שוין געדענקען, אַז נעכע איז נישטאָ, און נעמען רעדן צו ר׳ זלמנען.

און ר׳ זלמן איז שוין די צײַטן געוואָרן זייער אַלט. די עלטער איז אויף אים אַרויפגעשפּרונגען מיטאַמאָל. די פיס זענען בײַ אים געוואָרן אַזעלכע שלאַפע און נישט זיכערע, אַז ער האָט אויפגעהערט גיין אין זײַן בית המדרש און האָט אַצינד געדאַוונט אין אַ מנין נישט ווײַט פון ברוכס הײַזל, און אָפטער און אָפטער איז ער דאָרט אויך נישט געגאַנגען, און געשאָקלט זיך

אין שטוב, אין ווינקל. די הענט זענען ביי אים געוואָרן ציטערנדיקע, דער קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ברוסט, אַרייגעצויגן זיך צווישן די פּלייצעס. ווען מען האָט מיט אים גערעדט האָט ער אויפגעהויבן די אויגן. די ברייטע באָרד האָט זיך געוויגט ביי אים אויף דער ברוסט, ווי ווענדיק זיך איינשפּאַרן אין איר און העלפן דעם קאָפּ צו הויבן זיך אין דער הויך — אָבער ס'איז געווען אומזיסט. דער קאָפּ האָט זיך מער נישט געקאָנט אויפהויבן. ר' זלמן האָט געפילט, אַז זיין רוקן איז אַזוי ווי גאָר פאַרביינערט געוואָרן — ס'איז מער נישט צו פאַנאַנדערבויגן זיך, נישט צו אויסגלייכן זיך. פון אַלע מאָל איז ער געווען נישט הויך אין וואוקס. איצט איז ער אַן אַנדערש מאָל פאַרגעקומען אסתרן קליין ווי אַ קינד — ער האָט גאָר קיין מאָל נישט באַמערקט פריער ווי קליין ער איז! און זיינע אויגן זענען געווען אַלטע און מידע און צעטראָגענע, און ס'האָט זיך געדאַכט נישט זעלטן, אַז זיי זעען ווייניק פון דעם, וואָס קומט פאַר אַרום, זיי קוקן מער אין דער טיף און אין דער ווייט, וואו עס שווימען פאַר זיי זאַכן און מענטשן, וועלכע זענען שוין לאַנג אַריבער. נאָר אַמאָל זענען די דאָזיקע אויגן געוואָרן שאַרף־זעענדיק, אַזוי ווי זייער ראיה וואָלט זיך מיטאַמאָל באַנייט. דעמאָלט האָבן זיי געקוקט מיט חשד און אומרו, מיט אַ נישט אַרויסגעזאָגטן צער אויף די פאַרחושכטע ווענט פון ברוכס שטיבל, אויף דעם שוסטערס צוקלאַפּן מיטן קורצן פוס אין דער פּאָדלאָגע, אויף אסתרן און מאירן, וואָס האָבן אים געבראַכט זיין ווערשערע. נאָר ער האָט מיט ווערטער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט באַגלייט מיט די אויגן דאָס יונגע פאַרפאָלק מיט אַ מאָדנעם געפיל: יעדער הילכיקער טראָט פון זייערע יונגע און שטאַרקע פיס איז געווען פאַר אים אַזוי ווי דער קלאַפּ פון דעם שאָפל־ערד, וואָס פאַרשיט דעם נישט מער ליידיקן קבר. ער איז געווען פאַרטיק! אָט באַלד... נאָך אַ ביסעלע... נאָך אַ קורצע ווייל...

ווען זיין האַרץ האָט געשלאָגן מיט פּיין און יאוש און ווען זיין פּיינלעכע שרעק איז געווען נישט צום אַריבערטראָגן, האָבן זיך זיינע ליפן געשאָקלט און געזאָגט שטיל מיט הכנעה — מיט דער הכנעה, וואָס האָט געזאָלט איבערמאַכן דאָס האַרץ פונעם אַלמעכטיקן:

— רבונו של עולם, נעם מיך שוין צו! ביזקל וואָנען וועסטו מיך נאָך לאָזן פלאָגן זיך אין מיין עלנטער עלטער? נעם מיך שוין צו, באַרמהאַרציקער פאָטער!

ביי נאַכט איז אים געווען שווערער ווי ביי טאָג. ער האָט געפילט, אַז עמיצער איז דאָ אין שטוב, עמיצער אַ דריטער, וואָס האַלט זיך אין אַ ווינקל, דאָרטן וואו עס הענגט אויפן טשוואָק נעבעכס אַלטע קלייד. וויפל ער האָט נישט אָנגעשטרענגט די אויגן האָט ער אים בשום אופן נישט געקאָנט זען אויף קלאָר. אָבער ער האָט געוואוסט גאַנץ גוט ווער דאָס איז. אים האָט געלויכטן אין די אויגן זיין געלער געלעכטער. עס האָט ווייס געבלאַנקט אין דער

פינצטער דער געשאַרפטער חלף. ער האָט זיך געוואָרפן אויפן בעט און געכליפּעט ווי אַ דערשטיקטער. ער וואָלט אויפגעריסן די גאַנצע גאַס מיט זיינע געשרייען ווען דער קול זאָל ביי אים נישט אָפּגענומען געוואָרן. ער האָט זיך געוואָלט אויפוועקן און נישט געקאָנט. און נאָר ווען ער האָט דערהערט ברוכס קול: „זלמן!" וואָס איז דיר, זלמן?... וואָס שרייסטו ווי אַ דער־וואָרגענער?... אוי־אוי־אוי! עפּעס גאָר אַן אוממענטשלעכער געשריי..." — האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. דאָס אויפכאַפּן זיך איז געווען פאַר אים ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעריסן פון די הענט פון אַ מערדער, ער האָט געפילט, אַז ער איז באַוואַשן מיט שווייס. הענט און פיס האָבן אים געציטערט. דאָס האַרץ האָט זיך אַזוי געוואָרפן, גלייך ווי ס'וואָלט אַרויסגעשפרונגען פון זיין ברוסט. ברוך האָט שוין ווייטער געכראָפּעט, אָבער ר' זלמן האָט מער נישט געקאָנט איינשלאָפן ביז טאָג. ער איז געלעגן, צוהערנדיק זיך מיט אַ געפיל פון דער־לייכטערונג צו ברוכס שנאָרכן. אַ סימן פון אַ לעבעדיקן מענטשן אין שטוב.

ר' זלמן האָט זיך איינגעוויקלט טיפער אין דער קאָלדרע און זיך געטוליעט מיטן רוקן צו דער וואַנט. ער האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פונעם ווינקל, וואו ער האָט פריער, אין שלאָף, געזען דעם שיין פונעם געל־לאַכנדיקן פנים, און וואו ער האָט נאָך איצט אויך געזען מאָדנע באַוועגונגען. ברומענדיק מיט די ליפּן האָט ער געלייענט נאָך אַ מאָל „קריאת שמע", און שטאַרק, מיט כוונה און פאַרצווייפלונג, געקוועטשט דעם „אחד", נישט געוואָלט זיך שיידן מיט אים, ווי אַ פאַרמשפּטער צום טויט, וואָס מען האָט אים געגעבן צייט אויף צו זאָגן די תפילה, וויל זיך נישט שיידן מיט אירע לעצטע ווערטער. עס איז אים געקומען אויפן זינען דער מדרש וועגן דוד המלך, וואָס האָט געוואוסט, אַז ער דאַרף שטאַרבן אום שבת און איז דעריבער יעדן שבת געזעסן פון אין דער פרי ביז ביי נאַכט און געזאָגט תהלים, כדי דער מלאך המוות זאָל צו אים קיין צוטריט נישט האָבן.

ר' זלמן איז קרעכצנדיק אויפגעשטאַנען פון בעט און ציטערנדיק פאַר קעלט צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַ רייב געטאָן די שפּיצן־פינגער אָן די באַסלעכע שויבן, געוואַשן זיך נעגל־וואַסער. נאָך דעם איז ער צוריק אַריין אין בעט און האָט געזאָגט אויף אויסנווייניק קאַפּיטלעך תהלים. בעת מעשה האָט ער ווייטער געטראַכט וועגן יענעם מדרש: דוד המלך איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין פאַלאַץ האַלטנדיק דעם תהלים פאַר די אויגן און זאָגנדיק כסדר — ער האָט מורא געהאַט מפסיק צו זיין אויף אַ רגע. וואָס טוט יענער? נעמט ער ביי אים אַרויס אַ טרעפל פון אונטער די פיס. דעם קיניגס פוס האָט אַ שטרויכל געטאָן און דער תהלים איז ביי אים אַרויסגעפאַלן פון די הענט. אין דעם איז צו אים צוגעשפרונגען דער מלאך המוות מיט זיין נאַקעטן שווערד... ר' זלמן האָט שטאַרקער, מיט מער אימפעט געזאָגט די ווערטער פון תהלים — נאָר ער האָט געוואוסט, אַז ס'איז אַן אומזיסטיקע ראַנגלעניש. אויב דוד המלך האָט זיך נישט געקאָנט אויסהיטן — ווי וועט ער קאָנען? וואָס

זענען זײַנע כוחות? וואָס זענען זײַנע פֿאַרדינסטן בײַ גאָט אין פֿאַרגלײַך מיט די פֿאַרדינסטן פֿונעם קיניג פֿון ישׂראל?

און ברוך איז געשלאָפֿן. אַזוי שלאָפֿט ער אָפּ די גאַנצע נאַכט. קיין וויסטע חלומות פּלאָגן אים נישט. ער איז נעבעך געגנוג אומגליקלעך בײַ טאָג. פֿופֿציק יאָר אָפּגעלעבט מיט אַ ייִדענע. די קינדער צעזייט און צעשפּרייט אין אַמעריקע. אויף דער עלטער געבליבן אַליין, ער מיט איר. און אָט איז זי אויך אַוועק. און גאָרנישט... ער לעבט. קלאַפּט מיטן סימל, מאַכט זײַן שטיקל אַרבעט, גייט אויף חתונות און בריתן. דער מקור החיים איז נאָך בײַ אים גאָרנישט געריכט. געזונט! אַזאַ ייִד — ער קאָן לעבן נאָך צען, נאָך צוואַנציק יאָר. פֿאַרוואָס נישט? ער, זלמן, פֿאַרגינט אים — ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. פֿאַרוואָס נישט? אָבער ער... ער איז שוין... מיט אים איז פֿאַרטיק!

דער טאָג דערנאָך איז ווידער געווען פֿול מיט אַ זיצן און דרעמלען, מיט אַ צוזען דאָס פֿאַמעלעכדיקע, קאַפּריזנע־איבערגעמישטע שווימען פֿון פֿאַרגאַנגענעם לעבן. אין דעם דרימל האָט זיך געפּלאָנטן אַ שטילע אומרויִקייט איבער עפּעס, וואָס האָט אים געפֿעלט יענעם טאָג. נאָך האַלבן טאָג האָט זיך ר׳ זלמן אַ פּאָר מאָל גאָר אויפֿגעוועקט און גערופֿן:

— ברוך! האַ? ביסט נישטאָ, ברוך?

ברוך איז נישט געווען. ר׳ זלמן האָט נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס ער קומט נישט אַזוי לאַנג. ער איז נאָך אין דער פֿרי אַוועק אין שטאָט קויפֿן בענדלעך צו די שיך, וואָס ער האָט פֿאַרריכט. ר׳ זלמן האָט ווײַטער געדרעמלט. פֿאַרנאַכט האָט ער נאָך אַ מאָל גערופֿן:

— ברוך! ביסט נאָך נישט געקומען, ברוך?

זײַן אומרויִקייט איז געוואַקסן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט דעם גאַנצן טאָג נישט געגעסן. געוויינלעך פֿלעגט ברוך צוגרייטן אַ שטיקל ברויט מיט ציבעלע צו וואַרימעס, אָדער אָפּקאָכן אַ זופּ פֿון גרײַפּלעך. הײַנט איז ער נישט געווען און ס׳איז נישט געווען קיין וואַרימעס. ער האָט געקוקט צום טיר און צוגעהערט זיך. באַלד וועלן קומען אסתּר מיט איר מאַן און וועלן אים עפּעס ברענגען צום עסן. און ברוך וועט קומען שפּעטער און וועט אַ סך רעדן און דערציילן, ווי ער האָט אָנגעטראָפֿן אויף אַ חתונה בײַ אַ גוטן ברודער און האָט זיך פֿאַרהוליעט אויף אַ גאַנצן טאָג. ר׳ זלמן האָט אים פֿאַרשטאַנען. וואָס האָט ער זיך צו אײַלן אַהער אין זײַן פֿאַרחושכט שטיבל? נעכע איז נישטאָ... געוויינלעך אײַלט ער זיך נישט צו קומען אַהיים.

שפּעטער האָט ער זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף, אַזוי ווי פֿון אַ שטויס. אין שטוב איז געווען פֿינצטער און קאַלט. אסתּר איז נאָך נישט געקומען. ברוך אויך נישט. רבונו של עולם, וואָס איז דאָס געוואָרן מיט זיי אַלעמען? ווי שפּעט איז דאָס?

אים האָט זיך פלוצלונג אויסגעוויזן, אַז ס'איז שפּעט, גאָר שפּעט, אפשר נאָך האַלבער נאַכט. מיט שטרויכלענדיקע פיס איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. ער האָט זיך מיטביידע הענט אָנגעהאַלטן אין דער אָפענער טיר כדי נישט פאַלן. אין גאַס איז געווען חושך. די הײַזער זענען געווען חושך. אין ערגעץ האָט נישט געלויכטן קיין פענצטער. אין ערגעץ האָט זיך נישט געהערט קיין קול פון מענטשנס טריט. ס'איז געווען שפּעט, ווײַט אין דער נאַכט אַרײַן — און ער איז געווען אַליין, און האָט אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן.

ער האָט פאַרמאַכט די טיר און איז צוריקגעגאַנגען צו זײַן אָרט. הונגעריק איז ער נישט געווען, נאָר דאָס האַרץ האָט עפּעס געבעטן — עפּעס וואַרעמס, הייסע טיי, אַ ביסל זופּ. עפּעס האָט געדרייט אין בויך און געצויגן בײַ דער נשמה. פון שטיין אין דער אָפענער טיר האָט אים דורכגענומען אַ קעלט. טרייסלענדיק זיך מיט אַלע אבֿרים און האַלטנדיק זיך אָן די ווענט האָט ער פאַרזיכטיק אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער פינצטערער שטוב, געזוכט די שוועבעלעך און נישט געפונען. אים האָט זיך געדוכט, אַז ערגעץ דאַרף ליגן אַ שטיקל ברויט, וואָס איז געבליבן פון נעכטן, אָבער וואו האָט ער נישט געוואוסט און נישט געקאָנט זיך דערמאָנען. ער איז צולעצט געבליבן גאָר אָן כּוחות. ער איז אַרײַנגעקראָכן אין בעט אונטער דער קאָלדרע און צוריק פאַרזונקען געוואָרן אינעם פאַרשוואומענעם דרעמל, וואָס האָט אים באַוועלטיקט בײַ טאָג.

די גאַנצע נאַכט און אַ שטיק אין טאָג אַרײַן האָט זיך געצויגן דער דרעמל. ר' זלמן איז געלעגן אויפן רוקן, מיטן וואַקסענעם פּנים אַרויף, מיט פאַרמאַכטע אויגן־לעדלעך, די באָרד אויסגעשפּרייט אויף דער ברוסט, און האָט געאָטעמט שווער, מיט אַ כריפּען, מיט אַן אינעווייניקסטער אָנשטרענגונג, מיט אַ ציטער פון דעם אײַנגעפאַלענעם לײַב. ס'איז געווען, אַז ער האָט געעפנט די אויגן און געקוקט פאַר זיך גלײַך — גלײַך אין ווינקל, וואו ס'איז געהאַנגען נעכעס קלייד. נאָר איצטער, בײַ טאָג, איז דאָס געווען נאָר אַ קלייד, מער גאָרנישט האָט זיך דאָרטן נישט באַוויזן. די אויגן האָבן זיך מיד צוגעמאַכט. דורכן מוח האָט זיך ווײַטער געצויגן אַ לאַנגע אומענדלעכע קייט פון זעונגען, און ס'האָט זיך געוועבט אַ געפּיל פון אַ נישט פאַרשטענדלעכן אומרו. עס האָט זיך עפּעס געוואָלט. אינעווייניק איז געווען אַ באַנגדיקער ווייטאָק. דער קאָפּ איז געשוואומען ערגעץ אַראָפּ און ווידער צעשוואומען זיך אין זעונגען. ס'איז געווען אַ זאַך, וואָס ער האָט זייער נויטיק געדאַרפט האָבן און מען האָט געמוזט אײַלן זיך. ס'איז געווען נישט קלאָר, פאַרוואָס מען דאַרף זיך אײַלן און וואָס איז די זאַך — נאָר דער מוז איז געווען אַ מוז! און דערבײַ האָט אים עמיצער געפּעלט. די געלע ליפּן האָבן זיך שטיל געשאָקלט:

— אסתּר, האַ? קום אַהער... קום נענטער, מײַן קינד... האָסט געבראַכט עסן?... געוויס.. וואָס זשע האָבן זיי געזאָגט, אַז נישט? ברוך האָט געזאָגט... ברוך... ברוך! ביסט שוין געקומען? פֿון חתונה... ווי? האַ?

ער האָט געעפֿנט די אויגן און זיך אַ דריי געטאָן מיטן פּנים צו דער טיר. מען האָט באמת גערעדט צו אים. די טיר איז געווען האַלב אָפֿן. עמיצער האָט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ און עפּעס געזאָגט. ר׳ זלמן האָט זיך באַמיט צו פֿאַרשטיין:

— ווי? וואָס? ברוך?...

— יאָ, ברוך... נעכטן איז דאָס געווען.

— וואָס איז געווען?

— איך זאָג דאָך אײַך, ר׳ זלמן: ער איז געפֿאַלן אין גאַס... כאָלערע... עס האָט אים אָנגעכאַפּט מיט אַ מאָל אַ דרייעניש אין בויך... מען האָט אים אַוועקגעפֿירט אין שפּיטאָל...

ברוך... דאָס איז געווען זייער וויכטיק. נאָר ער האָט ווײַטער נישט געקאָנט כאַפּן וואָס איז געווען די וויכטיקייט און צו וועמען דאָס האָט געהאַט אַ שײַכות. נאָר אויף אַן אמתן איז דאָס אויך געווען מער נישט ווי אַ טומל, אַ מין פֿאַרבלענדעניש. ער האָט אָנגעטאַפּט מיט די גליווערנדיקע פֿינגער דעם דעק פֿון זײַן בעט. דאָס האָט אים באַרויִקט. ער איז געלעגן בײַ זיך אויפֿן בעט. קיינער וועט אים דאָ נישט טשעפּען.

נאָר ס׳איז געווען קאַלט. ס׳איז געוואָרן אַלץ קעלטער. אַ מאָדנע זאַך: וואָס האָבן זיי אויפֿגעריסן טיר און פֿענצטער? אויף דער גאַס איז ווינטער. זיי ווילן ער זאָל פֿאַרפֿראָרן ווערן, ווילן זיי? אסתּר... אַלטער, פֿאַרמאַך די פֿענצטער!... פֿאַרמאַך!...

פֿאַרנאַכט האָט ער געעפֿנט די אויגן. אסתּר האָט אים געבראַכט עסן. אַ לעפֿל וואַרעמע זופּ... אַ הינער־יאַיכל... איי, ס׳איז גוט! נאָר זאָל זי אים געבן פֿון לעפֿל. ער קאָן נישט נעמען מיט די הענט. די הענט ווילן נישט. נאָר וואָס גיט זי אים? וואָס איז דאָס — אײַז? עס פֿרירט אים די געדערים. אוי, ער וויל נישט קיין אײַז! האַ... וואָס?... אסתּר איז נישטאָ, קיין יויך איז נישטאָ, ברוך... ברוך!...

עפּעס האָט ווי דורכגעשאָסן זײַן מוח. פֿונעם שאָס איז צעריסן געוואָרן דאָס הײַטל פֿונעם שווערן דרעמל, וואָס איז דעם גאַנצן טאָג געלעגן אויף זײַנע געדאַנקען. ער האָט איצטער געוואוסט אויף זיכער, אַז ברוך האָט געקריגן די כאָלערע און ליגט אין שפּיטאָל. און אפֿשר ליגט ער שוין נישט דאָרטן, נאָר אויפֿן פֿעלד, לעבן נעכטן. ווער האָט דאָס אים געזאָגט. איינער האָט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ צו אים אין טיר און אים אָנגעזאָגט. ווער איז דאָס געווען? פֿאַרוואָס איז ער נישט אַרײַן? ער האָט דאָך שוין פֿון צוויי טעג קיין

מענטשן נישט געזען. ער גייט דאָך אויס דאָ איינער אַליין. מען מעג דען לאָזן אַן אַלטן מענטשן אויסגיין איינעם אַליין פאַר הונגער און קעלט? און אסתּר קומט אויך נישט... קיינער נישט! אסתּר? אַלע... ווער איז ער געווען, יענער, דער קאָפּ? איז ער נישט אַרײַן, ווײַל ער האָט מורא געהאַט... ווײ, דאָ זיצט זי די כאָלערע... אָט זיצט זי דאָרטן — אויף ברוכס בעט... אָט זיצט זי דאָרטן — אויף ברוכס בעט...

ער האָט פיל מאָל איבערגעזאָגט די ווערטער, וואָס ער האָט פלוצלונג פאַרגעסן זייער מיין. ער האָט זיי איבערגעזאָגט מיט עקשנות, מיט אַ יאוש, און האָט געוויינט פאַר אומבאַהאָלפנקייט, וואָס מען האָט פון אים פאַרשטעלט זייער באַדייטונג און מען לאָזט אים נישט פאַרשטיין.

נאָך אַ מאָל איז ער פאַרזונקען געוואָרן אין אַ פאַרגעסנקייט און נאָך אַ מאָל אויפגעוועקט זיך מיט אַ ריס פון ווייטאָק און מיט אַ כוואַליע פון קלאָרקייט אינעם פאַרשלייערטן מוח.

אין שטוב איז געווען פינצטער. דורכן פענצטער האָבן געלויכטן צוויי גרויסע שטערן. די שטוב איז געווען פול מיט אַ שטאַרקן זשומען, וואָס איז אַרויס פון קאָפּ אינעווייניק און האָט זיך פאַרשפּרייט אויפן גאַס, אויף דער גאַנצער וועלט. ברוך איז געלעגן בײַ זיך אויפן בעט און האָט געכראָפּעט. ברוך — אים אַרט גאָרנישט. ווען ער שלאָפט שלאָפט ער. און נעכע אויך. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון קישן און קוקט אויף אים. וואָס איז, נעכע? ס'איז גאָרנישט, גאָרנישט... שלאָף!... און ברוך האָט דאָ אַזוי געקלאָגט נאָך דיר. גוט, וואָס דו ביסט צוריק... דײַן קלייד דאָרטן אויפן וואַנט: אָט זעסט, איך האָב דיר געזאָגט, אַז ער איז שוין ווײַטער דאָ... ער קוקט... ער קוקט... ער לאַכט... געלע ציינער... ער ווינקט... געלע אויגן, ער גייט... ער גייט צו... דער געלער... אױ־אױ־אױ... שמע ישראל ד'... אחד!... אח־ד!... אח־דד!...

ר' זלמן האָט זיך געזעצט אויפן בעט. ער האָט אַראָפּגעלאָזן די נאַקעטע, קאַלטע פיס אויף דער קאַלטער פּאָדלאָגע. די ברוסט האָט זיך בײַ אים שטורעמדיק געהויבן און דער אָטעם איז אַרויס מיט אַ פײַף פון אַ כריפּ. דאָס האַרץ האָט זיך געשלאָגן ווי אַ געפאַנגענער פויגל. אויפן מויל איז אַרויס אַ ווײַסער שוים, וואָס איז פאַמעלעך אַראָפּגערינען אויף דער ציטערנדיקער באָרד. אויפן ווילד־פאַרקרימטן, אַלטן, וואַקסענעם פּנים איז געלעגן אַן העויה פון אוממענטשלעכער שרעק. די אויגן — גרויסע און פאַרגלעזערט — האָבן געקוקט אויף איין פּינטל אין ווינקל, וואו ס'איז געהאַנגען נעכעס אַלטע קלייד. ער האָט זיך פלוצלונג אַ גליטש געטאָן פון בעט, שלעפּנדיק נאָך זיך די רויטע וואַטענע קאָלדרע. אויף דער פּאָדלאָגע האָט ער זיך געפּלאָנטערט, ראַנגלענדיק זיך מיט דער קאָלדרע און מיט די פאַרגליווערטע פיס, וואָס זענען געווען ווי הילצערנע, פרעמדע, און האָבן נישט געוואָלט זיך בויגן און אונטערהאַלטן

דעם קערפער. ווי עס איז האָט ער זיך געשלעפּט אויף די קני און אויף די הענט. דאַן האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן עפּעס מיטן קאָפּ און מיט די באַקן. נאָך אַ מאָל האָט אין אים געגעבן אַ פינקל אַ פונק פון אַ קלאָרן געדאַנק. „טיר", — האָט ער זיך געזאָגט, באַמיִענדיק זיך אויפצורײַסן די אויגן. ער האָט זיך געשטופּט מיטן פּנים אין די ברעטער פון דער פאַרמאַכטער טיר. זײַן האַנט האָט זיך געצויגן אַרויף, צו דער קליאַמקע. נאָר עפענען... עפענען!... דאָרטן וועט ער זיך ראַטעווען. דאָרטן זענען מענטשן... אַרויס... דאָ איז נישטאָ קיין לופט... ער ווערט דערשטיקט... אסתּרקע!... אַלטער!... אַלטער!... דער געלער איז הינטער אים... שלעפּט אים פאַר די פיס... פון טיר צוריק... גוואַלד, ראַטעוועט!... האַ, ער ווערגט אים... די געלע פינגער... גוואַלד!... שמע ישׂראל... אחדד...

אסתּר און מאיר פונק זענען צוויי טעג כּסדר געווען אַזוי פאַרדרייט מיט לייזערס אַרעסט, אַז זיי האָבן גאָר קיין צײַט נישט געהאַט צוגיין צו ר׳ זלמנען. די צווייטע נאַכט איז אסתּרקע געוואָרן זייער אומרויִק. זי האָט זיך געשטראָפּט וואָס דער זיידע האָט אוודאי די גאַנצע צוויי טעג נישט געהאַט קיין ביסל וואַרעמע זופּ אין מויל. זי איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און פאַרן גיין צו דער אַרבעט צוגעלאָפן צו ברוכס שטיבל. די טיר איז געווען צוגעמאַכט. זי האָט געפּרוווט עפענען — עס האָט זיך געעפנט, אָבער עפּעס האָט געשטערט. האָט זי געגעבן אַ שטויס. פון טיר האָט זיך אַרויסגערוקט און געפאַלן אויפן שוועל אַן אַרבל פון אַן אַלטן שוואַרצן רעקל און פון אים האָט געשטעקט אַ גרויסער, בלוי־פאַרגליווערטער, טויטער קולאַק...

# 18

דעם נאַכט־וועכטער פֿון דער שכונה „נחלת יהודה“ האָט מען גערופֿן כאַדש יוסף. נישט אַלע האָבן געוואוסט זײַן נאָמען. מען האָט פּשוט געזאָגט דער כאַדש. עס איז געווען אַן אָנגענומענע זאַך אין שטאָט, אַז „כאַדזש“ הייסט אַ נאַכט־וועכטער, און בפֿרט אײנער פֿון אַפֿריקע — אַ מאַראָקאַנער אָדער אַלזשירער. אויף אַן אמתן האָט גאָר דאָס וואָרט „כאַדש“ באַדייט אַן עולה־רגל, אַ מענטש, וואָס האָט אַ נדר געטאָן צו גיין תּפֿלה טאָן אויף די הייליקע ערטער. אַ סך פֿון זיי זענען געווען צפֿון־אַפֿריקאַנער. זיי זענען געגאַנגען דורך מצרים קיין מעקאַ און מעדינאַ און פֿון דאָרטן צום דריטן הייליקסטן אָרט — קיין ירושלים. דורות נאָך דורות האָבן דורכגעמאַכט דעם וועג. יעדעס מאָל איז פֿון זיי געבליבן אַ טייל אָרעמע אין ירושלים. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מיטלען אויף דער ווײַטערדיקער נסיעה, אָדער זיי האָבן נישט געהאַט צוליב וואָס צוריקצופֿאָרן אינעם לאַנד, פֿון וועלכן זיי זענען געקומען, אָדער זיי זענען מיד געווען פֿון וואַנדערן.

ווי מענטשן, וואָס האָבן מקיים געווען אַ גרויסע מצווה, האָבן זיי געהאַט דאָס רעכט צו באַזעצן זיך אין די הקדש־הײַזער, וואָס לעבן דעם מקום־קדוש און וואָס געהערן צום מסגד. דאָ האָבן זיי געפֿונען לאַנדסלײַט, גאַנצע שכונות פֿון „מוגראַבער“, וואָס זענען שוין פֿריִער געקומען מיטן זעלביקן וועג. און זיי האָבן געפֿונען אַ פּרנסה, וואָס איז געוואָרן בײַ זיי אַ חזקה גלײַך ווי די הקדש־שכונות אַרום דעם כּותל המערבֿי. זיי זענען געווען שטאַרקע און מוטיקע מענטשן, וואָס זענען דורכגעגאַנגען צופֿוס מדבריות און ווילדערנישן, אויסגעשטאַנען די סכּנות פֿון בעדוּיִנער אָנפֿאַלן, פֿון בייזע חיות און גיפֿט־שלאַנגען, די פּלאָגענישן פֿון הונגער און דורשט, פֿון היץ און קעלט. די שוואַכע זענען אומגעקומען אויפֿן וועג, און די וואָס זענען דערגאַנגען זענען געווען שטאַרקע און מוטיקע מענטשן — זיי האָבן געטויגט צו זײַן נאַכט־וועכטער אין ירושלים. עס איז געוואָרן אַ כּלל, אַז די „מוגראַבער“ זענען זייער געפֿערלעכע מענטשן. דער אָרטיקער אַראַבער — אַ געמיש פֿון שיטער־האַרציקן סיריער און לעוואַנטינער, אַן כאַראַקטער, און דער דערשלאָגענער ייִד —

אַ געמיש פֿון מזרחישן געטאָ און רוסישן גלות, זיי האָבן שטאַרק מורא געהאַט פֿאַרן ווילדן, אַלע מאָל צו טויטשלאָג גרייטן אַפֿריקאַנער.

כאַדש יוסף האָט געוואוינט אין אַ בלעכענער שטיבל, וואָס איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו אַ פֿעלז, אויפֿן פֿעלד, אין עק פֿון דער שכונה, נאָך דעם אַפּטייקערס הויז. דאָ איז ער געשלאָפֿן אַ גאַנצן טאָג, און בײַ נאַכט האָט מען אים געהערט פּײַפֿן אָדער קלאַפּן מיטן שטעקן אָן אַ ברעט, האָט מען געוואוסט: דער כאַדש וואַכט. ער איז געווען הויך און טרוקן אין לײַב — די מדבר־זון האָט אים אויסגעטריקנט — און שוואַרץ איז ער געווען — די נעכט, אָן אַ שײַן, האָבן געפֿאַרבט זײַן פּנים. אין אַ פֿינצטערן אָוונט, געוויקלט אין זײַן ברוינער אַבייע, דער קאָפּ און פּנים אַרומגעבונדן מיט דער קעפֿיע (קאָפּ־טיכל), נאָר די אויגן קוקן אַרויס פֿון צווישן דעם טוך, ווי דורך אַ קוק־לאָך, איז ער געשטאַנען אין אַ ווינקל, צוגעטוליעט צו אַ וואַנט, און איז געווען ווי אַ טייל פֿון דער וואַנט — מען האָט געקאָנט צוויי מאָל פֿאַרבײַגיין אָן צו באַמערקן אים. אָבער ווען מען האָט אים באַמערקט האָט מען זיך געאײַלט גיכער דורכגיין, און ער איז אַרויס פֿון זײַן ווינקל, האָט געפּײַפֿט, האָט ווידער גענומען אַרומשפּאַנען צווישן די הײַזער — ביז ער איז נאָך אַ מאָל פֿאַר־שוואונדן געוואָרן ערגעץ אין אַזאַ ווינקל.

נישט נאָר אין די ווינקעלעך פֿלעגט ער שטיין. בײַ נאַכט איז די גאַס געווען זײַנע, די הײַזער און די פֿענצטער זענען געווען זײַנע. קיינער איז דאָ נישט געווען אויסער אים. ס'איז קיינעמס עסק וואָס ער טוט, און ס'איז זײַן עסק וואָס אַלע טוען.

די שויבן פֿון די נידעריקע, אין דר'ערד אַרײַנגעקראָכענע פֿענצטער פֿון די קעלער־וואוינונגען זענען בײַ טאָג געווען מוטנע־שטויביק און גלאָזיק־שוואַרץ — דער חושך פֿון אינעווייניק האָט געקוקט דורך זיי, מיט פֿינצטערע אויגן, צו דער ווײַסער וועלט. נאָר בײַ נאַכט איז דער חושך אַריבער אין דרויסן, און פֿון הינטער די שײַבלעך האָט זיך אָפּט דורכגעזײַט אַ בלאַסער שײַן. דער שײַן האָט געצויגן צו זיך דעם כאַדש, דעם נאַכט־מענטש, ווי דאָס ליכט פֿון אַ לאָמפּ ציט אַ בײַנאַכטיקע זומער־פֿייגעלע. ער האָט זיך געגליטשט אין דער לענג פֿון דער וואַנט און אָן געדריש, ווי אַ פֿלעדערמויז, האָט ער זיך צוגעשאַרט דאָ צו דעם פֿענצטער און דאָ צום אַנדערן. אונטן־אינעווייניק האָט ער געזען מוטנע געשטאַלטן — אַמאָל דײַטלעכער, אַמאָל אומדײַטלעך, ס'האָט זיך געווענדט אָן דער באַלײַכטונג און אָן דער זויבערקייט פֿון די שויבן. ער האָט געהערט דעם געזשום פֿון רייד, דעם טומל פֿון ווערטער, וועלכע ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, אַמאָל געשרייען און זידלערײַען, אַמאָל אַ געלעכטער, אַמאָל אַ קרעכצן פֿון אַ קראַנקן, אַמאָל — אַ קינדער־געוויין, נאָר אָפֿטער — טענות און טענות, ביטערע און שטעכעדיקע. ער האָט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן וואָס די מענטשן רעדן, וואָס פֿאַר אַ נויטן און פֿאַרלאַנגען, וואָס פֿאַר אַ דאגות

און האָפֿנונגען עס געבאָרן אָט די אַלע אומפֿאַרשטענדלעכע רייד, די מאָדנע תּנועות און העוויות.

נאָר איין זאַך איז געווען, וואָס האָט אים נישט געגעבן קיין רו: די ווײַבער, די מיידלעך. די ווייכקייט פֿון די לײַבער, וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אים אַזוי פֿרײַ, ווי פֿאַר אַ סריס אין אַ האַרעם, האָט אים געבלענדט און האָט געצונדן אַ פֿײַער אין זײַנע געדערים און אינעם אינעווייניק פֿון זײַן טרוקענער ברוסט. זי האָט אים נאָכגעיאָגט ביז אין זײַן בלעכענעם וועכטער־שטיבל, זי האָט געשטערט די רו פֿון זײַן בײַטאָגיקן שלאָף, ווען די היץ אין דרויסן איז געווען גרויס און די לופֿט אין זײַן בלעך־לאָך איז געווען אָנגעברענט און פֿאַרשטיקט, און ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט אָפּגעגאָסן מיט שווייס, מיט אַ שטורעמדיק־קלאַפּנדיק האַרץ.

ער איז שוין געווען נישט יונג, כאַדש יוסף, זײַן בערדל, שיטער און ווי געצופּט, האָט באַוויזן מער גרויע האָר ווי שוואַרצע. גרוי איז אויך געווען די האָריקע וואָל אויף זײַן ברוסט, אָבער זײַנע גלידער זענען נאָך געווען בויגיק און פֿול מיט כּוח, זײַן בלוט איז געווען הייס, און האָט אים נישט זעלטן אָנגעפֿילט דעם קאָפּ מיט אַ נעפּל פֿון זעונגען און פֿאַרלאַנגען, וואָס האָט אים געמאַכט שיכּור, וואָס האָט אים באַוועלטיקט ווי כאַשיש.

און בײַ נאַכט האָט זי אים פֿאַרפֿאָלגט, די ווײַסקייט פֿון פֿרויען־לײַב, און אָנגעוויזט אויף אים מאָדנע געדאַנקען און בילדער, טרוימען אויפֿן וואָר. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז ווען ער וואָלט געווען דער סולטאַן וואָלט ער גענומען ווײַבער נאָר פֿון צווישן די ייִדישע טעכטער, די ווײַס־לײַביקע, די איידל־הויטיקע, די ווייכע און קײַלעכדיקע... ער וואָלט געזעסן אויף אַ גאָלד־געוועבטן טאַפּעט, ווי דער וואָס ער האָט געזען בײַם אַרמענער, דעם טאַפּעטן־הענדלער, אויף אַ ווייכן קישן — און הינטערן רוקן אַ קישן — און וואָלט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט... און זיי וואָלטן אַרײַנגעגאַנגען, אין אייניע העמדער וואָלטן זיי געווען, קורצע, די פֿיס — ווײַסע, דיקע, קײַלעכדיקע... מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן וואָלטן זיי געשטאַנען פֿאַר אים, זייער הערשער, דעם פּאַדישאַך, ציטערדיקע, צניעותדיקע... און זיי וואָלטן אַלע געווען פֿאַר זײַן גענוס!...

אָפֿטער ווי ערגעץ אַנדערש האָט זיך דער כאַדש אײַנגענורעט אין פֿענצטער פֿון דער צעלניקערין, טויבע פּעטשעניק. דאָ זענען קיין מאַנס־פּאַרשוינען נישט געווען, נאָר די אַלטע צעלניקערין און נחמהקע, די טויב־שטומע יתומה, וואָס האָט זיך בײַ איר אויפֿגעהאָדעוועט פֿאַר אַ טאָכטער. דאָס מיידל איז אַלט געווען אַ יאָר זעכצן אָדער זיבעצן, נידעריק געוואַקסן, דיק, שלאַף. די אַלטע האָט אַרויפֿגעשטעלט אירע גראָבע פֿיס אויף אַ הילצערנעם פֿוס־בענקעלע. זי האָט גערעדט מיט דער טויב־שטומער אויפֿן וואונק און מיט די פֿינגער, און אויפֿן קול אויך, און יענע האָט געענטפֿערט מיט אַ משונהדיקן

בילן, זי האָט געבראַכט אַ שיסל וואַרעמע וואַסער. די אַלטע האָט געפּאַרעט די פּיס און געקרעכצט פֿאַר תּענוג. און נחמהקע האָט דערנאָך זיך אַליין גענומען וואַשן, זי האָט געוואַשן דעם האַלז, די ברוסט, דעם גאַנצן מאָגערן און ווײַסן לײַב, און האָט דערבײַ געבילט מיט אַן אוממענטשלעכן קול, און געוועזן ווילד־צופֿרידן, און האָט גאָר נישט געפֿילט ווי דער שוואַרצער כאַדש עסט זי מיט די אויגן, ווי דאָס בלוט אין זײַנע אָדערן ווערט אַ פֿײַער־שטראָם, ווי די אײַזערנע גראַטעס אין פֿענצטער זענען די איינציקע זאַך, וואָס האַלט אים אָפּ פֿון אויסזעצן די שויבן און אַרײַנשפּרינגען אין שטוב.

נאָר די זעונגען האָבן נישט לאַנג געדויערט — נישט בײַ דעם פֿענצטער, נישט בײַ אַנדערע. די מענטשן זענען געווען אָרעם, אויל האָט געקאָסט טײַער, און איז געווען מער נויטיק צום עסן מיט ברויט, ווי צום ברענען. ס'איז נאָך ווײַט געווען פֿון שפּעט ווען אַלע פֿענצטער זענען שוין געשטאַנען שוואַרץ־פֿאַרלאָשענע, שוואַרצער ווי בײַ טאָג. און יוסף איז אַרומגעגאַנגען אַהין און אַהער, נישט געפֿונען זיך קיין אָרט, און געטרוימט אויפֿן וואָר שווערע און שטורעמדיקע טרוימען, טרוימען פֿון בלוט און פֿאַרגוואַלדיקונג.

אַזוי איז געווען אַ סך מאָל. דאָס מאָל האָט ער געזען אַ נײַעס: שפּעט אין דער נאַכט, ווען אַלע זענען שוין לאַנג געשלאָפֿן, האָט פֿון טויבעס פֿענצטער ווידער אַ שלאָג געטאָן אַ שײַן. יוסף איז צוגעגאַנגען. די אַלטע איז געלעגן אין בעט מיט אַן אַרומגעבונדענעם קאָפּ, מיט אַ גלײַענדן פּנים, און נישט אויפֿגעהערט צו קרעכצן. „קראַנק!״ — האָט צו זיך געזאָגט דער כאַדש. די אַלטע האָט עפּעס פֿאַרלאַנגט פֿון נחמהקען. דאָס מיידל האָט געבילט און אַנגעטאָן זיך פּאַמעלעך, מיט תּנועות פֿון נישט־וועלן. זי האָט זיך אומגעקערט צום פֿענצטער און האָט אַ ציטער געטאָן: די נאַכט איז געווען אַ העלע לבֿנה־נאַכט, און איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי זעט אין פֿענצטער אַ שוואַרצן שאָטן. זי האָט זיך אומגעקוקט נאָך עטלעכע מאָל, נישט וואַגנדיק, אויף גיך — קיין זאַך האָט זיך נישט גערירט, ס'איז אפֿשר געווען אַ שאָטן פֿון אַ שטיין. נאָר דער באָבעס קרעכצן האָט איבערגעשלאָגן איר שרעק. זי האָט אויסגעזוכט אַ פֿלעשל און אַרויס פֿון שטוב. „צום אַפּטייקער״ — האָט געזאָגט צו זיך דער כאַדש.

שטיל, ווי אַ פֿלעדערמויז, האָט ער זיך געגליטשט פֿאַרבײַ די פֿאַרשלאָפֿענע הײַזער, פֿון זייער צווייטער זײַט, צום עק פֿון דער שכונה. ער האָט אַרומגעקרײַזט דעם אַפּטייקערס הויז, מיטן גרין־געפֿאַרבטן שטאַכעטן־צוים, און אַרויס איר אַנטקעגן.

— ווער איז? — האָט ער געפֿרעגט שטרענג, אָבער נישט מיט קיין הויכן קול.

זי איז געבליבן שטיין אַ פֿאַרציטערטע. נאָר באַלד האָט זי אים דערקענט, דעם הויכן און שוואַרצן כאַדש, און האָט געמאַכט אַ שריט צו אים, און אומ־

רויק געבילט עפּעס, וואָס האָט געזאָלט הייסן: „איך, נחמהקע, איך גיי צום אַפּטייקער. די באָבע איז קראַנק". ער איז צוגעגאַנגען צו איר גאָר נאָענט. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אָפּגעשטעלטע, גרויסע אויגן.

— קום! — האָט ער געזאָגט און גענומען זי פאַר דער האַנט.

זי האָט געמאַכט מיט אים עטלעכע טריט. די טריט האָבן געפירט לינקס, צום בלעכענעם קעמערל, אַוועק פון אַפּטייקער. אין מיטן דערינען האָט זי זיך גענומען רײַסן ווילד און וואָיען, ווי אַ הינטל, וועלכן ייִנגלעך שלעפּן אַרום צוגעבונדן מיט אַ שטריקל פאַרן פּוס. דעמאָלט האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן מיט ביידע הענט, אויפגעהויבן ווי אַ קינד, און געלאָפן מיט איר איבערן פעלזנ־פעלד, אַוועקגעטראָגן זי צו זיך אין באַהעלטעניש, ווי אַ וואַלד־יענער, וואָס האָט אַרויסגעגנבעט אַ מיידל פון אַ פרעמדן שטאַם, — און איר פּנים האָט ער צוגעדריקט צו זײַן ברוסט כדי זי זאָל נישט קאָנען וואָיען.

# 19

די צײַט, וואָס איז געגעבן געוואָרן ביז צו דער צווייטער צאָלונג — וואָס מאיר פונק האָט געהאַט צו צאָלן פאַר זײַן באַפרײַאונג פון מיליטער־דינסט — איז געווען ווי דאָס לײַב פון אַ קראַנקן, וואָס ווערט גרינגער אין וואָג מיט יעדן מאָל, וואָס מען וועגט אים אָפּ. פון די צוויי חדשים זענען אָפּגעפאַלן טעג און וואָכן, ווי שטיקער פון אַ זאַמדיקן באַרג. עס איז שוין מער בכלל קיין רייד נישט געווען פון חדשים. עס זענען געבליבן נאָר טעג — געציילטע טעג.

מאיר איז פלײַסיק געגאַנגען צום „ועד העזרה", וועלכער האָט צו דער צווייטער צאָלונג געגעבן צו די, וואָס האָבן זיך געלייזט, אַ צווייטע הלוואה פון הונדערט פראַנק. קיין סך פרײַע מינוטן האָט ער נישט געהאַט. ער פלעגט אַרײַנלויפן אין ועד פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, אָדער פאַר מיטאָג אַוועקגיין פון דער ווערקשטעל מיט אַ האַלבער שעה פריִער. נאָר אַלע מאָל האָט ער געטראָפן די פאָדערשטע שטוב פול־געפּאַקט מיט ייִדן און ייִדענעס, וואָס זענען דאָ געזעסן שעהן לאַנג. ער האָט געוואָרט צוזאַמען מיט די אַנדערע אָן האָפענונג, ביז די לײַט פון ועד זענען געגאַנגען עסן און אָפּרוען זיך, און די שמשים האָבן אַרויסגעטריבן דעם עולם און פאַרשלאָסן די טירן. און ער איז אַרויס מיט ליידיקע הענט באַגלײַך מיט אַלעמען.

נאָר אַזוי ווי די צײַט איז נישט געשטאַנען אויף אָן אָרט און מען האָט געמוזט די זאַך פטרן, איז ער איין מאָל אין דער פרי אַוועק צום ועד אַנשטאָט צו דער ווערקשטעל. נישט קוקנדיק, וואָס די גבאים און שמשים זענען נאָך נישט געהאַט געקומען און די טירן זענען געשטאַנען פאַרשפאַרטע, האָט זיך שוין אויפן ברייטן גאַנעק אָנגעקליבן אַן עולם פון וואַרטער, אַ מענטשן צוועלף אָדער פופצן. צוויי אַלטע ייִדענעס און אַ געהויקערטער אַלטער ייִד, מיט אַ געהויקערטן גראָבן שטעקן אין האַנט, זענען געזעסן אויף די שטיינערנע טרעפּ פונעם הויף. אַ זעקס־זיבן אירע, מאַנסביל און ווײַבער, יונגערע און שטאַר־קערע אויף די פיס, האָבן זיך געשטופּט צו דער פאַרשלאָסענער טיר. ס׳איז נישט געווען וועגן עפענען די טיר, וואָס מען האָט זיך געשטופּט — די טיר איז געווען פאַרשלאָסן און אויפרײַסן זי איז קיינעם אויפן געדאַנק נישט

געקומען — נאָר איטלעכער האָט געוואָלט זײַן צווישן די ערשטע, וואָס וועלן אַרײַנגיין, ווען מען וועט אָנהויבן אַרײַנלאָזן.

סאַמע בײַם טיר, די ערשטע, איז געשטאַנען אַ תּימנער ווײַבל, אַ יונגע, אַ מאָגערע, אַ נידעריקע, מיט אַ רויט־גרינעם קאָפּטיכל איבערן שטערן, וואָס האָט צום טייל פֿאַרשטעלט איר שאַרף־דאַרן, טונקעלן פּנים. זי האָט געקאָנט אַלט זײַן זעכצן־זיבעצן יאָר, און אפֿשר גאָר — פֿופֿצן. אין איר האַנט האָט זי געהאַלטן אַ בינטל שמאַטעס — אַ קינד, מיט דער אַנדערער האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אָן דער קליאַמקע פֿון טיר. דאָס אָנכאַפּן זיך — עס האָט געהאַט אַ גרונט. אַ געלער יונגערמאַן אין אַן אָפּגעריסענער קאַפּאָטע, מיט ברודיקע אויערן און אַ טיכל אַרום האַלז, האָט זיך שטום געשפּאַרט צווישן איר און דער טיר. בדרך הטבֿע האָט ער געדאַרפֿט פֿאַרנעמען איר אָרט בײַ דער טיר — ער איז געגאַנגען מיטן געזעץ פֿון אַ פֿלעקל. און אַזוי וואָלט דאָס טאַקע געווען, ווען אויף איר אָרט וואָלט געשטאַנען אַ דערשלאָגענע אַדשעמערקע (פּערסישע), אַ פֿאַרשלאָפֿענע בוכאַרקע אָדער אַ שטאָלצע פֿרענקיניע, וואָס פֿילט זיך דאָ פֿרעמד לעבן די טירן פֿון אַנשטאַלט, וואו עס זיצן דאָס רובֿ אַשכּנזישע גבאים און טיילן אַשכּנזישע געלט. דער געלער יונגערמאַן איז אַן אַשכּנזי — אפֿשר האָט ער דאָרט אינעווייניק ווּעמען אַ מקורבֿ? אָבער זי איז געווען אַ תּימנקע. דעריבער האָט זי זיך נאָך שטאַרקער אײַנגעקלעמט אין דער קליאַמקע פֿון טיר און אַ קוויטש געטאָן אויפֿן הויכן קול:

— וואָס דו מיר שטופּן? איך דאָ לאַנג שטיין, פֿריִער פֿאַר דיר צוויי שעה! זעסט אים נאָר, איצטער געקומען מיר שטופּן, מײַן אָרט נעמען!

— ווער שטופּט זיך? דו שטופּסט זיך! — האָט צוריקגעענטפֿערט דער יונגערמאַן.

פֿון דעסט וועגן האָט ער זיך אָפּגערוקט. און זי איז געבליבן בײַ דער קליאַמקע.

פֿונק איז געגאַנגען אַהין און אַהער איבער דעם שטיינערנעם גאַנעק. נאָר ווען ער האָט דערזען אַז עס קומען צו נײַע וואַרטער און שטויסן זיך צו דער טיר, האָט ער נישט ווילנדיק זיך אויך אַרײַנגעמישט צווישן זיי.

ער האָט אומזיסט פֿאַרהייעט אַ האַלבן טאָג אַרבעט. אין דער גרויסער און פֿינצטערער פֿאָדערשטוב, וואו מען האָט זיי סוף כּל סוף אַרײַנגעלאָזן, זענען געשטאַנען הילצערנע בענק, אָבער אויף די בענק זענען געזעסן נאָר די מידע און אויסגעשעפּטע, די וואָס האָבן פֿאַרלאָרן די האָפֿנונג צו דערשטופּן זיך. אַלע אַנדערע האָבן זיך געפּלאָנטערט אין הויפֿנס אויפֿן שמאָלן שטח, וואָס צווישן די פֿאָדערשטע בענק און די דרײַ פֿאַרשלאָסענע טירן, הינטער וועלכע עס זענען געזעסן די מענטשן פֿון ועד, די וואָס האָבן אויסגעהערט און גע־ענטפֿערט, געשריבן אין די ביכער און אַרויסגעגעבן צעטעלעך, די וואָס האָבן געטיילט דאָס געלט. פֿונק האָט זיך דאָ אַרומגעפּלאָנטערט צווישן אַנדערע.

דער געדאַנק, אַז ער גייט בעטן אַ קהלישע נדבה — ווײַל עס רעדט זיך נאָר, אַז ס׳איז אַ הלוואה — וויפֿל פֿון די אָרעמעלײַט וועלן די הלוואה צוריקגעבן? — אַז ער גייט זי בעטן צוזאַמען מיט די אַלע געוויינטע בעטלער און שנאָרער, און ער איז איינער פֿון זיי — דער געדאַנק האָט אים געדריקט אויפֿן נאַקן, ווי אַן אײַזערנע לאַסט, ער האָט אים אַראָפּגעדריקט דעם קאָפּ צו דער פּאָדלאָגע. און דער צווייטער געדאַנק נאָך אים, אַז ער איז אָפּהענגיק פֿונעם חסד פֿון די מענטשן, וואָס זענען דאָ אָנגעשטעלט, האָט אים געמאַכט צאַפּלען אינעווייניק פֿאַר באַליידיקונג. דעמאָלט האָט ער פֿאַרגעסן אָן דער לאַסט, וואָס האָט געדריקט זײַן נאַקן, זײַן קאָפּ איז פֿאַרריסן געוואָרן העכער ווי מען דאַרף, ער האָט געקוקט אַרום זיך מיט אויגן פֿון ווידערשפּעניקונג און אַרויסרוף.

ער האָט זיי אויך געזען, די וועדניקעס. ווען איינער פֿון זיי האָט געדאַרפֿט אַריבערגיין פֿון זײַן פֿאַרשלאָסענעם חדר אין אַ צווייטן, האָט ער געמוזט דורכ־גיין דורך דער פּאָדערשטוב, דורכקוועטשן זיך דורכן וואַרטנדיקן המון. באַלד האָט מען אים אַרומגערינגלט, געריסן זיך צו אים מיט אַ מאָדנעם אימפּעט, יעדערער מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג, ווי וועלנדיק זיך אַרײַנקריצן ווי מעגלעך טיפֿער און דײַטלעכער אין זײַן איבערגעפּולטן זכרון: „ר׳ כאַצקל? ר׳ כאַצקל, זײַט זשע מוחל!... זײַט אַזוי גוט, ר׳ כאַצקל!..״ אַמאָל איז דאָס גע־ווען ר׳ אהרן, אַמאָל — ר׳ איסר. די שמשים זענען הייזעריק געוואָרן שרײַענדיק, פֿאַרלאַנגענדיק מען זאָל אים לאָזן דורכגיין.

אין אָט דעם דורכגיין דורכן פּאָדערשטוב איז געווען כאַראַקטער. וועגן ר׳ כאַצקלען האָט מען געזאָגט, אַז ער איז אַ דימענטענער מענטש: אַן איידעלער, אַן אָרנטלעכער, אַ למדן. אָבער ער האָט געקוקט בייז, צעקאָכט, און דורכגעלאָפֿן ווי אַן אָנגעצונדענער, קיינעם נישט ענטפֿערנדיק. ער איז געווען אַ קליין און שוואַך מענטשל, שלאַף אין געזונט, ער האָט נישט געקאָנט לײַדן דאָס שטופּעניש. ר׳ אהרן דער קאַסירער איז, פֿאַרקערט, געווען אַ הויכער מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ ברייטער און קײַלעכדיקער, שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אים פֿאַרדעקט אַ האַלבע ברוסט. ער איז געגאַנגען זיכער און געלאַסן, געמאַכט זיך, אַז ער הערט זיך אײַן אין דעם, וואָס מען זאָגט אים, געענטפֿערט מיט אַ געדיכטן קול: „גוט, גוט, האָט קיין דאגות נישט... יאָ, יאָ, כ׳האָב שוין געהערט...״ — און האָט זיך רויִק דורכגעלייגט אַ וועג צום פֿאַרשלאָסענעם צימער. און ר׳ איסר איז געווען אַ קײַלעכיק מענטשל, געקליידט מעשה דײַטש, אין אַ קורצן רעקל, דאָס בערדל צוגעשוירן, פֿול־באַקיק און גלאַט. ער האָט זיך געגליטשט דורכן עולם ווי אַ מין ים־פֿיש, געקוקט אויף די מענטשן מיט קאַלטע, קײַלעכדיקע אויגן, אָן פֿאַרב, און אָפּגעקומען מיט קאַלטע תשובֿות: „דאָ קאָן איך אײַך גאָרנישט זאָגן. אינע־ווייניק וועל איך אײַך ענטפֿערן״.

די לופֿט איז געווען האַלב־טונקל און פֿאַרשטיקט, אָנגעפּילט מיט די שווערע ריחות פֿון אומריינע לײַבער און מלבושים. אין שטאָט זענען דעמאָלט

אומגעגאַנגען כאָלערע און טיפֿוס, פֿלעק־טיפֿוס. די כאָלערע האָט זיך שוין אַ ביסל אײַנגעשטילט, אָבער דער טיפֿוס האָט געוואַלגערט מענטשן אויף רעכטס און לינקס. מאיר האָט געהאַט אַ געפֿיל, אַז די קרענק פֿויזען דאָ אַרום, ווי קריכנדיקע פֿלאַנצונגען, ווי אומגעזעענע קריכנדע געוויקסן צי׳ען זיי זיך דאָ פֿון איין אומציכטיקן לײַב צום אַנדערן.

די פֿאַרשטיקטע לופֿט, דאָס קאַרגע ליכט פֿון די צוויי פֿענצטער אין דער הינטערשטער וואַנט פֿון דער שטוב, די ענגשאַפֿט און דאָס לאַנגע וואַרטן האָבן אויף אים אָנגעווייט אַ מין מאַטע פֿאַרגעסנקייט. עס זענען פֿאַרבײַגעגאַנגען מינוטן און האַלבע שעהן, וואָס ער האָט נישט רעכט געדענקט וואו ער איז. ער האָט גערעדט מיט אסתּרקען, וועלכע ער האָט געטראָפֿן, קומענדיק אַהיים פֿון דער אַרבעט. זי ליגט אין בעט, מיטן פּנים אָפּגעקערט צו דער וואַנט, ליגט און שווײַגט: „געגנוג שוין דיר, אסתּרקע!... וואָס קאָן מען העלפֿן!...“ דעמאָלט האָבן זיך אירע פּלייצעס גענומען טרייסלען און דאָס פּנים האָט זיך מער אײַנגענורעט אין קישן. זי האָט געוויינט. ער איז געשטאַנען איבער איר אַן אומבאַהאָלפֿענער, מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ: „דאָס קינד! דאָס יונגע קינד! וואָס האָט זי נישט איבערגעטראָגן פֿאַרן יאָר! דער פֿאָטער געשטאָרבן, די שוועסטער — אַ פֿאַרלאָרענע, דער ברודער אין טורמע, אַ גנבֿ — און ער סטראַשעט צו פֿאַרמסרן אַלעמען, די שוועסטער זײַנע, אויב מען וועט אים נישט אַרויסנעמען, און דאָ איז דעם זיידנס טויט געקומען, דעם זיידנס טויט, ווײַל מען האָט אָן אים פֿאַרגעסן...“ זי האָט זיך אומגעדרייט צו אים. איר פּנים איז געווען נאַס און רויט פֿון ליגן און וויינען, אָבער די אויגן זענען נישט געווען נאַס — גרויסע, פֿאַר טיפֿן שרעק שטיל געוואָרענע אויגן — דער שרעק האָט זיי פֿאַרקילט, די טרערן. זי האָט געזאָגט רו׳יק, אָן אויפֿשרײַען: „פֿון הונגער איז ער אויסגעגאַנגען... מײַן שולד איז דאָס... און קיין מאָל וועט ער מיר נישט מוחל זײַן... מיטן טויטן קולאַק האָט ער צו מיר געמאַכט... אַלע אומגליקן וועלן אויף מיר קומען... איך ווייס שוין, אַז אַלע... אָדער, אפֿשר האָב איך זיך שוין אויסגעקויפֿט?... האָסט דאָך מיך שוין געשטראָפֿט... טאַטע־פֿאָטער, האָסט דאָך מיך שוין גענוג געשטראָפֿט!...“ זי איז אַ ווײַלע געלעגן אויפֿן בעט, דערנאָך האָט זי אויפֿגעשרי׳ען מיט אַ צאַפּל: „און דיך וועט מען אויך פֿון מיר צונעמען!... איך ווייס שוין דאָס!...“

איר פּנים איז געווען געשוואָלן פֿון וויינען, רויט און געשוואָלן.

מען וועט אים צונעמען, — זאָגט זי. געוויס, אויב ער וועט איבערמאָרגן — ניין, ווען איז דאָס? — איבער־איבערמאָרגן נישט אײַנצאָלן די אַנדערע העלפֿט וועט מען אים צונעמען. און פֿון וואַנען זאָל ער נעמען? אָט אַפֿילו דאָ, וואו אַלע קריגן, ווייס ער אויך נישט ווי צו דערשלאָגן זיך.

ער האָט זיך אומגעקערט צו דער וועלט, וואו ער איז געווען. ס׳איז אַ מאָדנע זאַך, דער עולם, וואָס שטופּט זיך אַרום די טירן, ווערט אַלץ גרעסער. מען גייט אויך אַרײַן אינעווייניק, מען קאָן נישט זאָגן, מען זאָל גאָר נישט אַרײַנגיין. דאָס דער, דאָס יענער פּועלט בײַם שמש, וואָס שטייט פֿאַרן טיר, ער זאָל אים אַרײַנלאָזן. אָבער עמיצער זאָל פֿון אינעווייניק צוריק אַרויסגיין — דאָס מערקט זיך עפּעס גאָרנישט.

ער איז איינער פֿונעם המון און איז באַוועלטיקט פֿון די זעלביקע געדאַנקען ווי אַלע איבעריקע. ער שטופּט זיך פֿאָרויס, דערגרייכט ביז צו דער טיר. און ווען איינער בעט זיך אײַן בײַם שמש ער זאָל אים אַרײַנלאָזן, שפּאַרט ער זיך אויך נאָך אים אַרײַן, כאָטש דער שמש וויל אים פֿאַרשטעלן דעם וועג.

דאָס צימער איז דאָ ליכטיק, געררום, מען פֿילט זיך ווי פֿון אַ קעלער אַרויס. אויף די ווענט הענגען גרויסע, אַלטע וואַנט־זייגערס — משכּנות. עס שטייען טישן. הינטער די טישן זיצן שרײַבער און שרײַבן. און אַרום די טישן שטופּן זיך ייִדן און ייִדענעס פּונקט ווי אין דער פּאָדערשטוב. בפּרט אַרום ר׳ אהרנס טיש. פֿון פֿאָרנט, פֿון די זײַטן, ווײַט איבערגעבויגן איבערן טיש, קעפּ אויף קעפּ. ער איז פֿאַרפּלייצט, ר׳ אהרן. און דאָס אַלץ שרײַט, ווערט אויסגעריסן שרײַענדיק. דין און גראָב, הייזעריק און קוויטשיק, יעדערער מיט זײַן קול: „ר׳ אהרן!... ר׳ אהרן!...״

ר׳ אהרן גלאַנצט מיט דער גרויסער, געפּיעסטעטער, שוואַרצער באָרד, סמאָטשקעט מיט די פּולע, רויטע ליפּן, און שרײַבט אויף אַ פּירקאַנטיקן שטיקל פּאַפּיר. ער שרײַבט אַ צעטל. דעמאָלט ווערט שטיל. דרײַסיק פּאָר אויגן קוקן אויף דער פּען, ווי זי שפּרײַזט אַרום, גרינג און זיכער, איבערן ווײַסן פּאַפּיר־בלעטל, און אויף דער אַנדערער האַנט, מיט די צעשפּרייטע פֿינגער, וואָס האַלטן צו דאָס פּאַפּירל. די נעגל־ראַנדן זענען שוואַרץ, טיף־שוואַרץ, מען קאָן מיינען זיי האָבן אַנטלױען זייער קאָליר בײַ דער באָרד.

אָבער ווען ער הויבט אויף די אויגן פֿון פּאַפּיר, גיבן דרײַסיק מײַלער אַ שרײַ אויס: ר׳ אהרן!... ר׳ אהרן!...״ יעדער איינער ווייס, אַז אַלץ ווענדט זיך אָן דעם וואו דער קוק פֿון ר׳ אהרנס אויגן וועט פֿאַלן. דער קוק פֿאַלט אויף איינעם פֿון די ליאַרמענדיקע פּנימער, ער רעדט צו אים, און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אַלע אַנדערע שרײַען מיט, יעדערער דאָס זײַניקע, הערט ער דאָך, וואָס יענער ענטפֿערט אים. און אויב ער הערט נישט, מאַכט ער זיך, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו הערן, און רעדט צו אַן אַנדערן, וועמענס קול ס׳איז שטאַרקער און דאָס רעדן דײַטלעכער. ער איז אַ געלאַסענער מענטש, דער ר׳ אהרן.

מאיר פּונק דערגרייכט אויך דעם טיש און בויגט זיך איבער אים, און שרײַט: „ר׳ אהרן!״ ר׳ אהרן באַמערקט אים גיכער ווי אַנדערע, ווײַל ער

איז הויך, און בלאָנד, און האָט אַ יונג און איידל פּנים, און ווײַל זײַן אויס־געשטרעקטער קאָפּ גרייכט ווײַטער ווי די קעפּ פֿון די אַנדערע.

— האָט איר געבראַכט אַ משכּון? ווי? אַן ערבֿות?

ער האָט באַוויזן אַ צעטל פֿונעם דײַטש, דעם בעל הבית פֿון דער סטאָלערײַ.

ר׳ אהרן האָט אַ פֿיר געטאָן מיט דער האַנט — ס׳איז נישט גענוג. ר׳ חיים זלאַטעס דאַרף דאָס אונטערשרײַבן. ער איז דער ראש פֿון דער ועד.

מאיר איז געשטאַנען ווי געפּלעפּט. פֿאַרוואָס האָט ער דאָס פֿריִער נישט געוואוסט? איצטער, גיי זוך אים!... איבער־איבערמאָרגן איז דער לעצטער טאָג.

מאיר שטייט און שטייט — ר׳ אהרן קוקט נישט מער אויף אים. ער איז פֿאַרנומען מיט אַנדערע. מאיר בויגט זיך ווידער אַריבער ווײַט איבערן טיש:

— ר׳ אהרן!

ר׳ אהרן קאָן אים נישט אויסמײַדן.

— כ׳האָב דאָך אײַך געזאָגט: ר׳ חיימס חתימה.

— איבער־איבערמאָרגן...

ר׳ אהרן פֿירט מיט דער האַנט — ס׳איז נישט אין זײַן רשות. ר׳ חיים זלאַטעס איז דער ראש.

מאיר שטייט און שטייט. ער פֿאַרשטעלט אַנדערע דעם וועג. קיינער האָט צו אים קיין טענות נישט, ווײַל אַלע פֿאַרשטעלן איינע די אַנדערע דעם וועג.

ער גייט אַרויס אויפֿן גאַס, לאָזט זיך אַהיים, און קערט זיך אום פֿון האַלבן וועג.

יאָ, מייער.

דאָס איז געווען אַ גוטער אײַנפֿאַל — און דערנאָך האָט זיך אַלץ גענומען אויסגלײַכן.

אַנזעלמוס מייער האָט געאַרבעט אין באַנק. פֿונק האָט זיך זעלטן באַגעגנט מיט אים. אַמאָל פֿלעגט ער אים טרעפֿן בײַ גדליה באַראַנטשוק, דעם שרײַבער פֿון דער צײַטונג „בדרך". די חתונה האָט ער אויך געמאַכט בײַ אים אין שטוב. אָבער פֿון נאָך דער חתונה האָט ער אים נישט געזען.

דער עיקר, מען דאַרף קענען די מענטשן. ר׳ חיים זלאַטעס! מייער איז געווים מיט אים באַקאַנט. מיט וועמען איז ער נישט באַקאַנט?

אים האָט אָבער נאָך מער געשפּילט דאָס גליק. ר׳ חיים זלאַטעס איז גראָד דעמאָלט געווען אין באַנק. מייער איז צו אים צוגעגאַנגען, ער האָט גענומען דאָס צעטל און געחתמעט, גאָר נישט געזוכט וואו די חתימה צו שטעלן — ער וואָלט שוין געטראָפֿן דעם אָרט אין דער פֿינצטער. די גאַנצע

מעשׂה האָט גענומען אַ האַלבע מינוט. דער זייגער האָט שוין געהאַלטן דרײַ פֿערטל אויף איינס. איינס האָט מען געשלאָסן דעם ועד. פּונק האָט געמאַכט גרויסע שפּאַנען אויף צו קומען נאָך אין צײַט.

ער איז געקומען אַהיים האַלב צוויי און האָט אַרויסגעלייגט דאָס געלט: פֿיר פּאַפּירלעך, טערקישע לירעס, און צוויי זילבערנע מעדשידיס. עס האָט זיך געלוינט צו פֿאַרלירן אַ האַלבן טאָג אַרבעט. אָבער אייגנטלעך האָט ער דאָס נישט געדאַרפֿט. דער עיקר איז געווען דער גאַנג אין באַנק. נאָר גיי, זײַ קלוג, און ווייס אויף פֿריִער!

אסתּר האָט אַרויפֿגעקוקט צו אים מיט נישט טרויערנדע אויגן. עס איז געווען אַזוי שלעכט, און דאָס שלעכטע האָט זיך אַזוי געדיכט אָנגעזעצט אויף זיי, אַזוי ענג זיי אַרומגערינגלט, אַז ס'איז שוין שווער געווען צו גלויבן אין אַ בעסערונג. און ס'איז נישט געווען כּדאַי ווײַטער צו וואַרפֿן זיך און צו צאַפּלען. וואָס קאָן מען שוין דאָ פֿאַרריכטן? לייזערקע זיצט. ווער ווייס וואָס מען וועט מיט אים טאָן, דעם שלימזל? צי וועט ער נאָך זען אַמאָל די ווײַסע וועלט? זיי קאָנען אים הענגען אויך, נישט אין אַ בייזער שעה גערעדט... מען האָט דאָך געהאָנגען אַנטלאָפֿענע סאָלדאַטן! מען האָט דאָך שוין גע־האַנגען!... און עס קומט אים — דעם גנבֿ, דעם מערדער!... זי האָט דאָס אים אָפּגעראַטעוועט פֿאַר דרײַ יאָרן, בעת ער איז געלעגן אַ פֿאַרבייאיקער. אַ חודש צײַט נישט אָפּגעטרעטן פֿון זײַן בעט. אַ טובֿה האָט זי געטאָן דעם הויז. וואָלט ער דעמאָלט געשטאָרבן וואָלט דער טאַטע געלעבט, וואָלט דער זיידע נישט געווען פֿאַריאָגט פֿון דער היים, וואָלט נישט אויס־געגאַנגען פֿאַר הונגער, אין דער פֿרעמד, עלנט, פֿון אַלעמען פֿאַרלאָזן... ער האָט דעם זייגערל נישט געגנבֿעט, זאָגט ער, ס'איז נישט געווען מיט אַ כּיוון, זאָגט ער, וואָס ער האָט ראַזקעס זייגערל אַרײַנגעלייגט צו זיך אין קעשענע און געגאַנגען צו דער אַנדערער... טפֿוּ אויף זײַן קאָפּ! ליגנער! פֿאַלשער הונט!... מען זאָל אים ראַטעווען, שרײַט ער, דאָס לעבן זאָל מען אים ראַטעווען — אַ־נישט וועט ער פֿאַרמסרן די גאַנצע שטאָט, אַלע אַנט־לאָפֿענע: זאָל מען אַלעמען הענגען, זאָגט ער. און חיהקען וועט ער פֿאַרמסרן, און דעם גרעק — הלוואי וואָלט ער אַ כּפּרה אײַנגענומען, דער גרעק, נאָך איידער חיהקע האָט זיך באַקענט מיט אים. ער איז איר אומגליק — אירער און זייער אַלעמענס... ערבֿ פּסח — מען האָט נאָך נישט געכּשרט, נישט געוואַשן, נישט געקאַלכט, נאָך קיין מצה נישט געקויפֿט — מען האָט נאָך נישט מיט וואָס צו מאַכן פּסח. און ווער זאָל זיך מיט דעם אָפּגעבן? די מאַמע איז אויס מענטש: פֿאַר מיטאָג לויפֿט זי צו לייזערקען און פֿון אים צו די וועדים, צו די גבאים, צו די כּוללים, מען זאָל אים ראַטעווען דאָס לעבן, נאָר דאָס לעבן! אָבער טאָמער נישט — זי וועט אָנטאָן אַ חורבן אין שטאָט... איר איינציקער זון, איר בן יחיד!... און חיהקע איז אויך דאָ. זי שיקט דאָס אַרום די מאַמע. זי האָט באַקומען אַ פּנים — שוואַרץ, ווי אַן אוממענטש...

ברענגט געלט פאַר אים און זאָגט אָן מיט דער מאַמען ער זאָל האַלטן דאָס מויל, נאָר האַלטן דאָס מויל, אויב ער וויל אַרויס מיטן לעבן. וואָס האָט זי אַזוי מורא? וואָס? כאַ־כאַ, די גאַנצע שטאָט וויס זייערע עסקים!...

דער זיידע האָט געסטראַשעט מיטן טויטן קולאַק. וויפל זי האָט געוויינט פאַר זײַן מיטה! וויפיל זי איז אים געפאַלן צו די פיס און געבעטן ער זאָל זיי מוחל זײַן! ער האָט מיטגענומען די שׂנאה אין קבֿר. זײַן האַרץ איז געוואָרן ווי אַ שטיין. קאָן מען ווייך מאַכן אַ טויט האַרץ, אַ פאַרגליווערט האַרץ מיט אַ פאַרגליווערטער שׂנאה אין דעם?

עס איז נישטאָ קיין רעטונג. זי קאָן שוין מער נישט צאַפּלען און וואַרפן זיך — זי האָט קיין כּוח נישט. זאָל שוין קומען דאָס לעצטע — זאָל מען שוין בײַ איר מאַירן אויך צונעמען. דעמאָלט וועט זי אויך שטאַרבן — זי וויס, אַז זי וועט דאָס נישט איבערלעבן — און דעמאָלט וועט זײַן אַן עק... דעמאָלט וועט אַלץ זײַן גוט...

אסתרקעס באַקן זענען געווען טונקל־בלאַס, געלײַטערט דורכן לײַדן. פונק האָט געקוקט אויף איר מיט גוטמוטיק־שמייכלענדיקע, גלאַנציק־גע־וואָרענע אויגן: זי איז געווען מער ווי אַלעמאָל שיין און געגלוסטן, אָט איצטער, אין איר שטילער הכנעה.

איר קוק איז נאָך אַלץ געווען נישט פרייליך. פריילעכקייט איז אויך אַ געוויינהייט. די פאַרגאַנגענע צוויי וואָכן האָבן זי פון דער געוויינהייט אָפּ־געוויינט. נאָר צום סוף פונעם וואַרעמעס האָט איר קול באַקומען אַ מונטערן קלונג, גאָר ווי אַמאָל:

— דו מוזט קריגן נאָך צען נאַפּאָלעאָן... און צען וועל איך קריגן!

— וואו זאָל איך קריגן?

— וואו?... בעט בײַם דײַטש — בײַם בעל הבית, ער'ט דיר נישט אָפּזאָגן, דו אַרבעטסט שוין בײַ אים גענוג לאַנג. און בכלל, וואָס שטעלט ער דאָ אײַן? — ער קאָן דיר אָפּרעכענען יעדעס מאָל פון דײַן שׂכירות.

— ער האָט דאָך שוין ערבֿ געווען...

נאָר דאָס איז פאַר איר געווען אַ ראיה אויף פאַרקערט: אויב ער האָט ערבֿ געווען וועט ער געוויס אויך אַנטלײַען.

— און פרײַלין כאַדראַווסקי, די לערערין פון געניי?...

פונק האָט געזאָגט פאַרדראָסיק:

— אַלץ איך? דו זעסט דאָך זי יעדן טאָג אין בית מלאָכה.

נאָר אסתר האָט דערקלערט, אַז זי קאָן בײַ איר נישט בעטן — זי איז איר אַזוי אויך געגנוג שולדיק.

— אָבער דיר וועט זי געוויס געבן, — האָט זי געמאַכט, קוקנדיק אין אַ זײַט.

זי האָט געוואוסט פֿאַרוואָס די לערערין פֿון געניי וועט אים געוויס געבן. ער, אָבער, האָט פֿון קיין זאַך נישט געוואוסט. ער האָט מסכּים געווען, אַז ער זאָל מיט איר רעדן: זי איז אַלע מאָל געווען זייער גוט צו אים.

— און דו — וואו וועסטו קריגן? — האָט ער געפֿרעגט.

— כ׳וועל שוין קריגן, וועסט זען.

זי האָט נאָך אַליין נישט געוואוסט. בעת זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט קריגן האָט זי דאָס געזאָגט פּלוצלונג. אַציגד האָט זי געגלויבט אין דעם. די הונדערט פֿראַנק פֿון „ועד העזרה״, וואָס פֿאַר די גאַנצע צוויי חדשים האָט מען זיי נישט געקאָנט אַרויסקריגן, און צום סוף האָט מען זיי געקראָגן אין צוויי מינוט — האָבן זיי נישט אָנגעדייט, אַז ס׳הויבט זיך אָן אַן ענדערונג צום גוטן? אַזוי איז שוין אַלע מאָל: אַז ס׳איז שלעכט איז אַלץ שלעכט, פֿון אַלע זייטן נאָר אומגליקן, ביז עס ברעכט זיך — און דעמאָלט לייגט זיך אַלץ אויס צום גוטן. מען דאַרף נאָר נישט אַראָפּפֿאַלן בײַ זיך.

זיי זענען אויפֿגעשטאַנען פֿון טיש. זי האָט אים אַרומגענומען פֿאַרן האַלז און געצויגן זיך צו אים מיט די ליפּן:

— וועסט דאָס טאָן? הײַנט?

— און איך וועל שוין קריגן! וועסט זען! — האָט זי געזאָגט בײַם אַוועקגיין.

# 20

װען עס הױבט אָן גײן גוט —

געװײנלעך, בײַשט אַזױ גיך דרײט זיך דאָס איבער. נאָכן טאָג אַרומלױפֿן, קלאָגן און װײנען, האָט אסתּרקע געבראַכט אַהײם נײַנציק פֿראַנק און אַ צעטל אין „קופּת מלוה“ אױף דרײַסיק. די דרײַסיק װעט זי מאָרגן קריגן — הײַנט איז זי געקומען צו שפּעט. צוערשט האָט זי זיך אָנגעשטױסן אָן אַ װאַנט: דער גבאי פֿון דער ישיבֿה „עץ הדעת“, װאו איר טאַטע און זײדע זענען געװען שמשים, האָט איר קורץ אָפּגעזאָגט: ס'איז גאָר נישטאָ פֿון װאָס צו רעדן; די קאַסע פֿון דער ישיבֿה איז לײדיק, די ישיבֿה־לײַט ריכטן אָפּ תּענית, קומען אָפּ — זײ מיט די װײַבער און קינדער — מיט דורא־ברױט און װאַסער; װען ער זאָל נישט דערלײגן פֿון זײַן אײגענער קעשענע װאָלטן זײ דאָס אױך נישט געהאַט. און שולדיק איז מען זײ, די װעטשטײנס, געװיס גאָרנישט. פֿאַרקערט, ר' אַלטער, עליו השלום, איז געבליבן שולדיק דער ישיבֿה. פֿון די צען נאַפּאָלעאָן, װאָס ער האָט גענומען אױף לײזן לײזערקען, האָבן זײ קײן פּאַרע צוריק נישט געזען.

אפֿשר איז ער געװען גערעכט? אסתּרקעס מוח איז געװאָרן אַרומ־געװאַקסן מיט גענזנהױט: אַלץ װאָס איז געגאַנגען קעגן איר ציל האָט זיך פֿון איר אַראָפּגעגליטשט װי װאַסער פֿון אַ שטיק פֿעטס. זי איז געװען װי אַ מוראַשקע, װאָס קינדער צאַמען איר אָפּ דעם װעג מיט אַ שפּענדל אָדער מיט אַ שטײנדל. זי האָט געװאוסט נאָר איר זאַך און נישט געקאָנט רוען. פֿון גבאי איז זי אַװעק צום ראש ישיבֿה אַהײם, צום זאַמישקער מגיד, דעם אײדעם פֿון ר' יצחק לײב, ז"ל, װאָס האָט נאָך אים איבערגענומען די פֿירונג פֿון דער ישיבֿה. זי האָט אים געטראָפֿן אױפֿן שװעל — ער איז געגאַנגען אין דער ישיבֿה אַרײַן, פֿאַר מנחה איז דאָס געװען. מיט אים זענען געװען נאָך צװײ ייִדן. ער האָט גערעדט, װי געװײנלעך, מיט זײַן שטילן קול, זײַן יעדעס װאָרט איז געװען אַזױ װי ער װאָלט אַ סוד איבערגעגעבן די צװײ מענטשן — אַ באַהאַלטענעם װיכטיקן סוד, װאָס נאָר זײ צװײען קאָן ער דאָס אָנטרױען — און זײ האָבן געהערט, מיט צוגעבױגטע קעפּ — מיט אָנגעשטעלטע אױגן און אױערן, און זיך געהיט פֿון מפסיק צו זײַן אים אַפֿילו מיט אַ װאָרט פֿון

הסכּמה, נאָר מיט די בערד צוגעשאָקלט — ער האָט נישט ליב געהאַט מען זאָל אים מפסיק זײַן.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט אסתּר נישט געהאַט קיין העזה צוגיין צו אים בעת ער שטייט אָט אַזוי־אָ אויף דער שוועל, אַ הויכער ייִד פֿון אַ יאָר עטלעכע און פֿערציק אין אַ לאַנגער, שוואַרץ־סאַמעטענער קאַפּאָטע, מיט אַ לאַנגן, טונקעלן, אומפֿרישן פּנים פֿון אַן אינטעלעקטועלן אַסקעט, פֿון אַ מענטשן, וועלכער איז טאָג און נאַכט פֿאַרשטעלט פֿונעם ווייען פֿון דער פֿרישער לופֿט, פֿונעם הימל־בלוי, פֿון דער גלעטנדיקער וואַרעמקייט פֿון די זונענשטראַלן, פֿאַרשטעלט דורך די דיקע ווענט און טונקעלע שויבן פֿון זײַן קלויז; זי וואָלט אים נישט געשטערט בעת ער שטייט אַזוי מיט די צוויי ייִדן און זאָגט פֿאַר זיי תּורה, און זיי האָרכן. אַצינד אָבער האָט זיך אסתּרקע נישט אָפּגע־שטעלט אַפֿילו אויף דעם אָטעם איבערצוכאַפּן.

— רבי! — האָט זי אַ געשריי געטאָן.

די צוויי ייִדן האָבן צו איר געמאַכט מיט די הענט, מיט שרעק, מיט כּעס — זי זאָל אַוועקגיין! זי האָט געזען ווי זיי מאַכן מיט די הענט און קאַכן זיך — עס איז איר אָבער געווען גלײַך ווי נישט צו איר וואָלטן זיי געמאַכט.

דער רבֿ האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מיט אויגן, וואָס זעען נישט, ער האָט זיך געגעבן אַ קנייטש, און באַרויִקט דורך די תּנועות פֿון די צוויי ייִדן — עס איז געווען זייער זאַך צו זען מען זאָל אים נישט שטערן בעת ער רעדט — האָט ער געוואָלט ווײַטער זאָגן, נאָר אסתּרקע האָט אַ געשריי געטאָן נאָך העכער, מיט אַ ריס אין קול:

— רבי, איר מוזט מיר העלפֿן!

די ייִדן האָבן אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט: דאָס איז שוין אַ חוצפּה! נאָר דער רבֿ האָט זי געפֿרעגט:

— וואָס... ווילסטו, מײַן קינד?

אָט אַזוי ווי ער האָט גערעדט פּליסיק, ווי אַ שטראָם קלאָרע וואַסער אין אַ ריינעם, גלאַט־זאַמדיקן טײַך־בעט, אַזוי איז אים איצטער אָנגעקומען מיט מי יעדעס וואָרט: מיט זײַן גאַנצן וועזן איז ער נאָך געווען אין דער וועלט, פֿון וועלכער זי האָט אים אַזוי גראָב אַרויסגעריסן. ער האָט נישט געוואוסט און נישט געוואָלט וויסן וואָס זי וויל פֿון אים. ער האָט נאָר געוואוסט, אַז דאָס איז אַ שטערונג, אַ פֿאַרדראָסיקע זאַך, אַ צוטשעפּעניש, וואָס מען דאַרף פֿון דעם וואָס גיכער פּטור ווערן.

צווישן די געדאַנקען מכּוח דעם, וואָס ער האָט פֿריִער געזאָגט, און דעם, וואָס ער האָט נאָך צו זאָגן, האָט ער דאָך אײַנגעהערט עפּעס פֿון אירע רייד, און האָט זיך ווידער אַ קנייטש געטאָן: אַוודאי, ער האָט געוואוסט, אַז דאָס זענען נאַרישקייטן און אַן אומזיסטיקע קאָפּדרייעניש! אַרײַנלאָזן זיך מיט אַ

ייִדענע!... איר מאַן וויל זיך לייזן און האָט קיין געלט נישט. אַוודאי, אַ מצוה אויסלייזן אַ ייִדן פון גויאישע הענט. אָבער, וואָס קאָן ער דאָ העלפן? מיט דעם שׂכל קאָנען אַלע ווײַבער פון שטאָט קומען צו אים... אַלטערס טאָכטער? יאָ, נו — זאָל זי גיין צום גבאי.

דאָס איז אים אַרומגעגאַנגען אין קאָפּ. געזאָגט האָט ער נאָר איינצלנע ווערטער, שטיל, מיט מי, ווײַל דאָס וואָס ער האָט געזאָגט איז אויך געווען אַן איבעריקע זאַך. ער האָט נאָר נאָכגעגעבן איר ווײַבערשער נאַרישקייט. און ער האָט געוואָלט זי זאָל וואָס גיכער אים לאָזן צורו:

— דאָס איז... נישט צו מיר. גיי צום גבאי, גיי.

זי האָט ווײַטער עפּעס געטענהט, גערעדט מיט אַ וויינענדיקן קול, פאַר־האַקט זיך און אַנטשוויגן געוואָרן. ער איז געשטאַנען שטיל, נישט געהערט וואָס זי זאָגט, און געמאַכט איבעראַנײַס, מיט זײַן געוויינטער, געמאָסטענער געלאַסנקייט:

— געלט־זאַכן — דאָס געהערט צום גבאי. גיי צו אים, גיי.

זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, דער רבֿ און די צוויי ייִדן, און זי איז געבליבן שטיין לעבן שוועל — זי איז נישט נאָכגעלאָפן, זי וואָלט מער נישט געקאָנט זאָגן צו זיי אַפילו איין וואָרט.

נאָך סאָסל, דעם רבֿס טאָכטער, איז געווען לעבן איר ווי נאָר דער רבֿ איז אַוועקגעגאַנגען. זי האָט זי גענומען פאַר אַ האַנט און אַרײַנגעפירט אין שטוב:

— קום אַהער, אסתרקע! קום צו דער באָבען!

די באָבע, די אַלטע רביצין, האָט זיך געלאָזט דערציילן די גאַנצע זאַך. זי האָט געזיפצט און געטרייסלט מיטן קאָפּ. זי האָט אויך נישט שטאַרק אײַנגעהערט זיך אין די אַלע פּרטים. און ס'איז געווען נישט וויכטיק. זי האָט געדענקט אַלטערן בשעת ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל, און זלמן איז געווען אַ יונגערמאַן — אַ גבֿר, גויים האָבן פאַר אים מורא געהאַט. און יצחק לייב האָט אים האָלד געהאַט.

— יאָ, יאָ, — האָט זי געזאָגט, — זלמנס אייניקל.

זי האָט געשיקט רופן דעם גבאי און געהייסן אים געבן פינף נאַפּאָלעאָן. ער האָט געשוואָרן, אַז ס'איז נישטאָ קיין געלט, אויסער חובֿות איז גאָרנישט נישטאָ, אָט נאָר די צוויי נאַפּאָלעאָן סײַדן, מער האָט ער נישט בײַ זיך, אַפילו ווען ער זאָל דאָס דאַרפן פאַר זײַן אייגענעם טאַטן.

— זלמנס אייניקל! — האָט געטענהט די אַלטע רביצין.

און ער האָט געמוזט געבן אסתרקען די צוויי נאַפּאָלעאָן. און ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען האָט די רביצין גענומען פאָרען זיך אין איר קעסטל, האָט פון

דאָרטן אַרויסגענומען אַ האַלבן נאַפּאָלעאָן, און נאָך צוויי מעדשידיס, און קליינגעלט.

מיט זעכציק פראַנק איז אסתר פון איר אַוועקגעגאַנגען און — ווען עס גייט גייט דאָס: זי האָט באַגעגנט פּנחס קלאַפּער, דעם שרײַבער פון מושב זקנים, און ער האָט איר געטאָן אַ טובה: ער איז געגאַנגען מיט איר צו די גבאים, אײַנגעלייגט אַ וואָרט. די גבאים האָבן קיין סך נישט איבערגערעדט. זיי האָבן זיך געפּילט אַ ביסל שולדיק אַנטקעגן ר׳ זלמנען, וואָס זיי האָבן אים נישט געוואָלט אַרײַננעמען אין מושב זקנים. אָבער קיין סך האָבן זיי נישט געגעבן: אַ נאַפּאָלעאָן! אָבער פּנחס קלאַפּער האָט נאָך מער געטאָן פאַר איר: ער האָט איר געגעבן אַ צעטל צו אַ „קופּת מלוה״ וועגן אַ גמילת חסד פון דרײַסיק פראַנק, און געעצהט זי זאָל אויך גיין מאַנען בײַם כולל, כאָטש פון כולל אויב זי וועט עפּעס אַרויסקריגן, האָט ער געזאָגט, איז אַ גרויסער ספק: ראשית האָט דער כולל טאַקע קיין גראָשן נישט, והשנית, מען ווייס גאַנץ גוט ווער איר מאַן איז — בעסער וועט מען געבן פאַר אַן אָרנטלעכן יונגנמאַן. פונדעסטוועגן איז זי געגאַנגען אין כולל און האָט אַרויסגעריסן בײַ זיי אויך צען פראַנק. נאָר צו דער קופּת מלוה האָט זי פאַרשפּעטיקט, געמוזט דאָס אָפּלייגן אויף מאָרגן. נאָר זי האָט קיין ספק נישט געהאַט, אַז זי וועט די דרײַסיק פראַנק אויך האָבן, ווען פּנחס האָט איר געגעבן אַ צעטל.

הונדערט צוואַנציק פראַנק און הונדערט — כמעט העלפט געלט. וועלן זיי דען נישט קריגן די אַנדערע העלפט? אסתר האָט געגלויבט, אַז זיי וועלן קריגן. און דאָס וואָס מאיר איז געקומען אין אָוונט מיט גאָרנישט האָט בײַ איר נישט אָפּגענומען דעם בטחון. ס׳איז נישט וואָס מען האָט אים אָפּגעזאָגט, חלילה — ס׳איז פּשוט, ווײַל ער איז נישט געווען אין דער ווערקשטעל נאָך מיטאָג, דער דײַטש. מאָרגן וועט זיך מאיר מיט אים זען און ס׳וועט אם ירצה השם זײַן רעכט.

און אַז ס׳הויבט אָן בעסערן זיך בעסערט זיך שוין פון אַלע זײַטן. די מאַמע האָט אויך געבראַכט אַ פריילעכע בשורה. זי איז אַליין געגאַנגען צו ראָזקע שעפּסלס, צו דער מויד, — וואָס וועט זי שוין דאָ קוקן אויף כבוד, צי אויף לײַט — זי האָט זיי אין דר׳ערד, די לײַט — דער זון איז איר טײַערער — און האָט זי אײַנגעבראָכן... און יענע איז גאָרנישט אַזאַ שלעכטע, זאָגט זי, די מאַמע... און פאַרוואָס זאָל זי זײַן אַ שלעכטע? אַ יידישע טאָכטער! און וואָס איז חיהקע? חיהקע איז טויזנט מאָל ערגער פאַר איר... יענע האָט זיך אַליין שלעכטס געטאָן: איין מענטש, פאַר זיך אַ בעל הבית. און די האָט זיי אַלעמען געמאַכט אומגליקלעך... האָט זי גאָר קיין צוויי ווערטער נישט איבערגערעדט, ראָזקע: געגאַנגען מיט דער מאַמען אין פּאָליציי אַרײַן און אָנגעגעבן, אַז זי נעמט פון אים אַראָפּ, פון לייזערקען, דעם חשד פון גנבה. דאָס זייגערל איז טאַקע אירס, אָבער ער פלעגט דאָס

אָפּט נעמען צום טראָגן, מיט איר וויסן, און זי גלויבט גאַנץ גוט, אַז דאָס מאָל איז עס ביי אים אויך געבליבן צופעליק. מסתמא וואָלט ער דאָס איר אומ־געקערט אויף מאָרגן. זי האָט גאָר קיין גרונט נישט אים חושד צו זיין.

דעפּאָרטאָ, דער אַדוואָקאַט, האָט דאָס אַלץ איינגעריכט. די מאַמע האָט אים געגומען לויט חיהקעס עצה און ווען זי האָט געצאָלט מיט חיהקעס געלט. ער האָט געזאָגט, אַז ווען די באַשולדיקונג אין גנבה וועט אָפּפאַלן, איז לייזערס לעבן נישט מער אין סכנה. מער נישט אַ פּאָראָר (דעזערטיר) — אַזעלכע זענען דאָ אין די טויזנטער!

און אויף מאָרגן האָט מאיר באַקומען פונעם דייטש אַ קורצן און קאַלטן: „ניין". הונדערט פראַנק האָט ער אים געגעבן — דאָס וואָס ער האָט ערבֿ געווען איז אין זיינע אויגן גלייך ווי מזומנים — מער ווי דאָס קאָן ער נישט.

פאַרנאַכט איז מאיר געגאַנגען צום לעצטן מענטשן, ביי וועמען ער האָט נאָך געקאָנט האָפן צו קריגן אַ הלוואה — צו בלומע כאַדראָווסקי. אָבער ער איז געגאַנגען אָן אַ חשק און אָן גלויבן: קיין צוויי הונדערט און זעכציק איז זי אים נישט בכוח צו געבן, און דאָס איז די סומע, וואָס אים פעלט.

אין גאַס האָט ער באַגעגנט די קראַנקנשוועסטער צפורה.

זי האָט אים אָפּגעשטעלט: וואו איז ער געווען די גאַנצע צייט? אין ירושלים? זי האָט געמיינט, אַז ער איז אויך אַוועקגעפאָרן ערגעץ אין די קאָלאָניעס. אַזוי פיל פון אירע באַקאַנטע זענען איצטער געוואָרן דעזערטירן און צעלאָפן זיך איבערן גאַנצן לאַנד. ווען זי גייט אַ טראַכט וועגן דער סכנה, וואָס מ'קאָן אַריינפאַלן — בררה, אַ שוידער נעמט זי אָן... אַמאָל, קליינער־הייט, האָט זי שטאַרק מקנא געווען די יינגלעך... אָבער איצטער וואָלט זי זיך נישט געביטן, כאַ־כאַ־כאַ, אָט איז געווען אַ געשיכטע —

און זי האָט אים דערציילט פון אַ מיידל מיטן נאָמען מאַטל, וואָס מען האָט זי פאַרשריבן, בשעת דער אָטאָמאַניזאַציע, מאַטל, און דאַן גערופן צום דינסט. זי איז נישט געגאַנגען, געוויינלעך. איז דער מוכטאַר געקומען צו איר אַהיים מיט פּאָליציי. זי איז געווויס אַן איבערגעטאָנענער יינגל, האָבן זיי געזאָגט. זיי מוזן האָבן באַוויזן, אַז זי איז נישט קיין איבערגעטאָנענער יינגל.

— נו, — האָט פונק געשמייכלט אַ גערייצטער.

מיט אַ מאָל איז אין איר פאָרגעקומען אַ שאַרפע ענדערונג. זי האָט געזאָגט אויפגעבראַכט, גלייך ווי ער וואָלט זי מיט עפּעס באַליידיקט:

— נו, וואָס ווילט איר איך זאָל אייך נאָך באַשרייבן? איך ווייס איינערע געדאַנקען... אַלע מאַנסבילן גייען מיט אַזעלכע געדאַנקען...

פונק איז רויט געוואָרן. עס איז געווען ריכטיק וואָס זי האָט דאָ געזאָגט. ער האָט נישט געפונען וואָס צו ענטפערן.

זי האָט העכער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, געגאַנגען פֿאָרויס, אַ שטאָלצע, און נישט געקוקט אויף אים.

ער האָט געזען איר שניי־ווײַסן האַלז, איר גאווהדיקן טראָט... צום טײַוול, ווי זי האָט אים אויפֿגערעגט!

ער האָט געוואוסט, אַז זי וואוינט שוין נישט לאַנג מיט דער לערערין פֿון געניי. זי האָט ווידער אַ שטעלע אין אַ שפּיטאָל. און צו דעם, זאָגט מען, פֿירט זי אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפֿט מיט רעשיד עפֿענדי, אַ רײַכער אַראַבער. ער קומט צו איר אָפֿט... ער קומט שפּעט, זאָגט מען, און גייט אַוועק פֿרי, פֿאַר באַגינען... אַזוי רעדט מען. פֿונק איז איר נאָכגעגאַנגען, אַ גערייצטער און נישט קיין וואַגנדיקער.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פֿון דער קרום, פֿון אונטער די אַראָפּ־געלאָזטע דינע וויעס: אַזאַ לאַנגער פּעטאַך! שווײַגט טאַקע אויף אַן אמתן... גייט און שווײַגט!

און דאָס וואָס ער איז אַזאַ הויכער און געזונטער יונג, און שוין נאָך דער חתונה, און פֿאַרלירט זיך אַזוי פֿון אַ וואָרט, און ווייס נישט וואָס צו טאָן מיט זיך, האָט זי גערייצט מער ווי די געוואַגטסטע שטיק פֿון די צעלאָזענע, מיט וועלכע זי האָט זיך געטראָפֿן. זי האָט אים געוואָלט האָבן בײַ זיך. וואָס וועט זי טאָן הײַנטיקן אָונט? רעשידקע איז נישטאָ, אַוועקגעפֿאָרן קיין באר שבֿע, פֿריִער ווי מאָרגן נאָכמיטאָג וועט ער נישט קומען. און בכלל איז ער איר שוין געוואָרן מיאוס געוואָרן. כאָטש אויף אַ ווײַלע פֿאַרגעסן אָן אים!

זי איז ווידער געוואָרן פֿרײַנטלעך. זי האָט זיך אינטערעסירט מיט אים, מיט זײַן לאַגע, און האָט בײַ אים אַרויסגעצויגן די גאַנצע זאַך. עס האָט זי אַ שטאָך געטאָן, וואָס ער האָט געטראַכט דווקא וועגן בלומען. און זי האָט מיט אַ מאָל באַשלאָסן:

— צוויי הונדערט און זעכציק דאַרפֿט איר — העלפֿט פֿון דעם וועל איך אײַך געבן. קומט מיט מיר!

ער איז געגאַנגען מיט איר, אַרײַן צו איר אין צימער, געזעצט זיך אויף דער ווייכער קושעטקע, אָבער דאָס געלט האָט ער נישט געוואָלט נעמען.

— ווי וועל איך אײַך אָפּגעבן? — האָט ער געזאָגט.

— און ווי וואָלט איר בלומען אָפּגעגעבן?

— איך וואָלט זי געבעטן וואַרטן.

— וועט איר מיך אויך בעטן וואַרטן... כאַ־כאַ־כאַ!... הערט, זײַט נישט קיין נאַר, הונדערט און דרײַסיק איז גרינגער צו קריגן ווי צוויי הונדערט און זעכציק... ניין, אָט האָב איך נאָך צוואַנציק... הונדערט וועט איר שוין געפֿינען, ס'איז אַ קלייניקייט!

און אַזוי ווי ער האָט אַלץ נישט גענומען האָט זי גענומען זוכן דעם בײַטל בײַ אים אין די קעשענעס. דער בײַטל איז געלעגן טיף אין אַ קעשענע אין די הויזן. דאָרט האָט זי אים געפֿונען און אַרײַנגעלייגט דאָס געלט. ער איז געווען רויט און האָט געלאַכט מיט אַ הייזעריקייט אין קול.

— איין מינוט, איך וועל זיך נאָר איבערטאָן, — האָט זי געזאָגט, און איז אַרויס אין צווייטן צימער.

ער איז געזעסן אויף דער קושעטקע, אינעם נישט־באַלויכטענעם צימער, וואָס איז געווען אָנגעפֿולט מיטן שטילן שײַן פֿון דער באַלד פֿולער לבֿנה, און האָט זיך געפֿילט צעטומלט פֿון די אַלע זאַכן. „פֿינף נאַפּאָלעאָן וועל איך געוויס קריגן בײַ בלומען", — האָט ער זיך געזאָגט, זוכנדיק אַן אָנהאַלט אינעם ענין פֿון לייזן זיך.

ווען זי איז אַרײַן האָט ער זיך נישט אומגעקוקט, געקוקט גלײַך צו דער אַנטקעגנדיקער וואַנט. ער האָט געפֿילט, אַז זי קריכט אויף דער קושעטקע, הינטער זײַן רוקן, און לייגט זיך אַנידער. אַ פֿיבערדיקער אומרו איז אים אַריבער איבערן לײַב און אָנגעפֿולט מיט אַ ציטער די בויגונגען פֿון זײַנע קני. און ער איז אַלץ געזעסן אָן אַ ריר ביז — ביז זי האָט אים אַ שטויס געטאָן מיט איר קני אין רוקן:

— אַזוי פֿאַרברענגט מען דאָס מיט אַ דאַמע... כאַ־כאַ־כאַ!...

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, נישט קוקנדיק.

— כאַ־כאַ־כאַ־!... וואָס טוט איר?... ניין, ניין!

ער האָט אַ קוק געטאָן וואָס ער טוט, אָבער די האַנט האָט ער נישט אַוועקגענומען. זי איז געווען אין אַ טוניקע פֿון גאַז, פֿון דינעם און דורכזעעוודיקן גאַז. עס האָט אויסגעזען מאַטוויִס־געלבלעך, אַזוי ווי זי וואָלט קיין זאַך אויף זיך נישט געהאַט, און ערטערווײַז טונקעלער.

וואָס קאָן אים אָפּהאַלטן? קיינער און גאָרנישט איז נישט ווערט מער ווי דער איצטער. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר מיט אַ פּלוצלינגן אימפעט. זי האָט זיך געראַנגלט, זי האָט אים אָפּגעשטויסן, זי האָט געלאַכט און געצאַפּלט — און דאָס האָט גרעסער געמאַכט דעם כּוח פֿון דעם רייץ און די פֿולקייט פֿון דער באַפֿרידיקונג.

די גאַס איז געווען ליידיק און די הײַזער פֿינצטער בשעת ער איז געגאַנגען אַהיים. די שעה איז נאָך נישט געווען קיין שפּעטע — פֿאַר האַלבער נאַכט. און דעמאָלט, לעבן דער היים, האָט ער באַגעגנט חיהקען. מסתּמא איז זי געגאַנגען פֿון זיי.

דאָס האָט ער זי געפֿרעגט. ניין, זי איז נאָר צוגעגאַנגען און האָט איבערגעטראַכט. זי איז נישט געווען בײַ זיי.

זיי האָבן ביידע געשוויגן. פֿונק האָט געוואַרט זי זאָל אַוועקגיין. ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען נאָך וואָס זי גייט דאָ אַרום איינע אַליין, בײַ נאַכט, און נאָך וואָס האָט זי אים אָפּגעשטעלט. און זי, אַזוי ווי ענטפֿערנדיק אויף זײַן נישט אַרויסגערעדטן געדאַנק, האָט געזאָגט פּראָסט און קורץ:

— מאיר, איך האָב נישט וואוהין צו גיין.

— האָסט נישט? — האָט פֿונק איבערגעפֿרעגט מעכאַניש.

— איך האָב נישט.

געוויס איז אין אירע ווערטער געווען אַ באַזונדערער מיין. נאָך פֿונעם ערשטן מאָל האָט ער געהאַט דעם אײַנדרוק. אַ שטיקל מחשבֿה וועגן דעם האָט זיך גערירט אין ווינקל פֿון מוח, אַ שׂכלדיק פֿאַרשטיין, וואָס האָט אין אים נישט געוועקט קיין געפֿיל פֿון באַטייליקונג. ער איז געווען מיד. איבער זײַנע זינען זענען געלעגן גרויסע לאַסטן, שווערוועגנדיקע אַזוי ווי מיל־שטיינער. זיי זענען געווען ווי מוראדיקע אײַז־בערג, אָנגעהאָנגען איבער אַ טיפֿער, אומבאַלעבטער, מיט ווײַסן שניי באַדעקטער לאָנקע. זײַן פֿאַרשטאַנד, פֿאַרפֿרוירן אין זײַן מידקייט, דאָס איז די קליינע לאָנקע, און דאָס וואָס איז אַריבער איבער אים הײַנט, און איז נישט אַריבער — ווײַל ס׳איז געבליבן אין אים, אין אים זיצט דאָס און זויגט אַרויס דעם מאַרך פֿון זײַנע ביינער — זײַן שוואַכקייט, זײַן נידעריקייט; און דאָס לײַדן, וואָס דאַרף ערשט קומען, און וואָס וועט מיט זײַן גאַנצער וואָג פֿאַלן אויף איר, אויף אסתּרקען — דאָס זענען די מוראדיקע קרײַעס. זיי הענגען איבער דער לאָנקע. אַלע ווײַלע קאָנען זיי זיך אַראָפּרײַסן און פֿאַרשיטן זי. חורבן...

ער איז געווען צופֿיל מיד. ער האָט נישט געוואָלט פֿרעגן קיין קשיות.

— נעכטיק בײַ אונז, — האָט ער געמאַכט צו איר מיט אַ מאָדנער רויִקייט.

איר איז פֿאַרגעקומען, אַז ער ווייס נישט וואָס ער רעדט.

— איך מוז די נאַכט אַוועקפֿאָרן, — האָט זי געזאָגט שטיל.

— נו...

— כאַ־כאַ־כאַ... אין דעם קאָנסטו מיר נישט העלפֿן.

— אין וואָס?

— געלט... כ׳האָב קיין געלט נישט.

זי האָט געקוקט וואָס ער טוט. ער האָט עפּעס געזוכט אין די קעשענעס פֿון די הויזן. דאָס וואָס ער האָט אַרויסגענומען איז געווען אַ בײַטל. די פֿרײַערדיקע פֿאַרשטיינערטע רויִקייט האָט זיך מיט אַ מאָל אָפּגעטאָן פֿון אים. מיט אײַלנדיקע פֿינגער האָט ער זיך געפּאָרעט אין זײַן בײַטל.

— כאַ־כאַ... — האָט זי אַ לאַך געטאָן, און נישט געענדיקט.

מיט אַ ציטער פון פרייד און ספק, בײַגיריק ציילנדיק, האָט זי איבער־געלייגט די גאָלדענע מטבעות פון דער רעכטער האַנט אויף דער דלאָניע פון דער לינקער האַנט:

— אַכט נאַפּאָלעאָן! — האָט זי אַ געשריי געטאָן. — אמתע?

— ווי? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען.

— דו גיסט דאָס מיר?

— יאָ.

— פון וואַנען האָסטו זיי?

— איך דאַרף דאָס נישט.

— מאיר, דו האָסט מיך געראַטעוועט! — האָט זי אַ געשריי געטאָן אין דער גרעסטער אויפרעגונג. — מאיר, איך וועל דיר דאָס געלט אומקערן, זאָל איך אַזוי לעבן!... מאיר!...

זי האָט אַ כליפּע געטאָן. זי האָט געכאַפּט קושן זײַן האַנט. ער האָט די האַנט אַרויסגעריסן און באַהאַלטן בײַ זיך הינטערן רוקן.

— איך דאַרף דאָס נישט, — האָט ער געזאָגט שטיל, און ס'איז געווען נישט קלאָר וואָס דאַרף ער נישט — אירע דאַנק־קושן אָדער דאָס געלט.

— איך גיי... איך מוז גיין... — האָט זי געזאָגט זיך קווענקלענדיק.

און שפּעטער מיט עטלעכע מינוט איז זי האַסטיק געלאָפן צוריק... נאָר זי האָט זיך נישט געהאַט וואָס צו אײַלן אַזוי. ער איז געשטאַנען דאָרט וואו זי האָט אים געלאָזן.

— נעם צוריק דאָס געלט! — האָט זי געמאַכט שאַרף.

— איך דאַרף דאָס נישט, — האָט ער געענטפערט מיט זײַן פריִערדיקן אומבאַלעבטן קול.

— נעם!... איך ווייס וואָס פאַר אַ געלט דאָס איז — ס'איז דײַן אויסלייז־געלט!

— איך דאַרף דאָס נישט.

— מאיר, וואָס איז מיט דיר?... וואָס ווילסטו טאָן?... — זי האָט אים אָנגעקוקט מיט שרעק — מיט שרעק פון זאָרג און ליבע. — מאיר, איך וועל נעמען צוויי נאַפּאָלעאָן. מער דאַרף איך נישט. נאַ, נעם די זעקס.

נאָר ער איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין זײַן עקשנות. ער האָט גאָרנישט נישט געוואָלט נעמען צוריק.

— קום זעצן זיך!

דאָס האָט אים נישט געאַרט.

און ווען זיי זענען אַזוי געזעסן אַ ווײַלע האָט ער דערזען, אַז עפּעס טוט זיך מיט איר. דאָס פּנים האָט זי באַהאַלטן אין די הענט, אַראָפּגעלאָזן צו די

קני, איר רוקן האָט זיך געטרייסלט, שווערע שוידער־קאָנוואולסיעס האָבן געקאָרטשעט איר גאַנצן קערפּער. חיה האָט געוויינט. דערנאָך האָט זי זיך באַהערשט.

— דימיטראַקי איז אַנטלאָפן... מיר גאָרנישט נישט... געזאָגט... און נישט געלאָזט מיר גאָרנישט... ישמעאין עפענדי, דער פּאָליציי־קאָמיסאַר, האָט מיך געוואָרנט, איך זאָל נישט גיין צוריק אַהיים... איך זאָל וואָס גיכער אָפּטראָגן זיך פון ירושלים. ס'איז דאָ אַ באַפעל מיך צו אַרעסטירן... און ער, דער פאַלשער גרעק, ער איז באַלד אַנטלאָפן... מיר קיין וואָרט נישט געזאָגט...

זי האָט ווײַטער געוויינט, אַצינד גרינגער, ווײַל זי האָט זיך שוין אַרויס־געזאָגט פאַרן שוואָגער און האָט זיך שוין נישט אַזוי געשעמט פאַר אים, און ווײַל דאָס איז מער נישט געווען דער אָנהויב. איר קאָפּ איז געזונקען אים אויפן שויס. זי האָט דערציילט ווי אַזוי זי האָט זיך באַגעגנט מיטן גרעק, ווי אַזוי ער האָט איר פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט זײַן רײַכקייט און מיטן סוד פון זײַן רײַכקייט, ווי אַזוי ער האָט זי אַרײַנגעצויגן אין געשעפט... פון זינט מען האָט אַרעסטירט לייזערקען האָבן זיי מער קיין רו נישט געהאַט: זיי האָבן כסדר מורא געהאַט, אַז ער וועט זיי און זיך אַרויסגעבן. נאָר דער קלאַפּ איז געקומען פון אַן אַנדער זײַט. צופיל מענטשן האָבן געוואוסט פון דעם די לעצטע צײַט... אין שטאָט האָט מען שוין לאַנג גערעדט. זיי האָבן געהאַט גענוג שונאים, נישט־פאַרגינערס... און מיט לייזערקען שטייט איצטער בעסער. ער דאַרף נאָר זײַן פעסט בײַ זיך. ראָזקע האָט דאָך אַראָפּגענומען פון אים די באַשולדיקונג אין גנבה...

זי איז אַוועקגעגאַנגען. פונק איז ווײַטער געבליבן אַליין.

# 21

טונקל־בלוי און טונקל־ליכטיק איז געווען די נאַכט. דינע וואָלקנדלעך, ווײַט־אויסגעצויגענע און דורכזעעוודיקע, האָבן פֿאַרבײַשווימענדיק פֿאַרצויגן דאָס פּנים פֿון דער לבֿנה, אָבער זי נישט פֿאַרשטעלט — זי איז געווען אין פֿולן בליט, די מיטן־חודשדיקע. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי שטייען אויף איין אָרט — די גרינג לויפֿנדיקע שלייער־וואָלקנדלעך — און זי, די לבֿנה, גליטשט זיך אײַלנדיק איבער זיי און זוכט אַ ריס און עפֿענונג אום אַרויס־צוטונקען זיך פֿונעם שפּינען־געוועב און באָדן זיך פֿרײַ אין דער לויטערער בלויקייט פֿון די טיפֿע הימלען.

די פֿעלדער אונטן זענען געשלאָפֿן — אָדער ניין! זיי זענען נישט געשלאָפֿן: טונקל און געדיכט פֿאַרוואַקסענע האָבן זיי זיך געשושקעט באַ־האַלטענערהייט און געלאַכט מיט אַ שטיל שאַרכענדיקן רויש־געלעכטער. די שטראַלן פֿון דער לבֿנה האָבן פֿאַריאָגט פֿון זיי דעם שלאָף. סודות זענען געלעגן באַהאַלטן צונויפֿן פֿון די שטענגלעך, זיי זענען געקראָכן אַרויף און, פֿון קעפּל צו קעפּל, אַריבער איבערן גאַנצן פֿעלד. פֿונעם שויס פֿון דער רוענדיקער ערד איז אַרויס אַ וואַרעמער אָטעם — דער אָטעם פֿון פֿרילינג.

אויף יענער זײַט פֿון די פֿעלדער זענען געשטאַנען הײַזער, אָן ליכט, אַזוינע פֿינצטערע ווי דאָבערמאַנס הויז און ווי די אַלע שטיבלעך אין די אַרומיקע שכונות. איבער יענע הײַזער, העכער און ווײַטער, האָבן געלויכטן פֿײַערלעך, קליינע ליכט־פּינטעלעך, בלאָנדזשענדיקע און שטייענדיקע אויף איין אָרט. דאָרטן זענען געווויס געווען פּיקעטן פֿון סאָלדאַטן, און אפֿשר עפּעס אַ טראַנספּאָרט, און אפֿשר זענען געלאָפֿן אײַלנדיקע קורירן.

מאָרגן דאַרף ער זיך אויף צושטעלן. איצט איז שוין נישטאָ וואָס צו נאַרן זיך מיט פּוסטע האָפֿנונגען. ער וועט זײַן אַ סאָלדאַט און וועט אויך ליגן, אין אַזעלכע נעכט, ערגעץ אויף דער וואַך, אָדער גיין מיט אַ קאַראַוואַן קעמלען פֿון איין עק לאַנד צום אַנדערן. וואָס זשע איז אַזוינס? איז דאָס דען אַזוי שלעכט, אין אַזעלכע טעג, גיין מיט די קעמלען פֿון פֿרי ביז שפּעט, צופּאַסן זיך צו זייער געמאָסטענעם טריט, און שפּאַנען, שפּאַנען? ס'איז אַזוי ווי אין אַ דרעמל. און אין אַזעלכע נעכט ליגן אויף דער ערד, אונטערן פֿרײַען הימל,

לעבן די גרויסע גארגלענדיקע חיות און לאָזן די אויגן זינקען טיף אין דער טיפער בלוי אויבן? און ווינטער... נאָר עס גייט צו זומער. ביז ווינטער וועט זיך אַלץ ענדיקן. וואָס האָט ער מורא צו האָבן? וועט ער נישט אויס־האַלטן די שווערקייטן פון אַזאַ לעבן? כע־כע, ווער זשע וועט אויסהאַלטן?

ער האָט אַרײַנגענומען לופט אין זיך, פיל לופט. זײַן ברוסט האָט זיך אויסגעברייטערט, זײַנע הענט האָבן זיך שטײַף צוזאַמענגעצויגן, ווי בײַם מאַכן גימנאַסטיק. ער האָט געפילט די באַוועגונג פון די מוסקלען אין די אָרעמס, אַ שטאַרקע באַוועגונג, ביז ווייטאָק און פײַנלעך־זיסן גענוס. די נעגל פון די פינגער האָבן זיך אַרײַנגעקוועטשט אין די ברייטע דלאַניעס און אָפּגעדרוקט אויף זיי טיפע קריץ־צייכנס. די קולאַקעס זענען געוואָרן האַרטע און האַמערדיק־שווערע. אַך, וואָלט ער געקאָנט מיט זיי אַרבעטן! נאָר וואָס טויגן זיי אים, ווען ער איז אַ מענטש, אָן אייגענעם ווילן, אַ קנעכט, אַ סאָלדאַט? וואָס קאָנען זיי אים דינען קעגן דעם קאַפּריז פונעם עלטסטן? קעגן דעם אומצוכט פון אַלעמען? קעגן די לײַז און ווערים? קעגן הונגער און קרענק?

ער וועט גיין ערגעץ, אַהין און אַהער, אָן צו טראַכטן און אָן צו וויסן. עס וועט זײַן ווי אין אַ חלום. עפּעס וועט אויף אים וואַרטן שפּעטער, מאָרגן, עפּעס איז מיט אים געווען נעכטן... דאָס וועט זיין ווי אַ גראָדער וועג: נאָר פאָרנט און הינטן — פון די זײַטן איז גאָרנישט נישטאָ. אסתּרקע איז געבליבן פון דער זײַט... און די, הײַנט, צפּורה... קיינער נישטאָ. ער גייט פאָרויס, מיט אַ שמאָלן וועג, מיט אַ גראָדן...

אייגנטלעך, וואָלט ער געקאָנט אַנטלויפן און זײַן אַ דעזערטיר ווי פילע אַנדערע. אַוועקגיין ערגעץ אין חיפה, צי אין טבריה, צי דאָ אין די קאָלאָניעס. נאָר דאָרטן זוכט מען דען נישט? ווען ער וואָלט זיך נישט אַזוי פאַרלאָזן אויפן לייזן זיך און וואָלט זיך פאַרזאָרגט מיט אַ דאָקומענט. און אַזוי ווי ער איז, אָן פּאַפּירן, וואו קאָן ער שוין גיין? קיין שריט קאָן מען נישט מאַכן אָן פּאַפּירן. און ס'איז גלײַכער אַזוי. האָט ער דען נישט אויסגעלאַכט אַלעמאָל די וואָס אַנטלויפן? און איצט זאָל ער אַליין זײַן איינער פון זיי? מילא, ווען ער זאָל קאָנען זיך אויסלייזן... אָבער ווען נישט דאַרף ער גיין דינען — און אָן עק!

פון זינט ער האָט אַוועקגעגעבן דאָס געלט איז אים ווי אַ שטיין אַראָפּ פון האַרצן. ער האָט זיך געפילט דערלײַכטערט און געטרייסט. די טיפקייט פון זײַן הײַנטיקער ירידה איז צום טייל פאַרשאָטן געוואָרן. און דער יאָך פון לײַדן, אין וועלכן ער איז געווען גרייט אײַנצושפּאַנען זיך פון מאָרגן אָן, האָט געלינדערט די שאַרפקייט פון זײַן איצטיקן לײַדן. נאָר דאָס וואָס ער איז נישט אַליין, וואָס זײַן לעבן איז געבונדן מיטן לעבן פון אַ צווייטן, פון אַ שוואַכן און אומשולדיקן, דאָס מאַכט די זאַך פײַנלעך שווער און אָן אַן אויסוועג. אַ קנויט פון אומגליקן האָט אַרומגעפלאָכטן איר לעבן, אומגליקן, אין וועלכע זי איז

נישט שולדיק, און וועלכע ברעכן איר האַרץ. און ער האָט איר געדאַרפט העלפן — דאָס איז דער זין פון זייער בונד. ער האָט זי געדאַרפט אונטער־האַלטן מיט אַ שטאַרקער האַנט, פירן זי ביז ער וועט זי אַרויספירן פון דעם בייז און קומער, וואָס האָט פאַרפלייצט איר יונג לעבן. נישט קיין טרייסט־ווערטער און מינטערנדיקע בריוולעך דאַרף זי. זי דאַרף אים האָבן לעבן זיך. און ער גייט אַוועק...

אָ, ווען ער זאָל זײַן אַליין — ווי גרינג וואָלט אים געווען דער באַשלוס!

שוין צײַט אַרויפגיין אין שטוב. זי וואַרט אויף אים דעם גאַנצן אָוונט. זי וויס, אַז נאָך דער אַרבעט איז ער געגאַנגען צו בלומען. יאָ, צו בלומען...

פונק איז אויפגעשטאַנען פון שטיין. דאָבערמאַנס הויז איז געלעגן נידעריק אַראָפּ, נאָכן דריי פונעם וועג לינקס. מען האָט געקאָנט קומען אַהין אין צוויי מינוט.

ער האָט אומגעבויגן דעם ראָג — און איז נישט אַרויף. וואַרט אויס, ער דאַרף נאָך עפּעס באַטראַכטן.

אונטער דער וואַנט פון דאָבערמאַנס מויער האָט עפּעס געשוואַרצט — אַ גרויסע שוואַרצע זאַך איז דאָרט געלעגן אויף דער ערד, אײַנגעקאָרטשעט און צוגעטוליעט צו דער וואַנט. „דער כאַדש", האָט זיך געזאָגט פונק. „צי זאָל דאָס זײַן אַזאַ שטיין אין שאָטן פון דער לבֿנה, אָדער אַ פאַרבלאָנדזשעטע ציג?"

דער כאַדש?... געוויס דער! איצטער דערמאָנט ער זיך: אסתּרקע האָט אים נאָך נעכטן געזאָגט, אַז ער איז צוריק דאָ, און צוריק אַ נאַכט־וועכטער אין „נחלת יהודה". אַוודאי, עס איז דאָך שוין אַריבער אַזאַ לאַנגע צײַט — פינף טעג, דאַכט זיך.

ער האָט זי הײַנט געזען צו מיטאָג, די טויב־שטומע נחמהקע, גאָרנישט. געגאַנגען מיט אַ קוישל... אַ קוק געטאָן אַרויף, צום קאָרידאָר, וואו ער איז געשטאַנען. ער האָט נישט געקאָנט צו איר אַ שמייכל טאָן פרײַנטלעך, ווי אַמאָל. און זי האָט האַסטיק אָפּגעדרייט דעם קאָפּ, און האַסטיק אַרײַנגעלאָפן צו זיך אין שטוב און פאַרמאַכט די טיר... גלײַך ווי עמיצער וואָלט זיך געיאָגט נאָך איר... ער האָט געזען: איר פנים איז נאָך קלענער געוואָרן, און דאָס מויל פאַרצויגן... צוויי טעג, זאָגט מען, איז זי דעמאָלט געלעגן אין היץ, געבילט און געוואָיעט, און מיטן קאָפּ געשלאָגן זיך אָן וואַנט, אַזוי אַז ס'איז געווען אַ מורא זי זאָל זיך דעם קאָפּ נישט שפּאַלטן. מען האָט זי אַרומגעלייגט מיט קישנס, מען האָט זי געמוזט היטן.

דאָס שטעטל האָט געקאָכט אַ גאַנצן טאָג. מען האָט געבראַכט פּאָליציי. יעדער איינער איז געלאָפן צום בלעכענעם קעמערל, וואָס אויפן פעלד, נישט ווײַט פונעם אַפּטייקער, אום צו זען מיט זײַנע אייגענע אויגן, אַז עס איז ליידיק און פאַרלאָזן. דער שוואַרצער כאַדש איז נעלם געוואָרן.

די פּאָליציי האָט פֿאַרשריבן אין אַ בוך אַלץ, וואָס מען האָט זיי דערציילט, און די נעמען פֿון די מענטשן, וואָס האָבן דערציילט, און געזאָגט, אַז דעם כאַדש דאַרף מען כאַפּן. ווער ס'וועט אים געפֿינען איז אויף אים אַ חוב צו כאַפּן אים און איבערגעבן אין די הענט פֿון דער מאַכט.

און ר' זרח, דער מוכטאַר, האָט געשריִען, אַז ער וועט נישט שווײַגן. דעם גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעלאָפֿן אַהין און אַהער, צו דער פּאָליציי און פֿון דער פּאָליציי, נישט געשוינט זײַנע כּוחות. נאָר אויפֿן צווייטן טאָג האָט ער זיך אָפּגעקילט. און אויפֿן דריטן, ווען דאָס מיידל איז אויפֿגעשטאַנען, האָט ער מרמז געווען, אַז מען זאָל בעסער די זאַך לאָזן צורו. ערשטנס ווייס מען נישט אויב דער כאַדש איז דער שולדיקער — יענער לייקנט שטיין און ביין... דורך גוטע ברידער האָט ער געלאָזט וויסן... אפֿשר איז גאָר אַן אַנדער גוי פֿאַר־בײַגעגאַנגען. זי, נעבעך, קען אַ סך וויסן. זי האָט דאָך, אפֿשר, פֿאַר שרעק גאָר דעם זין פֿאַרלוירן. זי איז דאָך אַזוי אויך אַ געשטראָפֿטע. ווען זי איז צוריק־געקומען איז זי דאָך אויך געווען נישט בײַם זינען. האָט זי זיך אַרײַנגענומען, אַז דער כאַדש... און ווי שיקט מען דאָס אַזאַ איינע האַלבע נאַכט אַליין?... ווי האָט מען דאָס אַ האַרץ צו שיקן זי?... באשר וואָס זי איז אַ יתומה, און נאָך טויב און שטום דערצו?

עס איז אויסגעקומען, אַז שולדיק איז נישט כאַדש יוסף, נאָר די אַלטע צעלניקערין.

מען האָט געזאָגט, אַז דער כאַדש האָט געלאָזט וויסן דעם מוכטאַר, אַז ער קומט צוריק, און אויב עמיצער וועט אים וואַגן צו פֿאַרמסרן בײַ דער רעגירונג, וועט ער יענעם קוילענען ווי אַ הינדל.

און ער איז געקומען, ווײַזט אויס, און גאַרנישט: ר' זרח וויל נישט זײַן געקוילעט ווי אַ הינדל, און די אַנדערע ייִדן פֿון „נחלת יהודה" ווילן אויך נישט...

פֿונק איז אַרײַן אין הויף. בײַ זיי אין שלאָפֿצימער איז געווען ליכטיק. אסתּרקע איז נאָך נישט געשלאָפֿן. זי זיצט און וואַרט אויף אים. זי איז מיד. אפֿשר האָט זי זיך צוגעשפּאַרט אויפֿן בעט, אַן אָנגעטאָענע, און אַנטשלאָפֿן געוואָרן, נישט ווילנדיק? זי וואַרט אויף אים... וואָס וועט ער איר זאָגן?

אייגנטלעך האָט ער שוין געהאַט איינגאַנצן דאָס געלט. פֿינף נאַפּאָלעאָן האָט געפֿעלט. וואָס האָט פֿאַר אַ באַטרעף פֿינף נאַפּאָלעאָן ווען מען האָט צוואַנציק? ער וואָלט זיי שוין פֿון אונטער דער ערד געקראַצט. אַ פּשוטע זאַך: מייער! ער וואָלט צוגעגאַנגען אין דער פֿרי צו מייערן... ווי איז דאָס אים פֿריִער נישט אײַנגעפֿאַלן?... כע־כע, גוט וואָס נישט אײַנגעפֿאַלן! איצט איז דאָס שוין אָפּגעשניטן. איצט האָט ער נישט אַפֿילו קיין העלפֿט פֿון וואָס ער דאַרף — און ס'איז איבעריק צו קלערן... און מיט חיהן איז ער קווית...

נאָר מיט צפּורהן איז ער נישט קוויט... און מיט אסתּרקען איז ער נישט קוויט. אסתּרקע דאַרף אים האָבן, ער זאָל דאָ זײַן, לעבן איר... אַ־אַ...

וועגן אסתּרקען האָט ער נישט געקאָנט קלערן. עס איז געווען ווי אַ מין געוויין דאָס וואָס האָט אָנגעפֿולט זײַן ברוסט, אַ געוויין אָן טרערן און אָן אַ קול, אַ פֿלייץ פֿון ליטערער פּײַן, וואָס האָט באַוואַשן זײַן האַרץ. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַהין און אַהער, האַסטיק, נערוועז.

ס'איז מאָדנע, די געשיכטע מיטן מאַכן פֿאַלשע געלט: חיה האָט דער־ציילט, ער האָט אויסגעהערט — קיינע טראַגעדיעס. זי איז זײַן שוועגערין, די שוועסטער פֿון זײַן ווײַב, און זי איז געווען די מעטרעסע פֿון אַ גרעק, וואָס האָט געמאַכט פֿאַלשע געלט, און זי האָט אַליין אין דעם גענומען אַ טייל, און האָט אין דעם אַרײַנגעצויגן דעם ברודער, און ער, דער ברודער, איז דערבײַ אַן אַלפֿאָנס, לעבט אויפֿן חשבון פֿון פּראָסטיטוטקעס, און אַ גנבֿ — ער האָט באַגנבֿעט אײַנע... און ס'איז געווען פּראָסט און נאַטירלעך, עס האָט בײַ אים, מאירן, קיין וואָרט פֿון פּראָטעסט נישט אַרויסגערופֿן. עס איז אים פֿאָרגעקומען, גלײַך ווי דאָס וואָס זי האָט אים דערציילט איז פֿאַר אים קיין נײַעס נישט געווען. ער האָט נישט געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט דאָס אַלץ שוין פֿריִער געוואוסט, אָבער ס'איז געווען אַזוי ווי ער וואָלט דאָס געוואוסט. און באמת, ס'איז נאָר געוואָרפֿן געוואָרן אַ שטראַל פֿון ליכט אויפֿן תוהו ובֿוהו, אין וועלכן ער האָט אַזוי לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט, און די אַלע, פֿון לאַנג אים באַקאַנטע פֿאַקטן און געשעענישן, אָן אַ פֿאָרם און אָרדנונג, האָבן מיט אַ מאָל באַקומען אַ פֿאָרם און אויסגעשטעלט זיך אין ריכטיקע שורות און קייטן. אַלץ איז געווען ווי ס'האָט געדאַרפֿט זײַן. ער האָט נישט געהאַט איבער וואָס צו וואונדערן זיך.

עס קאָן זײַן, דאָס איז דערפֿאַר, וואָס דאָס וויסן איז געקומען צו אים נאָך דעם ווי ער איז אַליין אַזוי נידעריק געפֿאַלן? ווי זאָל ער אַצינד רעדן צו אַנדערע?... און מיט וואָס פֿאַראַ אויגן וועט ער קוקן אויף א י ר?

ער דאַרף נאָך קלערן.

פֿונק איז צוריק אַרויס אויפֿן גאָס. די הײַזער פֿון דער שכונה זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין איין שורה. דאָבערמאַנס הויז איז געווען דאָס גרעסטע, הויך, פּירקאַנטיק, ווי אַן אומגעלומפּערטער קלאָץ־קאַסטן פֿון גע־קאַלכטע שטיינער, מיט לאַטעס פֿון פֿאַרזשאַווערטן בלעך. דאָס זשומענדיקע טאָג־לעבן איז אַצינד געווען אין דעם אײַנגעהאַלטן און געשטילט. דער שײַן פֿון דער לבֿנה האָט געמאַכט דײַטלעכער די פֿינצטערקייט פֿונעם גרויסן און ענגן מענטשן־נעסט. און די קליינע הײַזלעך, וואָס נאָך דאָבערמאַנס, מיט זייערע קוואַדראַטנע הייפֿלעך, מיט די בלעכערנע קעמערלעך אין די הייפֿלעך — זיי זענען אויך געווען פֿינצטער און געשטילט. אין אַלע האָבן געוואוינט מענטשן, מיט אייגענע און אָפּגעזונדערטע לעבנס. ער האָט זיי נישט געקענט.

ער האָט אפשר געוואוסט, אַז דאָ וואוינט יענקל און דאָ וואוינט שמערל, אָבער ער האָט זיי פּאָרט נישט געקענט. עס איז געווען שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי יעדער איינער פון זיי לעבט יעדן טאָג, טאָג־איין טאָג־אויס, און אַלעמאָל קריגט ער, בעסער אָדער ערגער, וואָס צו עסן און מיט וואָס צו שפּייזן זיין ווייב און קינדער. ווייל מיט אַנדערע זאַכן קאָן מען וואַרטן, אָבער עסן מוז מען דאָך יעדן טאָג... די אַלע מענטשן — איז דאָס נישט דאָס זעלביקע לעבן, וואָס פילט זיי אַלעמען אָן? די פאַרלאַנגען און די ליידן... דאָס צאַפּלען פון גוף און דאָס בענקען פון דער נשמה... פון שטוב צו שטוב פּלייצט די כוואַליע פון לעבן, פון שכונה צו שכונה, איבער שטעט און לענדער — אַלץ די זעלביקע איז זי... און איינער ווייס נישט פונעם אַנדערן. יעדער נפש איז אַ רעמל, מער נישט ווי אַ רעמל, און די רעמלעך שיידן אָפּ איין טראָפּן וואַסער פונעם אַנדערן, וואָס אינעם אַנדערן רעמל. און די רעמלעך זענען האַרטע — זיי גיסן זיך נישט צונויף... און ווען אסתרקע שטאַרבט בלייבט ער פלוצלונג אַליין אויף דער וועלט... מען קאָן זיך נישט צוזאַמענגיסן...

ער איז אַרויס אויפן וועג, פון דער אַנדערער זייט פון דער שורה הייזער. דאָ האָט ער זיך באַגעגנט מיטן נאַכט־וועכטער.

כאַדש יוסף איז געזעסן אויף דער ערד, לעבן אַ וואַנט, אין מיטן פון דער שכונה. איינגעקאָרטשעט אין זיין האַריקער אַבייע האָט ער אויסגעזען ווי עפּעס אַ מין גרויסע חיה, אַ ציג אָדער אַ שוואַרצע קאַלב, וואָס איז דאָ אַהער פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין דער נאַכט. די שטראַלן פון דער לבנה האָבן אָנגעוויזט אויף אים אַ דרעמל. ער האָט זיך געזען אין מדבר, מיט אַ קאַראַוואַן גמלים, מען גייט, מען גייט. זאַמדן און דערנער אַרום. די פיס זענען צעשטאָכן פון זיי. ווער ווייס וויפל טעג זיי גייען אַזוי — און ווער קאָן ויסן וויפל נאָך טעג וועלן זיי דאַרפן גיין? פון ווייטן — שפּיצן פון בערג, טונקעלע רוקנס. אַהין דאַרף מען קוקן. פון דאָרטן שפּרינגען אַרויס די ווילדע רייטער, די גזלנים, די מערדער, אָן רחמנות. אַנדערע רויבן אַוועק וואָס איינער האָט, און לאָזן אים אָפּ. און די זענען אומגליקלעכע, ווייסן פון קיין דין נישט... זאָלן זיי נאָר קומען! ווען כאַדש יוסף האָט אַ קויל אין זיין ביקס און אַ מעסער אין דער האַנט איז ער גרייט זיי מקבל פּנים זיין... און זיי לאָזן זיך אַראָפּ פון באַרג — אַ סך שוואַרצע פּינטעלעך — אַלע באַוואָפנטע רייטער... נישט צו אַנטרינען... אַללאַ כרים!... דאָרטן, אין ירושלים, האָט ער געהאַט זיין בלעכענע קעמערל, און זיין וואַך, און פיר זילבערנע מעדשידיס אַ חודש... ער האָט געקאָנט רויִק שלאָפן... ווער האָט אים געיאָגט אינעם ווייטן מדבר? די זינד זיינע?... אַ ווייסע מיידל איז נישט קיין שוואַרצע... דאָס אייגענע און נישט דאָס אייגענע... הײַ, ווי זי האָט גע־צאַפּלט ביי אים אין די הענט!... הײַ, וואָס איז געווען!... און אומזיסט איז ער אַנטלאָפן. ער האָט געדאַרפט צוריקגיין אויף דער וואַך, ווי ער האָט

געוואָלט. ווער וואָלט וואַגן זאָגן אים אַ וואָרט? ווער פֿון זיי, פֿון די טויטע מענטשן, וועט אים אַ קוק טאָן גלײַך אין די אויגן?

אַ חרטה האָט אים אָנגעכאַפּט און אַ שטאַרקער פֿאַרדראָס אויף זיך, נאָך וואָס ער איז אַוועק. ער האָט זיך אויסגעלאַכט און באַוואָרפֿן זיך מיט שטעכווערטלעך: „דו אייזל, דו האָז — איצטער וואָלגער זיך דאָ אין זאַמד און זײַ אַ ציל פֿאַר די פֿײַלן פֿון דיווילדע רײַטער, די מערדער, גאָט זאָל זיי באַשטראָפֿן! באַלד וועט איינער אויפֿהויבן דײַן קאָפּ אויפֿן שפּיץ פֿון זײַן שפּיז... קינדער פֿונעם שייטאַן, פֿאַרשאָלטענע געצנדינער!...“

דורכן בייזן חלום און דורך די געפֿילן פֿון עגמת נפֿש און חרטה, וואָס האָבן אים באַוועלטיקט, האָט ער דאָך געהערט די טריט פֿון אַ מענטשן, וואָס דערנענטערט זיך מיטן וועג, און איז מיט אַ מאָל אויפֿגעשפּרונגען און געשטעלט זיך אויף די פֿיס:

— מן האַד, ווער איז דאָרט?

פֿונק האָט געהערט דעם רוף און נישט געענטפֿערט... דער כאַדש איז אַ רעמל פֿאַר זיך, — האָט ער זיך געזאָגט, — און נחמהקע, די טויב־שטומע, איז אַ רעמל פֿאַר זיך, אַ קאָליעדיקע רעמל, אַן אומגעלונגענער פֿאָרעם, אָבער דער טראָפּן וואַסער איז דער זעלביקער טראָפּן וואַסער...

די געדאַנקען פֿון פֿרײַער האָבן זיך נאָך געשלעפּט מיטן כּוח פֿון אינערציע. נאָר דאָס האַרץ האָט געשלאָגן אומרויִק. און אינעם נישט ענטפֿערן איז געווען עקשנות. און געשפּיצטע עקשנות איז אויך געווען אינעם צווייטן רוף פֿונעם נאַכט־וועכטער:

— אַנדאַק, בלײַב שטיין!

פֿונק איז נישט געבליבן שטיין. אַ קאַלטער צאָרן האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. דער הונט, דער פֿאַרגוואַלדיקער פֿון אַ טויב־שטומער יתומה — אים דאַרף ער אָפּגעבן אַ רעכנונג, ווער איז ער און וואו ער גייט? וואו, צווישן וועלכע מענטשן וואָלט דאָס מעגלעך געווען, אַז דער פֿאַרגוואַלדיקער זאָל בײַ נאַכט אַרומגיין איינער אַליין אַרום זייערע הײַזער, און אָפּשטעלן יעדן איינעם, און פֿאַרלאַנגען בײַ זיי דין וחשבון... און גאַרנישט... וואָס איז אַ פֿאַרגוואַלדיקט קינד, ווען עס איז זייערס!... אַ פֿאַלק, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין קנעכטשאַפֿט... די נשמה פֿון קנעכט וועט בײַ זיי בלײַבן אויף אייביק...

ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿאַרבײַ דעם כאַדש און געקוקט אים גלײַך אין פּנים, מיט אַ קוק, וואָס איז געווען פֿול מיט פֿײַנטשאַפֿט, און האָט דורכגעזייט דורך די פֿאַרקוועטשטע ציין, געדיכט און אײַנגעהאַלטן:

— דו, שווײַג!...

און ווען דער כאַדש האָט אַ שפּרונג געטאָן צו אים מיט אַ ווילדן שפּרונג פֿון אַ צערייצטער חיה, האָט ער אים אַרויסגעדיכעט אין פּנים מיט אַ קול, וואָס איז געווען פֿאַרסמט פֿון שׂנאה אָן אַ מאָס:

— דו, שווײַג, שוואַרצער קנעכט!... קינדער־גנבֿ!...

דער גראָבער שטעקן פֿונעם כאַדש האָט פֿײַפֿנדיק דורכגעשניטן די לופֿט. פֿונק האָט געגעבן אַ ריס אַוועק דעם קאָפּ. ער האָט געפֿילט אַ האַק אין רוקן, אַ גרויסן ווייטאָק, און אַזאַ שווערקייט גלײַך ווי אַן איבערמענטשלעכע משׂא וואָלט אויף אים אַראָפּגעלאָזן זיך, וואָלט פֿאַנאַנדערגעשאָקלט זײַנע פֿיס, און געמאַכט זיי בויגן זיך, און געמאַכט זיי זינקען. ס'איז געווען נישט קלאָר אויב ער איז געפֿאַלן אויף די קני און צוריק אויפֿגעהויבן זיך, אָדער ער איז גאָר נישט געפֿאַלן, נאָר געשאָקלט זיך. איין זאַך האָט אים אָנגעפֿילט, אַ געדאַנק און געפֿיל צוזאַמען, וואָס האָט פֿאַרשלונגען אַלע אַנדערע געדאַנקען און געפֿילן, און האָט אָנגעשוואָלן זײַן מוח ביז פּלאַצן: ער שלאָגט זיך פֿאַר זײַן לעבן, אָדער ער, אָדער דער כאַדש וועט דאָ באַלד בלײַבן ליגן מיט אַ צעבראָכענעם שאַרבן...

וואו האָבן געטראָפֿן די שווערע קלעפּ פֿון זײַנע קולאָקעס? האָט ער אים געהאַמערט איבערן קאָפּ, איבערן ברוסט, איבערן נאַקן? עס איז געווען אַ זעלטענע המצאה, אַ ווילדע, אַ בלינדע, אַ המצאה פֿון די פֿינגער אַליין, אָן דעם אָנטייל פֿון מוח — דאָס כאַפּן אים פֿאַרן גאַרגל, אַר־או... ווי לאַנג וועט ער נאָך קוועטשן? די פֿינגער טוען אים שוין ווי!...

און ער האָט ווײַטער געקוועטשט, קאָנוואולסיוו, מיט אַ שכרות פֿון רציחה אין קאָפּ, מיט אַ מורא פֿאַר דער ניכטערקייט, וואָס וועט קומען נאָך דעם, ווי ער וועט אויפֿהערן.

ער האָט נישט געקאָנט אָפּלאָזן.

דער לאַנגער כאַדש איז געלעגן רויִק. פֿונק האָט געהערט ווי ער האָט געכריפּעט. דאָס איז אָבער פֿריִער געווען. איצט כריפּעט ער נישט מער. ער האָט אויך געזען ווי ער וואַרפֿט זיך, ווי עס דרייט אים דעם גאַנצן גוף, ווי ער גראָבט די ערד מיט די הענט און מיט די שפּיצן פֿון די פֿיס. דאָס איז אָבער אויך געווען פֿריִער. איצטער ליגט ער שטיל. ווי איז דאָס אים געלונגען — אָט דער כאַפּ פֿאַרן גאַרגל? אָט דאָס הייסט גליק!

— ווי?!...

ער האָט אָפּגעכאַפּט די הענט. מיטן גאַנצן לײַב האָט ער זיך געגעבן אַ וואָרף אַוועק פֿון דעם ליגנדיקן. ער איז געזעסן אויף די פֿיס, ווי אַ טאָטער, אַ שפּאַן פֿון דעם כאַדש, און האָט אים געעגבערט מיט חשד און מיט שרעק־געלאָדענע אויגן, אויגן, וואָס דער הײַטל פֿון בלוט־דורשט האָט זיך פֿון זיי נאָך נישט אָפּגעטאָן.

דער אַפריקאַנער האָט זיך נישט גערירט. עס האָט זיך נישט געהערט קיין אָטעם. ער האָט אים אָנגערירט פאַר דער האַנט און מיט אַ ציטער זי אָפּגעלאָזן: אים האָט געדוכט, אַז אַ קילקייט ציט פונעם לײַב פונעם שוואַרצן און רינגט אַרײַן אין זײַן לײַב.

דעמאָלט האָט ער זיך אין גאַנצן אויסגעניכטערט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אומרויִק און אין אַלע זײַטן: דער וועג איז געווען ליידיק ווי פריִער, די פענצטער פון די הײַזער זענען געווען פינצטער, דאָרטן שלאָפן אַלע, און אויב עמיצער שלאָפט נישט וועט ער אויך נישט וואַגן אויפצוהויבן דעם קאָפּ פון קישן ווען ער הערט, אַז דרויסן שלאָגט מען זיך. קיינער איז נישטאָ.

ער האָט אַ נעם געטאָן דעם קערפּער פאַר דער אַבײַע — און דערבײַ פײַנלעך געהיט זיך נישט אָנצורירן מער אָן זײַן הוילער הויט — צוגעשלעפּט אים צום ברעג פונעם וועג און מיטן פוס אַראָפּגעשטופּט אונטן. דער קערפּער האָט זיך איינמאָל אויפגעזעצט און באַלד זיך איבערגעקוליעט, און געפאַלן מיט אַ שטומפּיקן קלאַפּ. דאָס גראָז האָט אַ שאָרכע געטאָן צערודערט, און באַלד באַרויִקט זיך.

פונק איז אַרויף צו זיך אין שטוב.

— מאָרגן זאָלסטו מיך נישט וועקן צו דער אַרבעט, אסתּר, — האָט ער געזאָגט פּאַמעלעך, נישט קוקנדיק אויף איר, אויסטוענדיק די שיך בעת מעשׂה. — מאָרגן וועל איך זיך גיין צושטעלן.

— מאיר!...

— אסתּר... איך בין מיד...

זי איז דערשראָקן אַנטשוויגן געוואָרן.

ער איז אָפּגעשלאָפן ביז נאָענט צו האַלבן טאָג. ווען ער האָט געעפנט די אויגן איז אסתּר געשטאַנען לעבן אים — זי האָט אויך דעם טאָג נישט געאַרבעט.

— מאיר! — האָט זי געזאָגט אויפגערעגט — איר פּנים איז געווען גרוי און די אויגן אָנגעצונדן און נישט־אויסגעשלאָפן. — איך האָב נאָך הונדערט פראַנק פון גבֿרת כאַדאַראָווסקי... שטיי אויף! מיר מוזן קריגן דאָס געלט... איך וועל גיין צו חיהקען...

ער האָט געשוויגן.

— מאיר, הער, מען האָט דעם כאַדש געפונען אַ טויטן... שטיי אויף, נאָר צען נאַפּאָלעאָן פעלן אונז. קום זשע, שטיי אויף, מײַן... מאירקע... אַה־אָה...

זי האָט אים געקושט און באַנעצט זײַן פּנים מיט טרערן. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— אויפֿן פֿעלד, בײַם וועג?

— וואָס: בײַם וועג?

— דער כאַדש?

— איך ווייס נישט.

— איך ווייס.

— מאיר! — האָט זי געזאָגט מיט אַ שוידער.

— יאָ... און באַלד גיי איך זיך צושטעלן צום קאָלאָראַסי.

ער האָט איר קורץ דערציילט. דערנאָך איז ער געלעגן מיט אָפֿענע אויגן און האָט געקוקט אויף אסתּרקען, וואָס איר פּנים איז גרוי ווי אַש, וואָס איר לײַב ציטערט, האָט געקוקט אויפֿן קליינעם צימערל, וואו זיי האָבן איבער־געלעבט אַזוי פֿיל שעהן פֿון גליק און לײַדן, צוזאַמענדיקן לײַדן, וואָס איז אויך געווען גליק, האָט געקוקט אויפֿן ליכטיקן טאָג, וואָס האָט אַרײַנגעשײַנט דורכן פֿענצטער פֿון דרויסן.

— מיר איז שלעכט! — האָט געזאָגט אסתּר, און גענומען זינקען פֿון שטול.

ער האָט זי אַוועקגעלייגט אין בעט, געמינטערט.

דערנאָך האָט ער זיך גענומען גרייטן צו זײַן גאַנג.

# 22

עס איז געווען סוף חשוון. עס האָבן זיך שוין געמאַכט קאַלטע טעג און נאָך קעלטערע נעכט, ווען דער הימל האָט זיך שוואַרץ געוואָלקנט און דער ווינט האָט געריסן דעם לײַוונט פֿון די געצעלטן. אַ פּאָר מאָל האָט שוין געכאַפּט רעגענען. דערנאָך זענען ווײַטער געקומען פֿײַנע, וואַרעמע טעג און שטילע נעכט, אָן ווינט. דער ווינטער האָט זיך נאָך אַלץ נישט אָנגעהויבן אויף אַן אמתן.

אין אַזאַ שטילער נאַכט זענען געלעגן אויף אַ זאַמד־בערגל פֿיר שאַקאַלן. דער אָרט איז געווען גוט צום אויסקוקן. אַרום זענען געלאָפֿן נאָך אַ סך אַזעלכע בערגלעך, אַרויף און אַראָפּ, מיט קײַלעכדיקע און שפּיציקע היטלעך, קליינע טורעמלעך פֿון זאַמד, וואָס ווערן אייביק געבויט און איבערגעבויט פֿון די ווינטן פֿון מדבר. צווישן די בערגלעך זענען געזונקען נידערונגען און טאָלן. הײַנט זענען זיי געווען נידערונגען, מאָרגן וועלן זיי זײַן הויך און געהויבן און אויפֿן אָרט פֿון די בערגלעך, וואָס אַרום זיי, וועלן ליגן טיפֿע גריבער. אַזוי געשעט דאָס דאָ אין מדבר פֿון אייביקייט ביז אייביקייט. אָבער דאָס פּנים פֿונעם מדבר איז אַלע מאָל דאָס זעלביקע.

די פֿיר שאַקאַלן האָבן געהאַט אַ גוטן אויסקוק. עס האָט זיך נישט גע־האַנדלט וועגן אַ באַשטימטן עסק — נישט וועגן טריט, וואָס זאָלן פֿאַרלאַנגען אַ פֿאָרשונג, און נישט וועגן אַ צי׳ענדיקן ריח פֿון אַ נבֿלה, וואָס זאָל גלעטן די נאָזלעכער און מאַכן די מײַלער גאַווערן — עס איז בלויז געווען די געוווינהײַט פֿון זייער לעבן. פֿאָרזיכטיק האָט מען געדאַרפֿט זײַן אַלע מאָל און צו יעדער צײַט, רוען האָט מען געדאַרפֿט אויף אַן אָרט, פֿון וואַנען מען זאָל קאָנען ווי מעגלעך ווײַטער זען און הערן, און ווי מעגלעך גיכער זײַן גרייט צו אַנטלויפֿן אָדער צום נאָכלויפֿן. זיי זענען נישט געווען פֿאַרהונגערט. נאָר איינער פֿון זיי איז געווען געגנוג אַלט צו געדענקען די מאָגערע צײַטן פֿון זײַנע ערשטע דרײַ לעבנסיאָר. אָבער ער האָט אויך געמיינט, אַז יענע שלעכטע טעג זענען געווען אַ צופֿאַל און די זאַטקייט פֿון דער נײַער צײַט — דאָס איז דעם שאַקאַלס געוויינלעכער קיום. און די אַנדערע דרײַ — זיי זענען געבוירן געוואָרן אין

דער מלחמה, און נישט געוואוסט פון קיין הונגער. סכנות זענען געווען, גרויסע און שרעקלעכע, טויט־סכנות, די סכנות האבן געלויערט אויף זיי אויף טריט און שריט — אבער קיין נויט האבן זיי נישט געקענט. פון זינט זיי האבן זיך געשטעלט אויף די פיס זענען זיי נאכגעגאנגען נאך די טריט פון די מענטשן־סטאדעס, וואס האבן אן אויפהער ארומגעוואנדערט איבער דער וויסטעניש. די מענטשן האבן געפירט מיט זיך וואגנס, פון וועלכע עס האט געשמעקט מיט פלייש, און מיט פיש, און מיט אלערליי גוטע זאכן. אויף די ערטער, וואו זיי האבן גערוט, זענען אלע מאל געבליבן גוטע ביסנס, אבער דאס זענען געווען קלייניקייטן. עס זענען נישט אריבער קיין פאר טעג זיי זאלן נישט אנטרעפן אויף א נבלה פון א בהמה אדער אויף א פגר פון א מענטשן. פון מאלצייט צו מאלצייט — אזוי איז געגאנגען זייער לעבן.

זיי זענען נישט געווען פארהונגערט, אבער צו יעדער צייט האבן זיי געהאט א גוטן אפעטיט. און די געוויינהייט אנצופילן די נאכט מיט א קלאג און יאמער איז ביי זיי געבליבן אין א פולער מאס, גלייך ווי ביי זייערע פאר־הונגערטע עלטערן. דאס האבן זיי געטאן אויך איצטער. איבער זיי איז געלעגן א שטערנדיקער הימל, אן א לבנה און אן וואלקנס. עס איז נישט געווען שטארק פינצטער און די נאכט איז נישט געווען קיין קילע. דער זאמד איז געווען ווייך און גלאטיק. זיי זענען געלעגן אויסגעצויגן ווי הינט אויפן בויך און אויף די פיס. די מאגנס האבן גערוט און געלאזט רוען די פיס. אין אזא צייט זענען זייערע אבות ארומגעלאפן אן אן אויפהער, מיט א דרייעניש אין די גדערים, מיט א הונגער אן א שיער, הויט און ביינער, און האבן באוויינט דעם עלנט פון זייער לעבן. זייערע מער גליקלעכע קינדער האבן נישט נויטיק אזא הונגער־לויפעניש. זיי זענען געלעגן אויפן זאמד־בערגל, געקוקט אין טאל אונטן, און אויף די קעפלעך פון די בערגלעך וואס ארום, און אויפן אויס־געשטערנטן הימל — און האבן זיך דערפילט טרויעריק, אן א סיבה, מיטן טרויער פון די פארגאנגענע מיליאנען דורות. דעמאלט האט איינער פון זיי אנגעהויבן, און די אנדערע האבן אונטערגעכאפט — און זיי האבן ארײנ־געווארפן אין דער שטילקייט פון דער מדבר־נאכט א שטראם פון וואיענדיקן געוויין. א הארץ־רײסנדער קאנצערט פון געשלאגענע הינט, פון פארליבטע קעץ אויפן בוידעם, פון פארלאזענע מענטשן־קינדער. זיי האבן געמאכט הפסקות און צוגעהערט זיך. און ווען ס'איז גארנישט געווען צו הערן האבן זיי ווײטער געקלאגט און געיאמערט, קירצנדיק די אומנויטיקע צײט פון נישט עסן און נישט שלאפן. מיט א מאל זענען זיי שטיל געבליבן. אין דער שטילקייט האבן זיך קוים געהערט לויזע טריט. די שאקאלן זענען שוין געשטאנען אויף די פיס, מיט געשפיצטע אויערן, מיט שארף־געווארענע פיסקעס.

עס האט זיך דערנענטערט א גרויסע חיה. זי האט שווער געטראטן, גראב, אן פארזיכטיקייט. זי איז געווען אליין. זאל דאס זײן א קעמל, אדער א פערד,

וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פֿון צוים און אַנטלאָפֿן פֿון זײַן בעל הבית? אָבער אויף אַ פֿערד און אַ קעמל וואָלטן נישט געגאַנגען אין מדבר בײַ נאַכט מיט אַזאַ זיכערקייט. די פֿיר שאַקאַלן האָבן זיך אַראָפּגערוקט פֿון שפּיץ באַרג אַ ביסל נידעריקער. זיי האָבן געהאַט נויטיק צו זען, אָבער נישט צו זײַן געזען: די חיה האָט זיך באַוויזן אויף אַ קאָפּ פֿון אַ בערגל. דאָס איז געווען אַ מענטש, און ער האָט געהאַט אַ ביקס. ער איז געגאַנגען גלײַך אויף זיי.

די שאַקאַלן האָבן אַ ווײַלע געקוקט אויף אים. אין זייערע אויגן האָט געלויכטן אַ שטומע בענקשאַפֿט. דאָס איז געווען זייער גוטע פֿלייש, זיסע און איידעלע — זיי האָבן געקענט דעם טעם. אָבער עס איז נישט געווען פֿאַר זייערע ציינער כּל זמן עס איז געשטאַנען אויף די פֿיס און געהאַט אַ ביקס אויף דער פּלייצע. נאָך מער, עס איז געווען אַ סכּנה, און אַזאַ, אויף וועלכער עס איז נישט כּדאי צו וואַרטן. די שאַקאַלן האָבן זיך געגעבן אַ דריי אויס, און אַ לויף אַראָפּ, אָן אַ שאָרך און אָן אַ רויש, און זענען פֿאַרשוואונדן געוואָרן אין נאַכט און זאַמד. און ווען דער מענטש איז אַרויף אויפֿן בערגל, וואו זיי זענען אָקאָרשט געלעגן, האָט ער קיינעם נישט געזען. קאָן זײַן, אַז אויף זײַן גאַנצן וועג האָט ער געהאַט אַזעלכע איינזײַטיקע באַגעגענישן. ער האָט פֿון דעם נישט געוואוסט.

ער איז געווען פֿון אַ הויכן וואוקס. ער האָט געהאַט אויף די פֿיס גרויסע און גראָבע שטיוול, וואָס האָבן געלאָזן הינטער אים גאַנצע גריבער אין ווייכן זאַמד. זײַנע הויזן, און רעקל, און היטל זענען געווען ווי פֿון אַ דײַטשן סאָלדאַט. ער איז נישט געווען קיין זון פֿון מדבר. ער איז געווען אַ פֿרעמדער.

דער מענטש האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפֿן שפּיץ פֿונעם זאַמד־בערגל. ער האָט זיך אומגעקוקט אויף צוריק, פֿון וואַנען ער איז געקומען. דאָרטן זענען אויך געלאָפֿן בערגלעך זאַמד, נידעריקע ערד־קופּאָלן, טונקעלע אין דער נאַכט. זיי זענען געלאָפֿן אַרויף און אַראָפּ, אָן אַ צאָל, ביז זיי האָבן זיך פֿאַרלאָרן אין דער פֿינצטער און אין דער ווײַט. נאָר זאַמד דאָ אונטן, און די שטערן — אויבן, און איצטער אויך ער — מער גאָרנישט, גאָרנישט... עס איז שוין געווען נישט זיכער, אַז דער וועג צוריק ליגט טאַקע דאָרט וואו ער קוקט. און ס'איז געווען נישט נויטיק ער זאָל דאָרט ליגן. עס האָט קיין זין נישט געהאַט.

דער געקומענער האָט זיך אָפּגעווישט מיטן אַרבל פֿון רעקל דעם שוויס פֿון שטערן. אים איז געווען הייס פֿון גאַנג. ער האָט אויפֿגעהויבן דאָס היטל און געלופֿטערט דעם קאָפּ. און דעמאָלט האָט ער דערפֿילט, אַז ער איז שטאַרק מיד. ווי לאַנג גייט ער דען אַזוי? צוויי שעה, דרײַ שעה? ס'איז גענוג.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפֿן זאַמד. די ביקס האָט ער אַראָפּגענומען פֿון פּלייצע און געלייגט זיך אויף די קני. דערנאָך האָט ער זיך געפּרוווט מאַכן באַקוועמער. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפֿן בויך און אָנגעשפּאַרט די ברוסט אויף די צוזאַמענגעלייגטע אָרעמס. אַזוי זענען מיט עטלעכע מינוטן פֿרי'ער

געלעגן רויִק וואַיענדיק די פּיר שאַקאַלן. דער מענטש האָט נישט געוואָיעט, אָבער אין זײַן האַרצן איז נישט געווען קיין רו.

דער זאַמד האָט זיך געזעצט הינטער אים, ווייך און נאָכגיביק. פון די מיד אויסגעצויגענע פיס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ געפיל פון פיזישער הנאה, וואָס קומט מיט דער באַפרײַונג פון אַ לאַסט. מיטן זעלביקן געפיל פון באַפרײַונג האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם קין אָן די קולאַקעס, וואָס האָבן גערוט אויפן זאַמד, און געקוקט פאַר זיך, נישט צוקוקנדיק זיך און נישט קלערנדיק פון קיין זאַך. פאַר אים אונטן איז געלעגן אַ קליינער, טיפער זאַמד־טאָל, אַרומגערינגלט מיט אַ קייט פון בערגלעך, ווי דער אויף וועלכן ער איז געלעגן. די בערגלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פאַמעלעך אין כוואַליקע ליניעס ביז צום מיטן פון דער נידערונג, וואו די געענגטע פאַרטיפונג האָט אויסגעזען ווי אַ דעק פון אַ שפּיציקן גריבל. עס איז געווען שטיל דאָרט אונטן, אויפן דעק. עס האָט זיך געטראַכט, אַז מען קאָן זיך דאָרטן אַנידערזעצן אויף דער ערד און קוקן אַרויף, און גאָרנישט נישט הערן, און קיין זאַך נישט זען, אויסער די זאַמדיקע זײַטן פון די בערג און דעם בלויען הימל־פלעק איבערן קאָפּ.

איצט אָבער איז נאַכט און דער הימל איז נישט בלוי. ער האָט זיך געפּוילט אומדרייען זיך און אַרײַנקוקן אין דער מיט פון דער הויך. אָבער אויך אָן צו מאַכן אַן איבעריקע באַוועגונג האָט ער געזען די אונטערשטע פאַלעס פון הימל — און זיי זענען געווען ווײַט און נידעריק און פינצטער, און באַזעצט מיט הייפלעך שימערירנדיקע שטערנדלעך, מיט ווײַסע און באַגילטע נעפּל־פלעקן. און ס׳איז געווען מאָדנע די ליכטיקייט פון דער נאַכט, אָן לבנה, סוף פונעם חודש חשון. זאָל דאָס זײַן דער שימער פון די שטערן־הייפלעך און פון די ווײַסע נעפּלען, וואָס האָט געמאַכט שיטער די געדיכטקייט פון חושך? אָדער אומבאַמערקטע ליכט־שטראַלן רינען אַרײַן אין דער בײַנאַכטיקער פינצטערקייט ערגעץ פון אַ פאַרבאָרגענעם ליכט־קוואַל? אָבער מען זעט נישט קיין באַזונדערע שטראַלן. ס׳איז מער נישט ווי שטערן־ליכט. מאָדנע, ווי מען לעבט אָפּ אויף דער וועלט אַ פאַר צענדליק יאָר און מען מערקט נישט זאַכן, וואָס קומען פאַר יעדן טאָג, און דערנאָך איין מאָל כאַפּט מען זיך, און מען זאָגט: „מאָדנע!“ ... כאַ־כאַ ...

נאָר צוזאַמען מיט דעם אויפלאַכן איז אויסגעגאַנגען די רגע פון דער־לײַכטערונג און צופרידנקייט. די גרויסע מרה שחורה, וואָס האָט זיך געזאַמלט אין אים די אַלע לאַנגע חדשים, פון פּסח, ווען ער איז געוואָרן אַ סאָלדאַט, און ביז דער הײַנטיקער נאַכט, האָט צוריק פאַרפלייצט זײַן נשמה און אָנגעפילט זי מיט יענעם חושך, אָן שטערן און אָן לויכטנדיקע נעפּל־פלעקן, וואָס איז געווען פיל שווארצער ווי די אַרומיקע מדבר־נאַכט. ער האָט זיך געזען אין לאַגער פון דער דײַטשער אינזשינערן־קאָמאַנדע, פון וואַנען ער איז דאָ אַהער געקומען. „די דײַטשלעך — יעדן אָוונט זענען זיי שיכור! אַ גאַנצן טאָג שווײַגן

זיי, אין אָוונט רעדן זיי זיך פֿאַנאַנדער: שלום? — זאָגן זיי, — מיר וועלן נעמען סועץ, און קאַיִראָ, און אַלעקסאַנדריע; מיר וועלן נעמען פּאַריז און דערוועגן ענגלאַנד; מיר וועלן נעמען מאָסקווע און פּעטערבורג — נישט פֿריִער וועלן מיר מאַכן שלום!" און שפּעטער זיפֿצט דער רויט־שטיצנדיקער, גראָבער סערזשאַנט הירט: „ווירד דאָס אײַנמאָל אײַן ענדע נעמען — דאָס שײַסליכע הונדע־לעבן אין דער וויסטע?" — „עס ווירד שאָן, ליבער הירט!" — טרייסט אים סערזשאַנט קליינמאַן, דער ייִדער, און קוקט איבער די ברילן, וואָס זענען אים אַראָפּגעפֿאָרן אויפֿן שפּיץ פֿון דער מאָגערער נאָז, און לאַכט מיט די אויגן. — „גימאָלס! — האַקט אָפּ דער אונטעראָפֿיציר פּפֿעניג. — און דער קריג האַלט אויך ניכט!" — „די מענשען זינד יאָ שטערבליך". — באַמערקט ווידער קליינמאַן. — „דאָנערוועטער, טויפֿעלס העלע!..." — שרײַט פּפֿעניג, און זידלט מיט גראָבע ווערטער דעם „קאַיזער און פֿאַטערלאַנד". און ווען דערבײַ דרייט זיך אָן צופֿעליק דשאַפֿאַר, דער דינער, גיט ער אים איבערן האַלז: „פֿערפֿלוכטער באַנאַאוזע!"

איבער דרײַ חדשים דרייט ער זיך שוין אַרום מיט זיי דאָ אין דער וויסטעניש. זיי גראָבן ברונעמס, זיי זוכן וואַסער פֿאַר דער אַרמיי, וואָס דאַרף גיין דורך די ערטער. און וואָס ווײַטער זיי פֿאַרטיפֿן זיך אין מדבר אַלץ קלענער ווערט זײַן האָפֿנונג אַרויסרײַסן זיך פֿון דאַנען. און צוגלײַך ווערט דאָס אים ווייניקער וויכטיק. וואָס איז באַפֿרײַונג? — זאָגט ער זיך פֿאַמעלעך און טעמפּ, — צוליב וואָס און וואוהין?... ירושלים... אסתּר... לעבט זי נאָך? ער האָט שוין לאַנג פֿון איר קיין בריוו נישט געהאַט. אפֿשר ווערן זיי פֿאַרפֿאַלן אין וועג? אַנדערע באַקומען אויך נישט אָפּט. און אפֿשר שרײַבט זי נישט. ער שרײַבט אויך נישט. שוין אַ חודש נישט געשריבן. אַ מין שלאָפֿקייט פֿילט אים אָן און אָפּגעלאָזנקייט. ווען ער נעמט די פּען אין האַנט איז זײַן קאָפּ דול, און יעדעס וואָרט — פֿאַלש... און ער וואַרפֿט דאָס אַוועק — אוממעגלעך צו שרײַבן... אָט זענען דאָ די דײַטשן, און די טערקן, און די אַראַבער, אַלע זיפֿצן, און קלאָגן זיך, און לעבן נאָר מיטן געדאַנק וועגן באַפֿרײַונג. און אַלע זענען זיי ווי אַ וואָגן, וואָס סקריפּעט און טרייסלט זיך — און פֿאָרט פֿון דעסט וועגן.

אָבער ער, מאיר, ער זיפֿצט נישט, און קלאָגט זיך נישט — און דאָך קאָן ער נישט מער. גראָד האָט ער נישט געליטן ווי פֿיל אַנדערע. ער איז נישט געווען געפּײַניקט און געשלאָגן — כּמעט נישט געווען — ער איז געווען נאָר אַ קורצע צײַט אין דער „עמאַליע" (די אַרבעטס־באַטאַליאָנען, וואו זיי האָבן געאַרבעט בײַ קאַטאָרזשנע באַדינגונגען). און דאָך, יענע וואָס זענען טאַקע אין גהינום — זיי האַלטן זיך מיטביידע הענט פֿאַרן קלאָגעדיקן שטיקל לעבן, וואָס פֿינקלט נאָך אין זיי. און ער, וואָס ער האָט נאָר צוגעזען, ער לאָזט אָפּ דעם שטריק. אפֿשר איז דאָס טאַקע דערפֿאַר, וואָס ער האָט נאָר צוגעזען?

ער האָט געזען גענוג: ער האָט געזען די צום טויט פֿאַרמשפּטע דעזערטירן, ער האָט געזען ווי מען שיסט זיי, און האָט געזען זיי נאָכן שיסן, ער האָט געזען די מערדעריש־געשלאָגענע, ווי זיי קרענקען און קרענקען, און גייען אויס ביסלעכווײַז, און שטאַרבן; ער האָט געזען דעם דאָקטאָר, דעם אַרמענער, וואָס האָט פֿאַרסמט פֿערציק קראַנקע סאָלדאַטן; ער האָט געזען ייִדישע ייִנגלעך, בלאַסע און פֿאַרמוטשעטע שטאָט־קינדער, וואָס ווערן געפֿירט פֿון די געזונטע און תּאווהדיקע טשאַווישן, אָדער פֿון די צעלאָזענע יונגע אָפֿיצירן, אויף בײַ נאַכט, צו זיי אין געצעלט אַרײַן; ער האָט געזען קראַנקע, וואָס וואַלגערן זיך אַרום אָן הילף און פֿוילן לעבעדיקערהייט, און ווערן אויפֿגעפֿרעסן פֿון אומצוכט; ער האָט געזען מענטשן, וואָס גייען אום ווי שאָטנס, וואָס קאָנען נישט צופּאַסן זיך, וואָס קאָנען נישט פֿאַרשטיין ווי זיי קומען אַהער, וואָס זענען ווי צעדולט און פֿאַרלאָרן — די זענען אַממייסטן געפּײַניקט; ער האָט געזען אַ מענטשן, וואָס איז געפֿאַלן אין גאַנג און געלעגן ווי אַ טויטער. דער אָפֿיציר האָט אים געהייסן באַגראָבן, און מען האָט אים באַגראָבן. אָבער ער איז נישט געווען טויט, ער האָט נאָך געדיכעט בעת מען האָט אים באַגראָבן... און ער האָט געזען אַ גרויסן המון, וואָס איז געגאַנגען, וואו מען האָט אים געשיקט, און געטאָן וואָס מען האָט אים געהייסן, און געקײַט, וואָס מען האָט אים געגעבן, און געשלאָפֿן, וואו מען האָט אים אַוועקגעלייגט. ער איז געווען בייז און פֿאַרביטערט, דער המון; זײַן האַרץ איז געווען פֿול מיט אַכזריות, אָן אַ סוף און אָן אַן אויסוועג. אָבער ער איז געווען געהאָרכיק און טעמפּ, ווי אַ סטאַדע בהמות. און ווען מען האָט אַרויסגענומען פֿון אים איינעם אָדער צוויי אָדער צען פֿון זײַנע מענטשן און געשטעלט זיי אין פֿראָנט פֿון אים, און געהייסן שיסן, האָט ער געשאָסן — און דערנאָך שטאַרקער צוזאַמענגעדריקט זיך, און טיפֿער געשוויגן, און נאָך מער געפֿאָלגט... אָט דער געזונטער המון, וואָס האָט געאַרבעט, און געגעסן, און געשלאָפֿן, און געווען אַזוי געהאָרכיק — אים האָט מאיר געזען טאָג אײַן, טאָג אויס, און האָט מער נישט געקאָנט... ער האָט נישט מורד געווען, אָבער ביסלעכווײַז און אָן אַן אויפֿהער האָט דאָס אים גענאָגט, עס האָט צעפֿרעסן זײַן נשמה, עס האָט אַוועקגענומען זײַנע כּוחות... עס איז געווען גענוג!

די מענשען זינד יאַ שטערבליך! — האָט געזאָגט סערזשאַנט קליינמאַן.

איז דען נישט די ערשטע צײַט פֿון זײַן דינסט געווען די שרעקלעכסטע? די געדאַנקען וועגן אסתּרקען, וועגן דעם ווי זי איז געבליבן אַליין, אַ פֿאַרלאָזענע, אַן אומגליקלעכע, האָבן אים געריסן דעם מוח. און די אַרבעט — עי, וואָס האָט אים געקימערט די אַרבעט, און דאָס עסן, און שלאָפֿן, און אַלץ מיטאַנאַנדער? דאָס שלעפּן די שווערע בלעכן מיט ערד האָט אים נאָר צעשטרייט. אָבער עמיצער האָט אים אַ טובֿה געטאָן. מען האָט אים געשיקט אין אַן אָרט, וואו עס האָבן געאַרבעט אַ סך ייִדן אונטער דער האַנט פֿון אַ ייִדישן קאָנ־

טראַקטאָר. דער קאָנטראַקטאָר האָט געשיכּורט מיט די אָפיצירן, ער האָט זיי געלעקט און געחנפעט, און געבראַכט יינגלעך פאַר זייער גענוס. און צו די, וואָס ער האָט פון זיי נישט געהאַט אַזאַ נוצן, איז ער געווען גראָב און אַכזריותדיק, ער האָט אויף זיי געהויבן די בייטש און געמאַטערט זיי מיט קאַטאָרזשנער אַרבעט. אים, מאירן, האָט ער נישט געקאָנט פאַרדייען. ער האָט זיך אָנגענומען פאַר די געפּייניקטע און פאַרגוואַלדיקטע. האָט ער אים אַוועקגעשיקט אין דער "עמאַליע" צו די טערקן. דאָס איז געווען אַ דערלייכטערונג. ער האָט כאָטש נישט געזען פאַר די אויגן קיין יידן מיט טויטע פּנימער, וואָס רייסן זיך אונטער, שלעפּנדיק די בלעכן ערד, מיט ציטערנדיקע שוואַכע הענט און פיס, מיט מוטנע אויגן. אָבער דער רויער טייג, וואָס מען האָט געגעבן צום עסן — דאָס איז שוין געווען צופיל אפילו פאַר זיין מאָגן. דיזענטעריע... גאַרנישט. ער איז געלעגן ווי אַנדערע זענען געלעגן. פון אויפשטיין איז געווען אָפּגערעדט. אויך ביי דיזענטעריע האָט מען געגעבן רויען טייג... איז פאַרביי־געפאָרן יענער דייטשער אָפיציר און האָט באַמערקט. פאַרוואָס גראָד אים? אַזוי: אַ הויכער, אַ בלאָנדער, און דאָס פּנים נישט אַראַביש. האָט ער אים מיטגענומען. איז ער אָפּגעלעגן ביי די דייטשן אין פעלד־לאַזאַרעט אַנדערטהאַלבן חדשים און איז אַרויס געזונט. און מען האָט אים צוגעשריבן צו דער אינזשינערן־קאָמאַנדע.

אין יענע ערגסטע צייטן האָט ער רק געוואָלט אויסהאַלטן און אויסלעבן. שפּעטער איז אים שוין בעסער געגאַנגען, אָבער... אָבער די לוסט צו לעבן איז אַוועק...

אין דער היים איז ער געווען איין מאָל. די קאָמאַנדע האָט אים געשיקט נאָך איינקויפונגען אין ירושלים. אַליין און מיט געלט אים געשיקט — זיי טרויען אים.

ער האָט דערציילט אסתרקען ווי אים האָט אָפּגעגליקט. און זי האָט אים געגלויבט. זיין ביי די דייטשן — לכל הפחות מען איז זאַט און געקליידט. די שכנים, וואָס זייערע זין און ברידער און מענער האָבן געדינט ביים טערק, האָבן אים מקנא געווען. און ער האָט דערציילט מעשיות און געשעענישן, געמאַכט זיך מונטער און לוסטיק. דאַן איז געקומען צורייד וועגן נישט אומקערן זיך. אָנשטאָט צו זיין פאַרשוואַרצט אין מיליטער איז דען נישט בעסער אַנטלויפן אין די קאָלאָניעס און לעבן פריי. אַלע טוען אַזוי, יידן און אַראַבער. אַראַבער נאָך מער. מען כאַפּט זיי און זיי אַנטלויפן צוריק, נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. און יידן כאַפּט מען גאַרנישט. זעלטן ווען, אַמאָל אין אַ שמיטה. אָבער פאָרט ווען מען פאַלט אַריין... זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַזאַ צער, און די אויגן אירע זענען געווען טיפע און דערשראָקענע.

— איך גיב דיר קיין עצות נישט... טו ווי דו פאַרשטייסט...

און זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען.

ער האָט די גאַנצע צײַט געדענקט, אַז זי טראָגט אין זיך אַ נײַ לעבן, וואָס האָט זיך אָפּגעצווײַגט פֿון אים, און דעריבער מוז זי געשוינט ווערן מער ווי שטענדיק. ער האָט ווידער דערציילט לוסטיקע עפּיזאָדן פֿון זייער לאַגער־לעבן. און ערנסט האָט ער איר געזאָגט: מען האָט אים געשיקט אײַנצוקויפֿן, מען האָט אים אָנגעטרויט געלט. זאָל ער איצט אַנטלויפֿן וועט מען זאָגן: „אַ ייִד!" און ס'איז נישט כּדאַי אײַנצושטעלן: אַ סך אָפֿיצירן און טשאַווישן קענען אים. צו אים וועט מען זיך באַציִען שטרענגער ווי צו אַ פּראָסטן דעזערטיר. און דער עיקר, ער דאַרף דאָס נישט. אַלע סאָלדאַטן וואָלטן זיך געוואונשן צו זײַן אין אַזאַ לאַגע ווי ער.

און מייערן, דעם באַנק־אַנגעשטעלטן, האָט ער באַגעגנט און האָט אים אויך דערציילט פֿון זייער וואַנדער־לעבן אין דער מדבר, אין זוכעניש נאָך וואַסער. און מייער האָט געשלונגען זײַנע רייד, זײַנע אויגן האָבן געגלאַנצט, ער האָט אויסגערופֿן מיט התלהבֿות:

— פֿאַרוואָס מאַכט זיך מיר נישט אַזוינס?... איך בין אײַך מקנא, פֿונק!...

אָבער פֿאַרן צעשיידן זיך, דריקנדיק אים די האַנט, האָט ער פּלוצלונג געזאָגט:

— אָבער איר זענט נישט פֿריילעך, פֿונק...

יאָ, ע ר איז נישט געווען פֿריילעך, כאָטש ער האָט דערציילט פֿריילעכע מעשׂיות. ע ר האָט זיך נישט מקנא געווען, וואָס גראָד אים האָט זיך געמאַכט אַזוינס. ער וואָלט זיך גערן געביטן מיטן באַנק־אַנגעשטעלטן. אומקערן זיך אָדער ניין? בײַ אים איז דאָס גאָר נישט געווען אַזוי פֿעסט באַשלאָסן, ווי ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט פֿאַר אסתּרקען און פֿאַר אַנדערע. ער וואָלט אפֿשר נישט געקוקט אויף דער סכּנה און דאָך אַנטלאָפֿן. נאָר דאָס וואָס מען האָט אים אָפּגעלאָזן אַליין און מיט געלט — דאָס איז געווען, וואָס האָט אים אויף אַן אמתן געבונדן. „אַ ייִד!" — וועלן זיי זאָגן. ער האָט געוואוסט זייער מיינונג וועגן ייִדן.

אין דער פֿרי איז ער געפֿאָרן צוריק. דער לאַסט אויטאָמאָביל האָט געמוזט גיין פּאַמעלעך און פֿאַרזיכטיק אום נישט איבערצוקערן זיך בײַ די שאַרפֿע דרייען און שטרענגע אַראָפּ־בערג פֿונעם יריחו־וועג. ער איז געזעסן לעבן שאָפֿער, אַ ליידיקער, מיט אַ ליידיקן קאָפּ, און געקוקט אַרום זיך מיט ליידיקע אויגן.

פֿונק האָט נישט באַמערקט ווי זײַן פּנים האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די הענט, ווי די עלנבויגנס האָבן זיך טיפֿער אַרײַנגעגראָבן אין דעם ווייכן זאַמד, און דער קערפּער האָט זיך אַ דריי געטאָן און אויסגעזוכט אַ באַקוועמערע פּאָזע. אין קאָפּ בײַ אים האָט געשוועבט אַ פּאַנאָראַמע פֿון נאַטורבילדער, וואָס זײַנע אויגן האָבן, נישט קלערנדיק פֿון דעם, אויפֿגענומען אין יענעם פֿײַנעם

פֿרימאָרגן, און וואָס ער אַליין האָט גאָר נישט געוואוסט, אַז זיי זענען געבליבן אָפּגעדרוקט ערגעץ אויף אַ הינטערטאָוול פֿון זײַן זכרון.

זיי זענען פֿאַרבײַגעפֿאָרן דעם דאָרף אלעזריה, וואָס איז אַזוי אָנגערופֿן געוואָרן אויפֿן נאָמען פֿונעם בלינדן אלעזר, וועלכן ישוע הנוצרי האָט אויפֿ־געלעבט נאָך זײַן טויט. רעכטס איז געלעגן אַ ברייטער און טיפֿער טאָל „וואַדי קדום" האָט ער געהייסן. ער האָט אויסגעזען ווי די בעט פֿון אַ גרויסן, מעכטיקן טײַך, וואָס מען האָט אָפּגעפֿירט פֿון אים דאָס וואַסער. איבער די טרוקענע, משופּעדיקע זײַטן איז פֿון דער טיפֿער נידערונג פּאַמעלעך אַרויפֿ־געקראָכן אַ דינער, בלוילעכער נעפּל־שטויב.

שוין נישטאָ דער וואַדי קדום. דאָס דאָרף פֿונעם אויפֿגעלעבטן אלעזר, וואָס איז דערנאָך סײַ ווי נאָך אַ מאָל געשטאָרבן, איז געבליבן הינטער זיי. זיי האָבן דאָס אַרומגעבויגן און לאָזן זיך אַראָפּ אין אַן אַנדער וואַדי, אַ שמאָלן און טיפֿן. „וואַדי איל כאַד" הייסט ער. זיי אַנטקעגן אַנטפּלעקן זיך שורות בערג: הויך און משופּעדיק הויבן זיי זיך פֿון די טאָלן, זיי שטייען אָנגעלענט איינע אויף די אַנדערע, צוזאַמענגעשמאָלצן, מיט קײַלעכדיקע איבערגאַנגען — כוואַליעס ערד און שטיינער, וואָס זענען פֿאַרגליווערט געוואָרן אין מיטן פֿון זייער באַוועגונג, מיט אַ מאָל און אויף אייביק. די נאַקעטע בײַכער, און רוקנס, און זײַטן, זענען געפּאַנצערט מיט גרויע פֿעלזן־שטיקער און פֿאַרגאָסן מיט גלאַנציק־שוואַרצע פּעך־לאַטעס. נאָר דער פּאַנצער איז פֿון עלטער גע־קנייטשט און געשפּאָלטן, פֿול מיט ריסן, מיט שפּאַלטן, מיט אָנגעהאָנגענע שפּיצן, און פֿאַרוואָקסן מיט שטיקער גראָז — טונקל־גרינע, קורצע, באַרשטיקע גראָז. שטילע רוען די בערג. זייערע מעכטיקע ברוסטן זענען קײַלעכדיק־אָוואַל און הויך־געהויבן, ווי בוזעמס פֿון גיגאַנטן־ווײַבער זעען זיי אויס. און עס דוכט, אַז זיי רירן זיך מיטן ריר פֿון אַ לייב, וואָס לעבט און מען זעט דעם הויך, וואָס ער אָטעמט אַרויס — בלוילעך־דין און ווײַסלעך־נעפּלדיק איז ער. די ערד רוט. עס רוען אירע ברוסטן, און אײַטערס, און אָרעמס, און לענדן, און שויסן. זי האָט אַ סך וועגן אויף אַרויסגעבן פֿון זיך איר פֿולקייט, איר זאַפֿט און וואַרעמקייט, איר שוץ און קילקייט. און זי גרייט אָן פֿאַרשידענע ערטער פֿאַר די, וואָס קומען צו איר נאָך שפּײַז און רו און באַהעלטעניש.

רעכטס פֿון זיי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ הויכער באַרג. ער איז גרין און גראָזיק. לאַנגע שאָטנס קריכן איבער אים פֿון אונטן, זיי דערלאַנגען מיט זייערע אויסגעשטרעקטע צונגען ביז צו די ברעגן פֿונעם דרך המלך. ווײַסע קופּקעלעך שאָף פּויזען אַרום איבערן גרינעם לײַב, קײַלעכדיקע, ווייך־וואָלענע, נידעריק־געוואַקסענע ברואימלעך. זיי ציפּן, זיי זויגן. די אייטערס פֿון דער ערד זענען פֿול און שווער.

נײַע שורות פֿון בערג, איינע הינטער די אַנדערע וואַקסן זיי אויס, בערג אַן קעפּ און אָן פּנימער, מיט גרויסע ערדענע היטלעך. אַרום זיי שפּרייט זיך

אַ טומאַן, שטראָמען און אונטערשטראָמען פֿון פֿײַנע לופֿט־באַוועגונגען, וואָס פֿליסן אַרויף פֿון די טאָלן צו די שפּיצן פֿון די בערג.

און דאָס אויג שפּרינגט אַריבער איבער אַ ווײַטער נידערונג, וואָס זעט זיך נישט, און שטויסט זיך אָן אין אַ וואַנט — אַ וואַנט פֿון בערג, וואָס בויגט זיך און טרעט אָפּ פּאַרקײַלעכדיקט, און זעט אויס ווי אַן אַנהויב פֿון אַ גרויסן קרײַז. אַ שאַרפֿער קאַם, אַ טונקעלער, מיט אַן אָפּגלאַנץ פֿון בלויקייט, האַלט צוזאַמען די איינהייט פֿון דער וואַנט. דאָס זענען די בערג פֿון מואָב, וואָס אויף יענער זײַט פֿונעם ים המלח, און זײַן וועג ליגט נאָך ווײַטער, אויף יענער זײַט פֿון די הרי מואָב, אין דער וויסטעניש...

אין דער הויך, איבער יענע בערג, שווימען דינע, גרינגע וואָלקנדלעך, פֿעדערדיקע און שנייאיקע. נאָך העכער און ווײַטער ליגן שטיקער ווײַסע וואָלקנס, שניי־טישטוכער, אויסגעשפּרייטע אין דער לופֿטן, איבערן פֿינצטערן בערג־קאַם, ווי אַ מין געצעלטן־לײַוונט, וואָס גיט שאָטן און קילקייט. און דורך זיי, און צווישן זיי שײַנט די ליכטיקע זון.

די וואָלקנס צעזייען זיך, די זון שײַנט, די בערג פֿון מואָב ווערן תּמיד ליכטיקער. הרודעס פֿון העלער בלוי זענען זיי אַצינד, שטיקער קלאָרן הימל, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד.

דער וואָגן לויפֿט. בײַ די זײַטן פֿון וועג שפּרינגען טונקעלע קעפּלעך, איינצלנע, אָפּגעזונדערטע בינטלעך פֿון כאַסאַב־גראָז, דינע שטרויעלעך שטעקן פֿון זיי אַרויס. עס פֿליִען אַרויף פֿויגעלעך מיט לאַנגע שאַרפֿע ווידלעך, און שוועבן נידעריק איבער דער ערד, און טונקען זיך, ווי פֿישלעך, אין דער בלויער קלאָרקייט פֿון דער מאָרגן־לופֿט.

ווײַטער קומען אָן בערג מיט סאַמעט־גרינע זײַטן, אויסגעשאָטן מיט וויאָלעט־גרויע שטיינער, אויסגעזייטע מיט קנוילן וואָרצלדיקע גראָז, וואָס האָבן אַן אָנבליק פֿון אַלטע בראָדאַווקעס. זיי גייען אַוועק, און אויף זייער אָרט קומען אָן וויסטע בערג, ברוין־לײַביקע און גלאַטע. זיי זעען אויס ווי שטײַף־אָנגעשטאָפּטע זעק מיט ערד.

אין דער לענג פֿונעם וועג לויפֿט אַ שמאָלער טאָל, און אין דער טיף פֿונעם טאָל, אויף זײַן קילן דעק, רינט אַ שטרעמל פֿון ווײַסע שטיינדעלעך.

פֿון דער ווײַטנס ווײַזן זיך שוין די נידעריקע קרײַד־בערג, וואָס זאָגן אָן וועגן דער נאָענטקייט פֿון יריחו. זיי זענען ווײַס און באַמאָלט מיט שוואַרצע פּאַסן, און די פֿויגלען, וואָס פֿליִען דאָ אַרום, זענען אויך ווײַס, און זייערע פֿליגלען זענען שוואַרץ, ווי די שוואַרצע פּאַסן פֿון יענע ווײַסע קרײַד־בערג. אַ סך פֿויגלען זענען דאָ דאָ. איינעם קען ער: ער האָט אַ טשוב און הייסט „כאַדאַרי", וואָס דאָס מיינט: אַ פֿרעמדער. פֿאַרוואָס איז ער אַ פֿרעמדער? פֿליט ער דאָ נישט אַרום באַגלײַך מיט אַלע אַנדערע פֿויגלען? ווער האָט

באַשטימט, אַז ער איז אַ פרעמדער? קיינער ווייס נישט. און מען רופט אים כאַדאַרי...

דער וואָגן לויפט. בערג־זייטן מיט אייַנגעקוועטשטע, שמאָלע שפּאַלטן, פון אויבן אַראָפּ, ווי אָפּדרוקן פון גיגאַנטן־פינגער.

אַ ווייַסער שטילער טאָל, אַרומגערינגלט פון ווייַסע און גרינע בערג.

קעפּ פון בערג, אַ סך, קערנדיקע.

אַ טאָל פון טונקל־אייַזן... טרוקענע דערנער, שטויביקע, גרוי־ערדענע... לישייַעס — שטיקלעך ווייַסן שניי און ראָזעווער וואַטע... דינע שטעגלעך פון שאָף און פאַסטוכער, וואָס פאַרלירן זיך אין די בערג...

ס׳איז גוט אַזוי צו פאָרן — ווען מען זאָל גאָר קיין מאָל נישט אָפּשטעלן זיך!...

די שאַקאַלן איז אומעטיק געוואָרן צו וואַרטן און קוקן פון דער ווייַטנס. ווי לאַנג וועט ער נאָך דאָ ליגן? ווען אַ מענטש גייט אַוועק פונעם אָרט וואו ער איז געלעגן בלייַבט שטענדיק עפּעס איבער פאַר אַ לעק און אַ ביס. אָבער ער רירט זיך נישט. אפשר וועט ער אַזוי אָפּליגן די גאַנצע נאַכט? דער אַלטער שאַקאַל האָט זיך אַ קראַץ געטאָן מיט דער הינטערשטער לאַפּע אונטערן אויער, האָט אַ גענעץ געטאָן און אַרויסגעלאָזן אַ מרה שחורהדיקן יאָמער. און באַלד איז די שטילע נאַכט פול געוואָרן מיט קלאָג, מיט אַ היסטערישן וואָיעדיקן געוויין.

דער מענטש האָט אַ ציטער געטאָן און געגעבן אַ נעם די פיס. מיט אַ מאָל איז געוואָרן שטיל.

האָ, — האָט ער געמאַכט באַרויִקנדיק זיך, — און איך האָב געמיינט, אַז איך בין דאָ אַליין.

ער האָט זיך ווידער אָנגעשפּאַרט מיטן שטערן אָן די קולאַקעס און געקלערט וועגן דעם, וועגן וואָס ער האָט געקלערט דעמאָלט אויפן וועג: די בילדער פון די ערטער, פאַרבייַ וועלכע ער איז געפאָרן, זענען מיט אַ מאָל און אָן אַ זכר צוריק פאַרזונקען געוואָרן אינעם אונטערגרונט, פון וועלכן זיי האָבן זיך אַזוי אומגעריכט און גאָר אָן אַ שייכות צו עפּעס אַנדערש אַרויס־באַוויזן אויף אַ קורצער ווייַלע. ער האָט איבערגעלייגט אין געדאַנק די נייַעס, וואָס ער האָט געהערט אין דער היים: וועגן לייזערן, ווען מען האָט סוף כל סוף באַפרייַט פון טורמע און צוריק אַוועקגעשיקט צו זייַן דינסט; וועגן חיהן, וועלכע איז אין דמשק און לאָזט אים אָפּט גריסן; און וועגן דעם גרעק דימיטראַקי, וועמען מען האָט צופעליק געפּאַקט אין חיפה און געבראַכט צוריק קיין ירושלים, און דאָ זיצט ער און וואַרט אויף זייַן משפט... „אַמאָל איז פאָרט דאָ גערעכטיקייט!” — האָט זיך פונק געזאָגט מיט צופרידנקייט.

עס איז געווען שטיל. אָבער דעם זכר פֿונעם שאַקאַלן־געוויין האָט פּלוצלונג ווידער אָפּגעקלונגען אין זײַן מוח. „אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואוסט", — איז בײַ אים דורכגעפֿלויגן אַ ליצנות־געדאַנק. — „פֿון וואַנען ווייסן זיי?" — האָט ער זיך געפֿרעגט אומגעריכט־ערנסט, און האָט דערפֿילט ווי די האָר אויף זײַן קאָפּ שטעלן זיך אויף און אין זײַן האַרץ רינט אַרײַן אַ דין שטרעמל פֿון אימה. ער הויבט אויף העכער דעם קאָפּ און קוקט זיך אַרום. דאַכט זיך, אַז הינטער יענע בערגלעך באַהאַלט מען זיך. ער שפּרינגט אויף מיט אַ מאָל, מיט דער ביקס אין האַנט, מיטן פֿינגער אויפֿן צינגל פֿון ביקס — און ציט זיך אויס אין זײַן פֿולן וואוקס, און קוקט.

— האַ־האַ־האַ!...

ער לאַכט מיט אַ הויכן קול. אין מיטן דערין האַקט זיך אָפּ זײַן געלעכטער. „וואָס איז דאָס? — מאַכט ער צו זיך געפֿאַלן. — מען זאָגט, אַז אין די לעצטע מינוטן פֿאַר דעם גייט מען אַראָפּ פֿון זינען... אָבער איך בין דאָך נישט משוגע! ניין, איך בין נישט!..."

פֿאַרוואָס, אייגנטלעך, וויל ער זיך נעמען דאָס לעבן? פֿאַרוואָס? אַצינד האָט ער דאָס מער נישט געוואוסט. אָבער ס'איז געווען עפּעס, וואָס האָט אים געבראַכט דערצו. מער נישט ער האָט דאָס אָנגעוואָרן. איצטער וואָלט ער געקאָנט ליגן בײַ זיך אין געצעלט און רויִק שלאָפֿן. ווער וואָלט אים נישט געלאָזן?

געצעלט... לאַגער... קיין מאָל נישט! ס'איז גענוג! גענוג!

ער האָט זיך צוריק געלייגט אויפֿן זאַמד און אַרײַנגעקוועטשט דאָס פּנים אין די הענט. אין זײַן האַרצן איז מער נישט געווען קיין מורא. ער האָט נישט געדאַרפֿט אומקוקן זיך.

ער האָט געזען דעם לאַגער, דעם המון סאָלדאַטן, וואָס זענען געווען ווי אַ סטאַדע בהמות, און די איינצלנע, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט צופּאַסן, און זענען אומגעקומען. און ער אַליין איז געווען אַנדערש ווי די אַנדערע: פֿון דרויסן האָט ער זיך ווי צוגעפּאַסט, און פֿון אינעווייניק האָט ער זיך אויך צוגעפּאַסט — ער האָט זיך צוגעפּאַסט צום מדבר, וואָס אַרום אים. דער מדבר איז אַרײַן אין זײַן נשמה. אַלע קוואַלן פֿון לעבן זענען טרוקן געוואָרן. עס איז געווען זאַמד און וויסטעניש, און ווינטן, וואָס האָבן אַריבערגעטראָגן דעם זאַמד הויפֿנווײַז פֿון איין אָרט אויפֿן אַנדערן, געבויט בערגלעך און געגראָבן טאָלן...

איין מאָל איז ער אַרײַן אין פֿעלד־לאַזאַרעט. דער דאָקטאָר איז דאָרטן געלעגן, דער אַרמענער. ער האָט געהאַט בויך־טיפֿוס. ער האָט געהאַלטן אין שטאַרבן. זײַן פּנים איז געווען ווי איבערגעצויגן מיט אַ בלאַס־געלעזערנער הויט, דער קאָפּ איז טיף געזונקען אין קישן, און די אויגן זענען טיף געזונקען אונטערן שטערן. און דער בויך איז געווען געשוואָלן, הויך־אויפֿגעבלאָזן...

ער האָט נישט געקאָנט רירן מיט קיין גליד. נאָר די אויגן האָבן זיך געדרייט. די אויגן זענען געווען לעבעדיק, זיי האָבן אַלץ געזען און אַלץ פאַרשטאַנען. זיי האָבן אים גערופן. ער איז צוגעגאַנגען. זיי האָבן געלאַכט פון אים, זיי האָבן פאַרלאַנגט ער זאָל זיך איינבויגן, מער, נידעריקער. דעמאָלט האָט ער אויך געהערט זײַן קול — שוואַך, ווי אַן אָטעם, איז געווען דער קול פונעם שטאַרבנדיקן: „דו ביסט אַ ייִד?... הער... דיר דערצייל איך. איך שטאַרב די נאַכט... איך ווייס דאָס. איך האָב פאַרסמט פערציק סאָלדאַטן, טערקן, טיפוס־קראַנקע... פערציק... איך האָב געציילט... מײַן ווײַב האָט צוגע־נומען אַ טערק... און מײַנע קינדער... מײַן פאָטער האָבן זיי דערהרגעט... און איך האָב פאַרסמט פערציק... איך האָב געציילט... איך בין צופרידן...“

אפשר האָט ער נאָך גערעדט. אָבער ס'איז שוין גאָר קיין קול נישט געווען. נאָר די אויגן האָבן זיך געדרייט, און געקוקט אויף אים מיט פאַרשטאַנד, און געלאַכט, געלאַכט...

זיי האָבן געלאַכט... זיי האָבן אים גערופן... ער קומט... יאָ, ער קומט. באַלד! באַלד!!! דעם גאַנצן חודש האָבן זיי אים גערופן.

ער האָט נאָר איין מענטשן דערהרגעט — דעם שוואַרצן כאַדש. און אויף דעם האָט ער קיין חרטה נישט. און וועגן דעם האָט ער גאָרנישט געטראַכט די גאַנצע צײַט, און דער זכר פון דעם האָט קיין מאָל נישט געשטערט זײַן שלאָף... אַך, האָט ער אים געכאַפּט פאַרן גאָרגל!... און געקוועטשט, און געקוועטשט... און דערנאָך געגעבן אַ שטויס מיטן פוס — אַראָפּ פון וועג — נבֿלה!... וואָס? אפשר ביסטו אויך געקומען אַהער זען דאָס?... אַוועק דו, הונט!... שוואַרצער קנעכט!... קינדער־גנבֿ!... דאָקטאָר, טרײַב אים אַוועק — אַ'נישט וויל איך נישט!... אַ'נישט גיי איך צוריק אין לאַגער!...

פונק האָט זיך אַנידערגעזעצט און מיט ווילדע אויגן געקוקט אַרום זיך. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל און געגלעט זיך די האָר אויפן קאָפּ מיט אַ באַרויִקנדיקער באַוועגונג. זײַן אָטעם איז געווען שווער, זײַן האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט.

— דער רוח ווייס וואָס! — האָט ער געמאַכט צו זיך מיט אויפרעגונג. — אַזוי קאָן מען טאַקע אויף אַן אמתן משוגע ווערן.

— אסתּרקע, — האָט ער געזאָגט מיט אַ קול פון געבעט, — איך קאָן נישט מער.

און דאָס וואָס ער האָט געזאָגט פון זיך מיט אַלע כּוחות, דאָס וואָס ער האָט אויסגעמיטן די גאַנצע צײַט מיט שרעק און עקשנות, מיט עקשנות פון שרעק, איז אַצינד אַרויפגעשפּרונגען אויף אים, ווי דער וואָלף, דער יעגער, אויפן פאַריאָגטן און אויסגעשעפּטן יונגן הירש.

— אסתּרקע... דו, דו, דו... — האָט ער געשטאַמלט.

ער האָט געכליפּעט. עס איז אים מיט אַ מאָל פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער איז געזונקען אויפן זאַמד.

— זעסטו, — האָט ער געזאָגט, קומענדיק צו זיך. — זעסטו ווי שוואַך איך בין געוואָרן? דו זאָגסט: קום אַהיים! קום אַהיים, זאָגסטו... יעדן טאָג שיסט מען בײַ אונז, די וואָס גייען אַהיים... ס'איז דאָ נישט דמשׂק... און נישט באר שבֿע... פון דאַנען קומט מען נישט... איך האָב שוין געטראַכט, איך האָב געמאַכט פּלענער — אוממעגלעך... און ס'איז מיר אַלץ איינס... איך בין אַזוי שלאַף געוואָרן... איך וויל רו... רו וויל איך!... וואַרטן ביזן סוף? נישטאָ קיין סוף... ווער קיין מאָל נישט זײַן... אײן סוף איז נאָר דאָ...

אַרום דעם פונקט האָט זיך געשלאָגן זײַן געדאַנק, צו דעם פונקט איז ער צוריקגעקומען נאָך יעדער אָפּווייכונג. עס ווערט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן, אָבער ער קאָן דאָס ענדיקן. עס איז געווען אַ תאווה אין אָט דעם פילן פון זײַן כוח צו צערײַסן די בענדער פון לעבן. עס איז צוערשט צו אים געקומען נאָר אין די מינוטן פון אויפרעגונג און האָט געהאַט אַ כאַראַקטער פון נקמה. אָבער ענדלעך האָט דאָס אים באַוועלטיקט. די בעסטע מינוטן פון מנוחה, פאַרן שלאָף, האָט ער אָפּגעגעבן צו די מחשבֿות איבערן טויט, וואָס דאַרף באַלד קומען, וואָס קאָן קומען יעדן טאָג. ער האָט נישט געוואוסט ווען, ער האָט נישט געהאַט קיין געפיל, אַז ער לייגט אָפּ. אים איז געווען קלאָר, אַז איין טאָג — און דער טאָג איז נישט ווײַט — וועט ער זיך זאָגן: הײַנט! — און דעמאָלט וועט דאָס זײַן. און אָט איז דאָס געקומען...

# 23

די ידיעה וועגן פֿונקס טויט האָט לאַנג געוואַנדערט און געמאַכט גרויסע אומוועגן ביז זי איז געקומען קיין ירושלים. דער שרײַבער גדליה באַראַנטשוק האָט זי מיטגעבראַכט פֿון גליל. ער האָט עס געהערט פֿון אַן עסטרײַכישן סאָלדאַט, וועלכער האָט עס געהערט פֿון סערזשאַנט קלײַנמאַן, אַ דײַטשן אונטעראָפֿיציר, וואָס האָט געדינט אין דער אייגענער קאָמאַנדע, ווי פֿונק. עס האָט נאָך געשוועבט אַרום דער זאַך אַ קליין וואָלקנדל פֿון ספֿק. ווער ס'האָט געוואָלט נישט גלויבן האָט געמעגט נישט גלויבן. אָבער באַראַנטשוק האָט געוווּסט, אַז ס'איז אמת.

עס איז געווען אַ וואָך נאָך פּורים, אַ פֿינצטערער אָוונט, דער הימל פֿאַרוואָלקנט, ווען דער שרײַבער האָט זיך אַרײַנגעגנבֿעט אין שטאָט, צופֿוס, אַ דעזערטיר, מיט אַ פֿאַלשן שפּאַנישן פּאַס אין קעשענע. ער האָט אויפֿגעזוכט אַנזעלמוס מייער, דעם באַנק־אָנגעשטעלטן, און געבליבן בײַ אים נעכטיקן.

זיי זענען געזעסן ווי אַמאָל בײַ דער רוישנדיקער טיי־מאַשינקע. דער בעל־הבית האָט געקאָכט פּאָנטש לכּבֿוד דעם גאַסט. דער פּאָנטש איז אויסגעקומען רויט און פֿעט, און קלעפּיק, און ווען מען האָט אים אַראָפּגעשלונגען איז געבליבן אַ געשמאַק פֿון ריצינאייל. דאָך האָט ער אויפֿגעלעבט דאָס צעקנייטשטע און געזונקענע פּנים פֿונעם שרײַבער, און אויף די פֿול־פֿליישיקע באַקן פֿונעם באַנק־אָנגעשטעלטן האָט ער אָפּגעשלאָגן מיט טונקל־רויטע היץ־וועלן.

גדליה באַראַנטשוק האָט דערציילט:

— מען האָט אים געפֿונען, וואָס מען האָט געפֿונען פֿון אים, ערשט אויפֿן דריטן טאָג, אין דער פֿרי. מען איז געגאַנגען נאָך די טריט. די טעג זענען געווען שטילע, אָן ווינט, און די טריט זענען נאָך נישט פֿאַרשאָטן געוואָרן. אַ מהלך פֿון דרײַ שעה פֿון לאַגער. סערזשאַנט קלײַנמאַן, אַ דײַטשער ייִד, איז געווען דערבײַ. דערקענען האָט מען נישט געקענט. ס'איז מער נישט געבליבן, ווי אַ שטיק פֿוס אין אַ שוך און עטלעכע ביז גלאַט אַרומגעפּרעסענע ביינער. היִענעס אָדער שאַקאַלן... דער קאָפּ איז נעלם געוואָרן. צעפֿליקטע שטיקער

געוואָנט זענען געלעגן צעשטרייט — נאָך זיי האָט מען דערקענט דעם דײַטשן אוניפאָרם. און מער קיינע סימנים. מען האָט געמיינט — אפשר זענען אים באַפאַלן בעדויִנער? אָבער, ניין — די ביקס איז געלעגן דערבײַ. די בעדויִנער וואָלטן נישט איבערגעלאָזט קיין געווער. די ביקס איז געווען ווי אַלע ביקסן, און דער שוך איז געווען ווי אַלע שיך אין דער אַרמיי — פון זיי האָט מען קיין זאַך נישט געקאָנט וויסן וועגן דעם מענטשן. און ער איז נישט דער איינציקער, וואָס האָט געפעלט אין יענע טעג. יעדן טאָג פלעגן פעלן עטלעכע. אָבער, ס'איז גלאָט אַזוי די רייד. איך ווייס, אַז דאָס איז ער. פיר חדשים זענען אַריבער, ווי ער איז נישטאָ... ס'איז קלאָר, אַז דאָס איז ער.

— אָבער וואָס איז די סיבה? — האָט געפרעגט מייער.

— קליינמאַן, דער סערזשאַנט, זאָגט: דעפרעסיע, מעלאַנכאָליע, און נאָך אַזעלכע זאַכן. ער איז זיכער, אַז פונק האָט זיך שוין לאַנג אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק וועגן נעמען זיך דאָס לעבן. איין מאָל אָדער צוויי מאָל האָט ער זיך אַרויסגערעדט גאַנץ דײַטלעך.

— און ווען ער איז דאָ געקומען אויף אַ פאָר טעג, פאָראַיאָרן זומער, האָב איך אים געזען, — האָט באַמערקט מייער. — און ער איז מיר פאָרגעקומען שטאַרק נישט פריילעך... אַזאַ נישט־פרייִלעכקייט, וואָס לייגט זיך ווי אַ גרונד אויפן דעק פון דער נשמה, און וואָס אַלץ, וואָס איז איבער דעם, איז פאַרבײַגייענדיק און גרינג, אָן אַ וואָג — עס קאָן צו יעדער מינוט אַראָפּגעבלאָזן ווערן... און דאָס, אונטן, בלײַבט...

ער האָט דערציילט נאָך פּרטים וועגן זייער לעצטער באַגעגעניש.

— ס'איז טשיקאַווע! — האָט ער אויסגערופן צום סוף, ווי פאַרוואונדערט — וויפל שוואַכע און קרענקלעכע, פּחדנים און נאַראָנים, און גאָרנישטן וואַרפן זיך, און דרייען זיך, און האַלטן אויס, און וועלן אויסהאַלטן די גאַנצע צײַט... און וועלן איבערלעבן די מלחמה... און וועלן בלײַבן גאָרנישטן אויך דערנאָך... און ער, וואָס ער איז געווען אַזוי געזונט אין לײַב און זעל — ער איז געפאַלן... ער איז צעבראָכן געוואָרן און געפאַלן פון די ערשטע... ס'איז אַ ליגן, וואָס מען זאָגט, אַז אין אַ מלחמה קומען אום די שוואַכערע, און די שטאַרקערע לעבן אויס! אומעטום קומען אום צוערשט און צום מייסטן די שטאַרקערע... ווײַל אויף זיי פאַלט די גרעסערע לאַסט...

זיי האָבן לאַנג געשוויגן.

באַראַנטשוק האָט געטראַכט וועגן דעם ווי ער און פונק האָבן צוזאַמען געיאָגט דעם היישעריק אין איינער פון די קאָלאָניעס אין יהודה. פאַר צוויי יאָרן זומער איז דאָס געווען, די מיידלעך, די אַרבעטערקעס, האָבן זיך פאַרליבט אינעם שיינעם סטאָליער — נישט אין אים, באַראַנטשוקן... זיי זענען געגאַנגען אין צווייען שפּאַצירן, און זענען געלעגן אין אַ וועלדל. זיי האָבן גערעדט. מיט לוסט און פרישקייט האָט געוויינט פון אָט דעם יונגן בחור, מיט

אַזאַ זאַפּטיקייט, ווי פון די גרינע ביימער, וואָס אַרום אין וואַלד. און מיט וואָס פאַר אַ רויִקער זיכערקייט אין זײַנע כּוחות! אַזוי געדיכט און גאַנץ איז געווען דאָס געפיל פון לעבן, וואָס האָט אים דעמאָלט אָנגעפילט, ווי דער פאַרלאַנג פון אַ קינד, ווי דער צאָרן פון אַן אַלייגהערשער! ווי איז דאָס אויסגעגאַנגען? דער לאָגל איז דורכגעשטאָכן געוואָרן און דער ווײַן — אַרויסגערונען. עס איז געוואָרן פּוסט. דער זין פון זײַן איז פאַרלאָרן געגאַנגען... ער איז געזונקען אויף אַ בערגל זאַמד, אין מיטן פון דער וויסטעניש...

באַראַנטשוקס זכרונות האָבן אים געפירט נאָך ווײַטער צוריק. ער האָט זיך געזען אין דער טיף פונעם מדבר עריש, אויפן וועג קיין מצרים. טאָג־אײַן, טאָג־אויס זענען זיי געגאַנגען, דער רוקזאַק האָט געדריקט די פּלייצעס, די זון האָט געברענט, געמאַכט גליִענדיק די לופט און דעם גרויען זאַמד, וואָס אונטער זייערע פיס. די אויגן זענען פאַרגאָסן געוואָרן פון הייסן שוויס. באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ... און די נעכט זענען געווען קילע און שטערנדיקע. שלאָנגען האָבן געשאָרכט צווישן די דערנער. איינע האָבן זיי דערהרגעט — אַ גרויסע, אַ גיפטיקע... יענע נעכט אין מדבר...

ער האָט גענומען אַ שטיקל פּאַפּיר און אָנגעשריבן אויף דעם עטלעכע שורות.

— וואָס שרײַבסטו? — האָט געפרעגט מייער.

באַראַנטשוק האָט אים שווײַגנדיק דערלאַנגט דאָס פּאַפּירל.

מייער האָט געלייענט:

„איך ווייס, דיך האָט אײַנגעשלונגען דער מדבר,
איך ווייס — פאַרוואָס, —
אָבער ווי איז דאָס געשען אין דער אמתן —
דאָס ווייס איך נישט.
„איך קען דיך,
איך קען דעם מדבר,
איך דערצייל פון אײַךביידן —
אָבער דאָס וואָס איך דערצייל — איז נישט אמת."

— ווען איך וואָלט געשריבן וועגן אים וואָלט דאָס געווען דער עפּיגראַף, — האָט געזאָגט באַראַנטשוק.

— נעכטן בין איך פאַרבײַגעגאַנגען אין „נחלת יהודה", — האָט זיך אָנגערופן אַנזעלמוס מייער, — האָב איך זי געזען מיטן קינד — אַ ייִנגעלע פון דרײַ חדשים — אַזאַ שיינס און געזונטס! אויבן, אויפן באַלקאָן, זענען זיי געזעסן. זי האָט געלאַכט. זי האָט נישט געוואוסט, און איך האָב נישט געוואוסט... און דאָס קינד האָט געצאַפּלט, ווי אַ פישל. אין גאַנצן — ער, זאָג איך דיר: די נאָז, דער שטערן... ווילסט נאָך פּאָנטש?

זיי האָבן אויסגעטרונקען.

באַראַנטשוק האָט זיך פֿאַרקרימט.

— ריצינאייל! — האָט ער געזאָגט קורץ און ברוגזדיק.

— און עס שפּרינגט אַרויס אַ נײַ לעבן, — האָט גערעדט ווײַטער דער באַנק־אָנגעשטעלטער. — זאָלן אַוועקגיין די אַלטע, זאָלן אַוועקגיין די יונגע — אַלעמאָל שפּרינגט אַרויס נײַ לעבן.

— יאָ, יאָ, — האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ באַראַנטשוק.

די ווערטער האָבן זיך אויסגעלאָזן.ביידע זענען געזעסן שטיל.

מיט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן, טראָגט אונטער דער פאַרלאַג „דער קוואַל" דעם ייִדיש־לייענער, דעם ראָמאַן „ירושלים אין שאָטן פון שווערד", פון אַ. ראובני, וועלכער לעבט און שאַפט אין די לעצטע פופציק יאָר אין ירושלים.

¶ מיט דעם בוך, זעצט פאָר דער פאַרלאַג „דער קוואַל" זיין צוזאָג וואָס ער האָט געמאַכט דעם ייִדיש־לייענער, ביים באַנייען די פאַרלעגערישע אַרבעט אין אַמעריקע, אַריינצוברענגען די העברעיִשע שאַפונגען אין ייִדיש, און אַזוי־ערנאָך באַרייכערן דעם אוצר פון דער ייִדישער ליטעראַטור און געבן אַ תיקון דער באַרימטער לאָזונג פון בעל מחשבותן: איין ליטעראַטור — צוויי לשונות.

¶ אַ. ראובני איז ניט קיין פנים חדשות אין דער ייִדישער ליטעראַטור. נאָך אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך באַרימט געמאַכט מיט אַ גרויסער צאָל קרעפטיקע דערציילונגען און ראָמאַנען וואָס האָבן זיך געדרוקט אין דעם באַקאַנטן ליטעראַרישן זשורנאַל „די ייִדישע וועלט", אַרויסגעגעבן פון ב. קלעצקין פאַרלאַג אין ווילנע, און איז שטאַרק געלויבט געוואָרן פון דער קריטיק. זיינע שאַפונגען האָט ער שפּעטער אַליין איבער־געזעצט פון ייִדיש אויף העברעיִש, אָבער לעבנדיק ווייט פון די גרויסע ייִדישע צענטערס ווו עס האָט אויפגעבליט די ייִדישע ליטעראַטור, איז שוואַכער געוואָרן זיין פאַר־בינדונג מיט דעם ייִדיש־לייענער און די גרעסטע צאָל

ווערק, וואָס אַ. ראובֿני האָט געשריבן, זײַנען צום דאָזיקן לייענער נישט דערגאַנגען.

¶ דער איצטיקער ראָמאַן שילדערט אַ ווינקל פֿון דעם ייִדישן לעבן, וואָס האָט קיינמאָל ביז איצט נישט געקראָגן קײַן אָפּשפּיגלונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור, דאָס איז ירושלים אונטער דעם טערקישן רעזשים אין דער צײַט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער חלום פֿון אַן איי־גענעם היימלאַנד איז נאָך דעמאָלט אויסגעוויינט און אויס־געזונגען געוואָרן פֿון ייִדן איבער דער גאָרער וועלט אין די תּפֿילות.

¶ אַ. ראובֿני גיט אונדז אומפֿאַרגעסלעכע בילדער פֿון ייִדישער נויט און געפֿאַלנקייט, פֿון שיינקייט און העלדיש־קייט אין גלות בײַ די טערקן.

¶ דאָס איז די עפּאָכע, ווען געציילטע מוטיקע ייִדן פֿון אַלע עקן וועלט האָבן דורכגעבראָכן גרענעצן און געקומען אין דער דעמאָלטיקער פּאַלעסטינע, מיט דעם עקשנותדיקן ווילן זיך אײַנצוגראָבן מיט די נעגל אין איר באָדן, בכדי אויסצובויען אַן אייביקע היים פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק.

¶ עס איז געווען די צײַט, ווען אין יעדער ייִדישער שטוב איז געהאָנגען אַ פּושקע פֿאַר „ר' מאיר בעל הנס" אָדער פֿאַר „כּולל ירושלים" און אונדזערע פֿרומע מאַמעס און באָבעס האָבן פֿרײַטיק פֿאַר ליכט־צינדן געוואָרפֿן אַהין זייערע קאָפּיקעס, בכדי ייִדן אין דער הייליקער ירושלים זאָלן קענען לערנען תּורה און נישט וויסן פֿון קיין זאָרג. משולחים זײַנען אַרומגעפֿאָרן איבער דער וועלט און צו־זאַמענגענומען דאָס געלט פֿון די פּושקעס און געברענגט דאָס קיין ירושלים, קיין צפֿת, קיין חבֿרון.

¶ אין דעם ליכט פֿון דעם דאָזיקן ראָמאַן וועלן מיר בעסער זען און אָפּשאַצן די איצטיקע אויפֿגעריכטע ירושלים, די ירושלים של מעלה, די ירושלים של גבֿורה, די יעניקע

ירושלים, וואָס איז געוואָרן אַ צענטער פֿון תּורה און לערנען און אַ קוואַל פֿון דערהויבונג פֿאַר ייִדן אומעטום.

¶ דער שריפֿטשטעלער אַ. ראובֿני מיט זײַן פּרעכטיקן אידיאָמאַטישן ייִדיש לשון, גיט אונדז אויך אין דעם ראָמאַן אַ עפּישע שילדערונג פֿון דעם אייביקן ירושלים, פֿון דעם מדבר, פֿון די ענדלאָזע בערג און וויסטענישן, ווו גאָטס וואָרט איז אויפֿגעגאַנגען מיט טויזנטער יאָרן צוריק, בכדי זיך צו פֿאַרשפּרייטן איבער דער וועלט און צו זײַן אַ ליכט און אַ טרייסט פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט.

ישׂראל לאָנדאָן

